גאָלדע קרימער

# בעסאראביע אין 1918

ראָמאַן



בוענאָס איירעס
— 1940 —

דעם בוך ווידמע איך די קעדוי־
שים וואָס ווערן דאָ דערמאַנט.

דער בוך איז ארויסגעגעבן געוואָרן מיט
דער מיטהילף פון אַ גרופּע בעסאַראַבער.

# א. — א י ד י ל י ע

דער שניי איז האַרט, ווי אין דער ערד איינגעמויערט און עס שפּילט זיך אויף אים דער פּאַרטאַגיקער הימל מיט זיינע ווייסע פּראַסטיקע לאַקן. אין מיזרעך זייט לאָזט זיך אַראָפּ אַ רויטער פּראַסטיקער פּאַס אויף דעם ווייכן פאַרשנייטן באַרג־שפּיץ. אינדערלופטן טראָגן זיך פליטערלעך ווי בריליאַנטלעך פון די שטייניקע בערג אַראָפּ און בלייבן ליגן אויף די נאַקעטע געפרוירענע ביימער.

אפן הויף פונעם שטעטלשן איינפאָר־הויז האָט זיך די שווערע קאָרידאָר־טיר געעפנט און אַ יונג מיידל אין אַ רויט געפּאַלדעוועט ווינטער־קלייד, אין אַ פעלצל און אַרבל, מיט אויסגענייטע גרינע ביימעלעך אַרום קאָלנער, איז אַרויס אין דרויסן. דער ווינט האָט איר פון די הענט די טיר אַ ריס געטון און מיט אַ טרוקענעם קלאַפּ צוריק פאַרהאַקט.

דאָס איז סאַרקע, די איינציקע טאָכטער פונעם אידן יאָסקע און זיין ווייב רייזל, וואָס האַלטן דעם איינפאָר־הויז.

די שאַרפקייט פון דער טרוקענער לופט, די אַרומיקע סקריפּענדיקע ווייסקייט לאַקט איר, דער זאַרגלאָזער באַס־יעכידע. זי גיט אַ פרײדיקן פאַריים דעם קאָפּ, גיט אַ צענעם די הענט און ציט אַריין אין זיך דורכן מויל און די נאָזלעכער די פּראַסטיקע שניידנדיקע לופט. זי גיט אַ שפּרונג אויף דער טיף פאַרשנייטער באַנק לעבן גאַניק, פּילט נישט דעם שניי וואָס גרייכט איר ביז די קניען, קוויקט זיך מיט דעם פּראָסט: א, א, און וואַשט זיך איר שמאָל לענגלעך פּנים און דעם האַלדז מיט שטיקער געפרוירענעם שניי. באַלד גיט זי אַ אומצוטרוילעכן קוק זיך אַרום, שפּיצט אויף די אויערן ווי אַ האָז אַ דערשראָקענער:

— יאָ, זי גייט! דער שניי סקריפּעט!...

# ג אָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

סאָרקע גיט אַ שפּרונג צוריק אפן גאַניק און זעצט זיך אַראָפּ אף די קניען הינטערן קליינעם פארשנייטן ווענטל.

אַן אַלטע פּויערטע מיט צוויי עמערם זודיקע וואַסער אין די הענט מאכט ברייטע שווערע שפּאַן צום ארויסגאַנגס טויער. דער ווינט טרייבט די שפּיצן פון איר געבלימטער פּאַטשיילע אפן קאָפּ, וואָס שמייסן איר רויטן, פון פראָסט אָנגעבריענטן פּאָנעם. דער זוים פון איר ברייטן געקליבעוגעם קלייד, אַ געפּרוירענער פונעם שלעפּן זיך אין שניי, קלאַפּט איבער די ברייטע כאָליעוועס פון אירע געלע יוכטענע שטיוול.

זי שטעלט אוועק די עמערם אינעם שניי, נעמט אריין די שפּיצן פּאַטשיילע אין די ציין, גיט אַ צענעם די הענט, גיט אַ פּאָר פּאָכעס מיט זיי און קלאַפּט זיך אין די זייטן. ווען זי איז שוין דערוואַרעמט, נעמט זי אַרומגיסן מיט היים וואַסער די געפּרוירענע שפּאַרעס פונעם טויער. דאָס אייז טרעשטשעט ווי אונטער אַ שאַרפער האַק, אַ געל ריטשקעלע פון זשאַווערדיקן אייזן שלענגלט זיך איבערן זויבערן שניי און נעמט גלייך גליווערן. זי שאַרט אַוועק די שטיקער אייז מיט דעם אָנגעפאַלענעם שניי און מאכט פון זיי צוויי שמאָלע בערגעלעך, פריזבעלעך באַ ביידע זייטן טויער. זי נעמט דערנאָך אַן די אייזערנע אוירן באַ ביידע זייטן טויער, גיט אַ שטאַרקן שלעפּ צו זיך און אַ פּארסאַפּעטע, מיט אַ פּאַרדויבענער ברוסט בלייבט זי שטיין צווישן די צעעפנטע צוויי העלפטן טויער. זי שפּייט זיך אַן אין די דלאָניעס און מיט דער פּלייצע שטופּט זי צו די זייטן טויער צו דער וואַנט. אינצווישן בלייבט אַ שטיק פּלאַץ ווי מיט אַ בעזים אָפּגעקערט.

סאָרקע גיט אַ גנייווישן קוק פון הינטערן ווענטל אפן הויף: זי איז נישמאָ אוליאַנאַ!... און זי גיט אַ שפּרונג איבער אַלע טרעפּ אין שניי אַריין און בלייבט אין אים ליגן ווי אין אַ קאַלטן פּוכענעם איבערבעט.

— שוין ווידער! שוין פארגעסן די נעכטיקע קלעפּ? סאָרקע! סאָרקע! — האָט די פּויערטע געשריגן.

סאָרקע גיט זיך שנעל אַ שטעל אויף און נעמט אף גיך אָפּקלאַפּן פון זיך דעם שניי. זי האָט באַדויערלעך אַ קוק געטון אפן שניי: אַן אַווירע, ניט גוט ארויסגעקומען דער מענטש!...

# בעסאראביע אין 1918

די פּויערטע, אַ גליַיכע איז געשטאַנען אַנטקעגן סאָרקען:

— געדענק, איכ׳ל דיך פאַרשפאַרן אפן אויוון! אַזאַ פאָדלעסט!...

סאָרקע קלאַפּט מיט די פיס איינעם שניי און ווישט זיך די אויגן מיט אַ שפּיץ פאַטשיילע:

— כ׳האָב געמיינט, אוליאַנאַ, ביזט שוין אין שטאַל, מעלקסט די בעהיימעס...

די פּויערטע גיט איר אַ קוק אין פּאָנעם אַ דערשראָקענע:

— וואָס, דו וויינסט, באַבאָקולי מיינס (יונג גענדזעלע), וואָס האָב איך דען געמיינט מיט דעם, דו גאָלע גאָרנישט איינע?!

סאָרקע שטעלט אף איר אָן גרויסע טיף־בלויע רויזן־אויגן און אַ לויטערער שמייכל צעגיסט זיך אף איר טונקל ביינעוודיק פּאָנעם.

— אוליאַנאַ, מיר איז מעסוקן סקוטשנע און טרויעריק, לערן מיך אַרבעטן, לערן מיך מעלקן די קי.

די פּויערטע נעמט ארום סאָרקען און טוליעט זי צו זיך:

— אַ בראָכע, סאָרעלע, אין דיינע הענט, אַ גאָלדענע באַלעבאָסטע זאָלסטו מיר אויסוואַקסן.

סאָרקע קלאַמערט זיך ארום אוליאַנאַן. דער ווינט טראָגט זיי ביידן, פאַרייסט זיי די קליידער, טרייבט די שפּיצן פאַטשיילעס און שמייסט זיי איבער די פּענימער דעם שניי, וואָס עס יאָגט פון די ביימער און פאַרהאַקט זיי דעם אָטעם.

זיי גייען צו צו אַ גרויסער פּירקאַנטיקער שטאַל מיט אַ נייעם שינ־דלענעם דאַך. אינעם איבערדרייען דעם שליסל אין דער טיר, האָבן די בעהיימעס דערקענט ווער דאָס גייט צו זיי.

פיר גרויסע געפלעקטע קי מיט פולע אייטערס, וואָס באַמבלען זיך צווישן זייערע הינטערשטע פיס, האָבן די העלדזער צו דער טיר אויס־געשטרעקט:

— מו ־ הו !

אוליאַנאַ זעצט זיך אוועק אף אַ קיילעכיק הילצערן בענקעלע און סאָרקע אַנטקעגן איר אף אַ קליין אונטערגעשניטן קלעצל. די פּויערטע גיט אַ שלעפּ איין קו פאַרן הינטערשטן פוס און שטעלט איר אונטער

דאָס מעלק־שעפל. זי גיט א לייכטן פיר מיט די פינגער איבער די שטייפע וואָרצלען פונעם אייטער, די קו גיט זיך א צאַפּל, טוט א פּערקע מיטן הינטערשטן פוס אוליאַנאַן אין פּאָנעם, פאַרייסט דעם קאָפּ צו דער סטעליע און בעט זיך ראַכמאָנעסדיק מיט אירע גרויסע קועגע אויגן:

— מו ־ הו !

— זעסט, סאָרקע, ווען א בעהיימע פארשטייט נישט דיין גוטסגייט, פּערקעט זי דיר מיטן פוס אָדער מיטן ווידל גלייך אין פּאָנעם אריין.

די פויערטע זעצט זיך אריין צווישן דער בעהיימעס פיס, שפּאַרט אונטער דער קו דעם בויך ווי זי וואָלט געווען א קעלבל און פּאָרזיכטיק נעמט זי ציען די וואָרצלען פונעם אייטער. פיר וואַרימע שטראָמען מילך ריזלען זשומענדיק איבער דער פויערטעס פינגער אין מעלק־שעפל אריין.

אויסגעמאָלקן די בעהיימעס, בייגט זי אראָפּ סאָרקעס קאָפּ צום קענדל מילך:

— טרינק, סאָרקע, באַבאָקולי מיינס, פארגינס דיר דיין קאָשערהערצעלע, וועסטו קויעך האָבן איבערצוטראָגן די ביטערע צייטן. ווינציק וואָס טאַטע־מאַמע האָבן אמאָל געפּאַטשט, וואָס דער מאַן, — א רועד אין זיינע יאָרן אריין — האָט א לעבן לאַנג געפּאַטשט, פּאַטשן שוין איצט ווילדע פרעמדע, די רומענישע מערדער, סאָרעלע, פּאַטשן אונדז!...

סאָרקע מאַכט גרימאַסן מיטן פּאָנעם און דריגעט אוליאַנאַן מיט די פיס:

— לאָז אָפּ, אוליאַנאַ, איך שטאַרב, די מילך שטינקט.

די פויערטע שמייכלט צופרידן:

— סאָרעלע ציגיינער, מיעס ביזטו ווי דער טויט, ווער, סאָרעלע ציגיינער, וועט מיט דיר כאַסענע האָבן?

סאָרעלע ווישט זיך אָפּ דאָס פּאָנעם פון דער מילך און סאָפּעט שווער:

— האָסט מיך שיר נישט דערטרונקען אוליאַנאַ.

די פויערטע לייגט ארויף די הענט צו זיך אפן גראָבן בויך:

— מיעסקייט, ווער וועט מיט דיר כאַסענע האָבן?

אין קיך פלאַקערט שוין א פייער אין אויוון, רויטע און בלויע ציג־

# בעסאראביע אין 1918

גער לעקן די גרויסע טעפּ זויערמילך וואָס האָבן זיך דאָרט געוואַרעמט. גרויסע קופּערנע בעקנס און פאַנען בליאַסקען אַראָפּ פון די ווענט. סאָרקע גיט אַן עפן די טיר פון דער קיך מיט א פרייליכן געשריי:

— איצט, אוליאַנאַ, וועל איך אויסשלאָגן די פּוטער, איך וועל דיר העלפן אַרבעטן, אוליאַנאַ!

די פּויערטע שניידט אויס אַ שטיק ווייס טייג וואָס יערט אין דער מילטער, צעפּלעטשט דאָס און לעכערט דאָס דורך מיטן שפּיץ פונעם מעסער:

— אַט וועל איך דיר אָפּבאַקן אַ פלאַם־פּלעצל, סאָרע.

אָפּגעבאַקן, ברענגט זי דאָס אויף און לייגט אַריין אַ שטיק געלע גרייפּלדיקע הינער־שמאַלץ.

— נאַ, סאָרע, עס, ווייל ס׳איז היים, קאַלטערהייט וועט דאָס האָבן ד יי ן טאַעם.

אוליאַנאַ צעבויטעט אַ גרויסן בוטל געפּראַוועטן בראָנפן פון אַלערליי קרייטעכצער און געווירצן און טראָגט אים צו צום מויל. זי פּאַרהוסט זיך, פאַרכלינעט זיך און גיט אַ זאָג:

— די מאַמע דיינע, סאָרע, וועט ברענגען דעם דאַלעס אין שטוב אַריין; אַף שאַבעס אָנגעבאַקן אַ לעקעך ווי אַ קעלבל די גרויס — מאָנ־טיק, קיין שטיקל צום פאַרבייסן טרעפסטו נישט... די גאַנצע גאַס פרעסט אונדזער לעקעך.

סאָרקע דערשרעקט זיך פאַר דער פּויערטעס רויט געוואָרענעם פּאָ־נעם און מיט בראָנפן אָנגעגאָסענע אויגן:

— אוליאַנאַ, איך וויל ניט זאָלסט טרינקען אַזוי פיל בראָנפן... קענסט נאָך כאָלילע פּייגערן, ביזט שוין אַלט, אוליאַנאַ, היט דיך אָפּ.

די פּויערטע דריקט צו סאָרעס קאָפּ צו איר[e] גרויסע ליידיקע ברוסטן:

— סאָרעלע, באַבאָקולי מיינס, הינט זאָלן פּייגערן. אוליאַנאַ, סאָ־רעלע, האָט דיך אין פּוטער און אין מילך געבאָדן... אוליאַנאַ וויל שטאַר־בן, פּייגערן זאָלן הינט, סאָרקע!...

— שווייג, אוליאַנאַ, — האָט זי סאָרקע געגלעט איבער דער פּלייצע — מאַכסט מיך שוין ווידער טרויעריק.

— טרויערן, סאָרעלע, זאָלן מיר נאָך אים, נאָך דעם רומעניש׳ן גאַז־לען, נאָך דימיטראָן, און גיי, ליידיקגייערן, שלאָג מיר נאָר אוים די פּוטער. — האָט איר אוליאַנאַ אונטערגעטראָגן דאָס אויסשלאָג־דייזש־קעלע מיט דער זוירמילך.

סאָרקע זעצט זיך אַוועק אַף אַ קליין בענקעלע, נעמט אריין דאָס דייזשקעלע צווישן די פּיס און גיך און אומגעשיקט נעמט זי אויסשלאָגן די פּוטער.

אוליאַנאַ טוט אַף איר אַ בייזן קוק:

— זע נאָר, סאָרע, ווי די מילך שפּריצט פון דייזשקעלע ארוים! דאָס פּאָנעם איז בא דיר פול מיט סמעטענע, שלימעזאַלניצע!

אוליאַנאַ שטעלט זיך אראָפּ לעבן סאָרקען אַף די קניען און מיט א ווארים איי פירט זי איר איבערן פּאָנעם:

— אַזוי ווי דאָס אייעלע איז פריש און קלאָר, אזוי פריש און קלאָר זאָל זיין סאָרעלעס פּנימל. — און באלד האָט זי איר דערלאַנגט אַ טעפּל האָניק מיט מילך:

— נעם עפּעס אין מויל אריין, סאָרע, וועסט בא אונדז אומפאַלן פון הונגער!... מען לעבט דאָך נאָר פאר דער קרעטשמע! קרעטשמע און קרעטשמע! סיידן פון באָזשע דוך האַלטסטו דיך אַף דיינע הינערישע פּיסלעך...

— אז דו וועסט מיך לאָזן אַליאָשע זאָל מיך שלעפּן אין זיין שלי־טעלע, וועל איך טרינקען! אַך, אַ שליטעלע איז דאָס, אז ער טוט מיך אַזוי אַ לאָז אַפּ מיט דעם אַפּן בארג אָדער אַפּן טייך, טראָגט עס ווי אַ רועך אַ מעלאַמעד...— רעדט סאָרקע נאָכעסדיק און אוליאַנאַ וואָרנט איר:

— סאָרע, סאָרקע, אַ לייטישע אידישע טאָכטער טאָר זיך נישט שליטלען אַפּן אייז. טאַמער וועט א מוזשטשין דערזען אַ שטיקל פון דיין נאַקעט לייב, וועט געבוירן ווערן אַ שעד, אַ נישט גוטער, די ערד וועט ברענען אונטער דיר גיין איילן די טיף, נאָך האַלבער נאַכט וועלן די נישט גוטע אריינקריכן דורכן קוימען, וועלן דיך פּארשלעפּן אין אַ פינ־צטערער הייל און מאַכן פון דיר אַ הונט אָדער אַ כאַזער. זיי וועלן דיך מוטשען און פּייניקן, שפּעטער וועלן זיי דיך ארויסלאָזן אַף דער וועלט

און מענטשן וועלן שלאָגן און דערנידעריקן, דיך פּייניקן און אומברענגען אין די שרעקלעכסטע ליידן...

שפּעטער וועט דיין נעשאָמע ווידער מעגולגל ווערן און אַז דו וועסט זיך, באַבאָקולי מיינס, אויפירן ערלעך און פיין, וועסטו לאַנג לעבן און איבער הונדערט יאָר וועסטו גיין גלייך אין גאַניידן אריין, זיך פרייען מיט די הייליקע צאַדיקים. טאָמער אָבער פירסטו דיך אויף ווי איצט, אוי וויי, וועט דיין זינדיקע נעשאָמע וואָגלען און בלאָנדזשען איבער דער וועלט — האָט זיך די פּויערטע פרום צעשאָקלט — איבער קלויסטערס און איבער שילן, איבער צווינטערס און בעסוילעמס, אייביק וועט זי בלייבן אָפן אוילעם האַטויע.

סאָרקעס אויגן זיינען גרעסער געוואָרן, די שרעק פון זיי געשפּריצט. אירע הענט און פיס זיינען איר מיטאַמאָל ווי אָפּגענומען געוואָרן. זי האָט דעם ביסן פון מויל ארויסגעשפּיגן:

— איך קען נישט עסן, אוליאַנאַ — האָט זי אַ שווערן סאָפּע גע־טון. — זי האָט זיך אויפגעהויבן פונעם בענקעלע און זיך געטוליעט צו דער פּויערטע:

— זאָג, אוליאַנאַ, וואָס דאַרף מען טון נישט צו זינדיקן? און וואָס הייסט געזינדיקט? איך האָב מוירע, טאַפּ נאָר אָן מיין האַרץ, אוליאַנאַ!... איך האָב מיך נעכטן געגליטשט אָפן אייז, אַליאָשע דעם סיטניקס האָט מיך געזען אַ פאַל טון מיטן פּאָנעם אַראָפּ...

זי האָט זיך אַ פאַרהויב געטון דאָס ברייטע קלייד און גוט באַקוקט אירע וואַטענע מייטקעס, וואָס זיינען געווען אין די זאָקן אריינגעלאָזט.

— טו נאָר אַ קוק, אוליאַנאַ, דאַכט זיך אַז אויבן צענעמט זיך דער שפּאַלט פון מיינע מייטקעס... אוליאַנאַ, ווער האָט דיר דערציילט אַזוינע מוירעדיקע זאַכן?

סאָרקע האָט זיך צוריקגעזעצט אָפן בענקעלע און האָט אירע דער־שראָקענע אויגן נישט אראָפּגעלאָזט פון דער פּויערטע.

— דאָס שרייבט זיך אין דער הייליקער טוירע, באַבאָקולי מיינס. דער אידישער גאָט איז אַ בייזער און אַ שטרענגער, אַ נעקאָמעדיקער, סאָרעלע — האָט די פּויערטע אַ באַזאָרגטע געערדעט — ווער סע זינ־

## ג א ָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

דיקט אַף דער וועלט, האָט נישט יענע, די עמעסע וועלט. דאָרטן אויבן איז זי, די עמעסע וועלט! — האָט אוליאַנאַ צו דער סטעליע אַ קוק געטאָן. — די זינדיקע קומען נישט אַהין; זיי ווערן געבריענט און געבראָטן אין אַ פייערדיקן קאַלך־אויוון. די נישט גוטע, וואָס האָבן גרויסע קעפּ פון ווילדע אָקסן און כאַזיירים און דאַרע פיס מיט לאַנגע ווײַדלען, טאַנצן מיט זיי אַ ווילדן שיידים־טאַנץ, זיי שלינגען זיי אַריין אין זייערע גרויסע בייכער און האַלטן זיי דאָרט אַ שטיק צייט און שפּעטער שפּייען זיי ווי צוריק אויס. דאָס מויל פון אַ שעד קען מאַכן וואָס דאָס וויל. די שיידים האָבן ליב אויסצוצופּן די האָר באַ די זינדיקע פון די קעפּ און אַרויסרייסן ציינגער פון זייערע מיילער און פאַרשטאָפּן די פּיסקעס מיט הייסע גליענדיקע קוילן..

סאָרקעס גרויס געוואָרענע אויגן האָבן אַ פינקל געטון מיט שרעק און פאַרצווייפלונג. אַ נערוועזע רויטקייט האָט זיך אַף איר פּאָנעם צעגאָסן. זי האָט אַ זינלאָזן קוק געטון אַרום זיך אין יעדן ווינקל און אונטערן אויוון פון דער קיך האָט זי דערזען גרויסע פייערדיקע רייפן, ברייטע פּיסקעס און לאַנגע שאַרפע ציין, וואָס שטשירען אַף איר, שלעפּן זי אַריין אין אַ קרייז פון גרויסע קעפּ מיט שמאָלע פיס און לאַנגע ווײַדלען פון נישט גוטע און דרייען זיך מיט איר אין אַ ווילדן קאַראַהאָד, אין אַ געווירבל פון גרויסע קעפּ מיט גענעם־פייערדיקע אויגן.

---

# ב. — די קרעטשמע

אין הויף זיינען זיך א סאך ברייטע און טיפע מיט שטרוי אויסגעבעטע שליטנס אנגעפארן. די פויערים, ברייטע און פעסטע, ווי פון שטיין אויסגעשניטענע, קלאפן אפ דעם שניי פון די פוישטן און פון די ווייסע פעלצן, אויסגענייטע מיט רויטע, גרינע און בלויע פאדים. די זאכן וואס זיי האבן געבראכט פון דארף אין שטאט אריין צום פארקויפן, זיינען פארשטופט און באהאלטן אונטער דער שטרוי אין די שליטנס. אנדערע זיינען געקומען ליידיק. זיי ווארפן ארויף אויסגענייטע וואלענע טעפיכער די פערד אף די רוקנס און הענגען זיי אן טארבעס מיט גערשטן און האבער אף די העלדזער און... ניט זיי ריידן צווישן זיך און טומלען, ניט זיי באקלאגן זיך איינער פארן צווייטן, אז אף יענעם און יענעם יאריד האט זיי דער זשיפוני *) כייעם אדער בערקע אפגענארט, געגעבן אנשטאט א געווענטענעם אנצוג א פארוסינענעם אדער אז אלטער קאפילעשטער, דער טיטון־פארקויפער, האט פון זעקס לויט טיטון ארומגעקניפט דריי... ניין, זיי טומלען נישט און שעלטן נישט, בייזערן זיך נישט און הויבן נישט די פויסטן אינדערלופטן אנטקעגן דעם זשידאן, דעם שולדיקן אין אלעמענס צארעס... שווייגנדיק טרייסלען זיי אפ פון די קוטשמעס, אף די פוישטן אנגעצויגענע, דעם שניי און לאזן זיי נאסע און גלאנציקע ווי ערשט געבוירענע לעמלעך. טייל האבן זיך אין די שליטנס מיט די פיס אונטער זיך אינעם שטרוי אריינגעזעצט און אויך אזוי שווייגנדיק שלעפן זיי ארויס א קליין שקאליקל בראנפן פונעם בוזים, גיסן עס אריין אינעם טרוקענעם גארגל און פארבייסן מיט א שטיקל רעטשענעם טייג געפילט מיט דיניע אדער מיט זויערקרויט; אנדערע, נאך

---

*) זשיפוני — הער.

מיט שניי אף די ברעמען און אף די לאַנגע שטייפע וואָנצעס, שטייען לעבן די פערד, הערן זיך איין צום געקלינג פון שטאַרקע פערדישע ציין און אָטעמען איין געדיכטע פערדישע פאַרע, דעם רייעך פון סימשקע און גערשטן, וואָס פאַרשפרייט זיך איבערן גאַנצן הויף.

אין קרעטשמע הערשט באַהאַלטענער שרעק און צווייפל. פויערים זיינען פאַראַן ווינציק. די געדיכטע פאַרע וואָס זעצט פונעם גרויסן מעשענעם סאַמאָוואַר, צעשווימט זיך אין אַלע ווינקעלעך פון דער גרויסער פירקאַנטיקער קרעטשמע,דער שניי מיט דעם אָנגעפרוירענעם אייז אף די שויבן, נעמט נאָכלאָזן, א שאַרפע ליכטיקייט שיינט אריין פון דרויסן.

יאָסקע, סאָרקעס פאָטער, אַ מיטלוואוקסיקער איד מיט פעסטע ברייטע פלייצעס, אַ בעסאַראַבער דאָרפס איד מיט א ברוין געדיכט בערדל און טונקל־בלויע רואיקע אויגן, קוקט ארויס דורכן פענצטער אין הויף אריין. אף זיין פּאָנים איז א פאַרדראָס אָפּגעשטעמפּלט און צאַר אין די אויגן באַשטעטיקט דאָס. ער גייט ארויס אפן גאַניק און גיט א זאָג שטיל צו די פויערים:

— אַ גוטן מאָרגן אייך, ברידער!

**די פויערים כאַפּן אראָפּ די קוטשמעס פון די קעפּ און גיבן זיך א שנועל אויף:**

— גוט מאָרגן, גוט מאָרגן, ברודער יאָסקע!

יאָסקע ווערט רויקער. ער איז געוואוינט געווען צו זען זיין קרעטשמע פול מיט פויערים, צווישן וועלכע ער איז אויסגעוואקסן און האָט די מערסטע פון זיי ליב געהאַט. זיי זיינען געווען א טייל פון זיין לעבן. אין ניט נאָר דערפאר וואָס ער האָט געלעבט מיט זיי, נאָנט אין אייגן צו זיי. זייערשט פופצן טעג ווי די רומענער זיינען אריין אין בעסאַראַביע און זיינע פויערים, יאָסקעס, זיינען שוין ניט דאָס וואָס געווען: דערשלאָגן און צעבראָכן, דערשראָקן און ניט זיכערע האָט זיי יאָסקע דערזען. אים האָט דאָס ווייגעטון. ער האָט געשוויגן, נישט געוואָלט זיך צורירן צו זייער פּיישער וואונד וואָס האָט אזוי געבריט און געקוועלט אינעם פויערישן האַרץ.

די פויערים האָבן דערזען יאָסקען, האָבן זיי זיך דערפילט שולדיק

## בעסאראביע אין 1918

אנטקעגן אים און האָבן זיך מיט האכנאָע, ווי פארשווּלדיקטע, זיך גע־נומען שארן אין קרעטשמע אריין און טאקע געוואָלט פארכאפּן א באַ־קוועמער אָרט בא די ווייסע לאנגע טישן לעבן סאמאָוואר.

יאָסקע האָט זיך געבעטן:

— שטופּט זיך ניט אין טיר אלע מיטאמאָל, ס'איז דאָ פּלאַץ פאר יעדן.

ער האָט אָנגעטאָן די יארמעלקע אפן קאָפּ, האָט פארשפּיליעט דעם הויכן קאָלנער פונעם גראָבן וואטענעם לייבל און האָט אָנגעהויבן אויס־שטעלן די גלעזער און אָנגיסן טיי אפן טישל באַם סאמאָוואר. די פּוּיערים האָבן צעשפּיליעט די פּעלצן, אויסגעטון זיך די פארשנייטע פּוּישטן אָדער די שטיוול פון די פיס, די נאסע פארשווייסיקטע האָניטשעס צע־שפּרייט אף די בענק און זיך אוועקגעזעצט אף זיי:

— מירן זיי אויסטריקענען...

מען רייבט איין האנט אָן דער צווייטער, מען הוסט זיך אויס, מען גרעבצט ארוים דעם רייעך פון געקנאָבלטן באָרשט מיט מאמעליגע, וואָס קריכט יאָסקען אין דער נאָז אריין און שטיקט אים דעם אָטעם, כאָטשע ער וואָלט שוין באדארפט זיין געוואוינט צו אים.

יאָסקע צעשטעלט פאר יעדן זיין גלאָז טיי, מיט דריי קלעצלעך צו קער אפן הוילן טיש. איין פּויער, א ברייטער און א דיקער, מיט גרויסע שטייפע וואָנסעס און טונקל גרינע נאַיווע אויגן ווי בא א קינד, שארט פאַרזיכטיק אראָפּ די פאָרציע צוקער וואָס יאָסקע האָט אים מיט דער גלאָז טיי דערלאנגט און לייגט אריין די דריי קלעצלעך צו זיך אין שטיוול:

— אָפּגענארט דעם אידן! — גיט ער א קוועטש מיט דעם רעכטן אייגל צו זיין שאָכן, א צעוואקסענעם פּויער מיט א קיילעכיק בעריש פאר־וואקסן פּאָנים. — די טיי אויסגעטרונקען און דעם צוקער באהאלטן...

ער האלט צונויפגעצויגן זיינע גראָבע פלייששיקע ליפּן, פון וואָס זיי־נע שטייפע וואָנצעס זיינען געוואָרן ווי א קיילעכיק שעטינען בערשטל ארום זיין מויל. די גלאָז טיי האלט ער מיטביידע הענט און זופּט קליי־נע דריבנע זופּעלעך, קעדיי עס זאָל לענגער געדויערן, און ווארפט כוי־זעק־בליקן צו יאָסקען:

— מיין טײ, יאָסקע לעבן, איז זיס. טייערער צוקער, מעבייע!...

דער אַנדערער פויער, מיטן בערישן פאַרוואַקסענעם פּאָנעם, האָט אַרויפגעשטעלט זיין גלאָז טײ אַף זיין פאַרהאַרטעוועטער דלאָניע און זי געהויבן אינדערלופטן פאַר יאָסקעס אויגן:

— זע, יאָסקע, נעשאָמע, מיין גלאָז איז נישט פול. — און דאָס פּאָנעם בא אים קרימט זיך נעבעכדיק און בעט זיך, כאָטש נעם און שענק אים אַ נעדאָווע.

יאָסקע טוט אַ דינעם שמייכל אין זיין געדיכטן בערדל אַריין:

— צאַפּ דיר אונטער דיין גלאָז טײ און ערגער דיך נישט, וואַסיל.

די פויערים הויבן אָן אַרויסשלעפּן פרישע געלע מאַלייעס*) פון די וואָלענע טייסטערס וואָס הענגען בא זײ אַף די פּלייצעס און גרויסע שטיקער געפּרוירענעם כאַזער־שמאַלץ, פאַרטיפן זיך אינעם עסן, אַז גרויסע טראָפּנס שוויס רינען פון די שטערנס אַף די פאַרהאַרטעוועטע, פונעם ווינט צעשמיסענע פּענימער.

— היי, כאַמעס, באָלוואַנישע קעפּ, צום טויזנטן מאָל דאַרף מען אייך דערמאָנען: ברענגט נישט קיין כאַזער אין קיין אידישער שטוב.

די פויערים קוקן זיך איבער דערשראָקן, ווי זײ וואָלטן דערפילט דעם פעלער וואָס זײ זיינען באַגאַנגען אַקעגן זייער זשיפּוני יאָסקע און נעמען זיך פאַרענטפערן:

— וועסט אונז מויכל זיין, פּראַטי*) יאָסקאַ, מיר האָבן פאַרגעסן...

איין פויער, אַ פעסטער און אַ פּירקאַנטיקער, וואָס איז ווי אַ דעמב אַ שווערער די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ ווינקל לעבן סאַמאָוואַר־טישל און וועלכן יאָסקע האָט געלאָזט זיצן קעדיי דער קאַס וואָס האָט אין אים געברענט, זאָל זיך נישט צעברענען נאָך שטאַרקער, האָט מיטן אַרבל פונעם פעלץ אַ וויש געטון זיין האַרטן גלאַטן פּאָנעם ווי אַן אויסגעקלאַפּטע פּאָדעשווע און זיינע קליינע שאַרפע אויגן האָבן אַקשאָנעסדיק געשמייכלט צו יאָסקען:

---

*) מאַלײ — אַ געבעקס פון קוקורוזע־מעל.

*) פּראַטי — ברודער.

— קעז און פוטער מיט אנדערע מאטאָנעלעך דיר ברענגען, יאָס־קא — נאָר עסן ווי מענטשן, דאָס לאָזטו ניט בא דיר אין שטוב...

די פויערים האָבן זיך ווידער איבערגעקוקט. אלעמענס אויגן זיינען געבליבן הענגען אפן פויער, וואָס האָט נאָך אלץ געהאלטן זיינע כויזעק־בליקן אף יאָסקען. — אָנקלאפן אים די ביינער, דעם פארך, דעם זשידאן יאָסקא — האָבן זיך פויערישע ברוסטן געגומען הוידען און גרייט געווען זיךווארפן שלאָגן. נאָר דאָ האָט דער ערשטער פויער אראָפגעלאָזט די וויעס איבער זיינע שארפע גרינע אויגן און אריינגענומען דעם קאָפּ אין די הענט. די פויערים האָבן זיך בארויקט און ווידער זיך גענומען צום עסן. נאָר די אויגן זייערע האָבן נאָך געבלישטשעט און זיך נישט אָפּגע־ריסן פונעם פויער, וואָס איז מיט א געזונקענעם קאָפּ געבליבן זיצן אף זיין אָרט.

פלוצים האָט זיך דער פויער א שטעל אויף געטון און גענומען פּאָ־כען מיט דער רעכטער האַנט צו יאָסקען:

— סע וועט קומען דיין צייט אויך יאָסקע, זי וועט קומען!...

צווישן די פויערים ווערט א געזשומעריי ווי צווישן בינען וואָס מען האָט זיי פונעם בינשטאָק ארויסגעלאָזט. זיי האָבן אָפּגענומען די נאַסע האַניטשעס פון די הינטנס ארונטער און זיי גענומען ווארפן יאָס־קען אין פּאָנעם אריין:

— נא, אָט האָסטו דיר! — האָבן זיי געטומלט און איבערגעשריגן איינער דעם אנדערן — פאר באליידיקן דעם סטופּון*) אנדריי, נא!

יאָסקע איז ווייס געוואָרן ווי קרייד. ער האָט זיינע פויערים פאר־שטאנען און האָט געשוויגן. ער האָט געוואַרט זיי זאָלן אים אָנהויבן פארשטיין... באלד איז ארייגעלאָפן אוליאנא. זי האָט זיך געווישט די נאַסע אויגן אינעם לייוונטענעם פארטוך און האָט זיך צעשאָקלט אקעגן אנדרייען:

— האָסט שוי ווידער פארלוירן דיין קאָפּ, אנדריי, שיינער באלע־באָס... שיינע זאכן קענען די פויערים פון דיר לערנען... און ווי ברענגט

*) סטופּון — עלצטער, אָנפירער.

מען דאָס זינד אין אַ פּרעמדער שטוב אַריין! אַך, אַנדריי! ווייניק האָבן זיי זייערע אייגענע טיפּשעס! זאָל נאָר מאַריצאַ, דיין ווייב, קומען צו אונדז! וואַרט!

דער פּויער טוט אַ פאַרדייגעטן קוק אַף אוליאַנאַן און אַף זיין האַרטן פול־בלוטיקן פּאָנעם צוקט זיך אַ טיפער ווייטיק:

— פאַלט דער וואָגן, פאַלן די רעדער...

די איבעריקע פּויערים באַמקען אים נאָך ווי די שול־קינדער:

— פאַלט דער וואָגן, פאַלן די רעדער...

אוליאַנאַ קען אַנדרייען. זי איז פון זיין דאָרף. זי רעדט צו אים שטיל, באַליידיקט, ווי אַ מאַמע וואָס מוסערט די באַגאַנגענע פעלערן פון אירע געראָטענע קינדער:

— ווינציק טראָג מען איבער פון זיי, פון די כוליגאַנעס, און דו, אַנדריי, ווילסט נישט פאַרשטיין!

וואַסיל האָט אַריינגעשטופּט די בלאָטיקע פינגער אין זיין גלאָז טיי:

— נישט פול מיין גלאָז... — און האָט זיך די פינגער אָפּגעבריט. די גלאָז איז צעזעצט געוואָרן פונעם קלאַפּ אין טיש באַם אוועקשטעלן זי. ער ווישט די פינגער אין דער לינקער זייט פאָלע פונעם פעלץ און צע־עפנט ברייט זיינע צעשראָקענע אויגן:

— זע זשיפוני יאָסקאַ, האָסט מיר געגעבן אַ צעפּיקעטע גלאָז!

יאָסקע קלאַפּט אים איבערן אַקסל:

— נעם וואַסיל אַן אַנדער גלאָז, נאָר זע, נישט קיין צעפּיקעטע.

וואַסיל טוט אַ פאַרשנדיקן בליק אַף יאָסקען און באַלד לאָזט ער אַרונטער דעם קאָפּ. ער לאָזט איבער די נייע גלאָז טיי וואָס יאָסקע האָט אים אונטערגערוקט און מיט פּויערישער געמאָסטנקייט שפּאַנט ער אַרי־בער דעם טיש, גייט אַרויס פון שטוב און קערט זיך באַלד אום צוריק.

— אָט האָב איך דיר געבראַכט אַ ביסעלע שפּייז, יאָסקע סופּלי־טאַ*) — שיינען באַ אים די אויגן און ער שלעפּט איין בינטל נאָכן צוויי־טן וואָס ער האָט אַריינגעטראָגן אין דער פאָלע פון זיין פעלץ. ער שמייכלט

---

*) סופּליטאַ — נעשאָמע.

און רויטלט זיך ווי אַ נאַיווער דאָרפס־יונג און קוקט נישט יאָסקען אין די אויגן אריין. — אַ ביסעלע פּאַסאַליעס מיט גרויפּן און אַ ביסל קער־לעך מיט רעטשן מעל... נעם צו יאָסקאאא!

יאָסקע דערלאַנגט אים אַ קליין גלעזל בראָנפן מיט אַ שטיקל געלן שאַבעסדיקן פיינקוכן.

— טרינק, וואַסילקע, אַ ביסל בראָנפן, און ביים צו, וועסטו נישט ווערן שיקער.

וואַסיל קוקט זשעדנע אַפן פיינקוכן און טראָגט אים צו צו דער נאָז.

— אום, אַ! מיין ווייב, יאָסקע לעבן, איז קראַנק. — רוקט וואַסיל דעם פיינקוכן אין בוזים. — די שפּרעכערן האָט שוין געמאַכט אַ שמי־רעכץ פון אַש מיט האַשטאָנע צום רוקנביין און געגעבן טרינקען האַש־טאָנע מיט פויגלקויט, נאָר די קרעמפּן הערן נישט אויף. נאָך פּרואוון אַ גלאָז טיי מיט אידישן קוילעטש... און דער בראָנפן דיינער, טייער ווי די וועלט, יאָסקע לעבן!... דערלאַנג נאָך!...

אַנדריי איז צוגעקומען. ער האָט פאַרלוירן אריינגעקוקט יאָסקען אין די אויגן.

— איך האָב שוין ווידער דעם קאָפּ פאַרלוירן, דאָ? זיי האָבן נעכטן בא מיר צוגענומען דעם צווייטן וואָגן, דעם נייעם, און דעם שימל מיי־נעם געדענקסטו, יאָסקע לעבן? אַ לייב איז דאָס, אַן אָדלער, נישט קיין פערד! אים אויך צוגענומען. גיב נישט — שלאָגט מען... זיי שניידן פּאַ־סעם לעבעדיקערהייט.

יאָסקע קוקט אַף אַנדרייען און שווייגט. די איבעריקע פּויערים שטרעקן אוים די העלדזער איבער די טישן און ווי די גענדז צום האָבער שנאַפּן זיי מיט די נעז און ווילן אויפכאַפּן יעדעס וואָרט, יעדע באַווע־גונג פונם קלוגן זשיפּוני יאָסקאַ,

אַנדריי טוט אַ מורמל:

— ביזט בייז אַף מיר, יאָסקאַ סופּליטאַ?

יאָסקע טוט אַ באַזאָרגטן קוק אַף אַנדרייען, זיין יוגנט־פריינט און באַוווער, וואָס האָט אים נאָר וואָס געוואָלט דוירעם זיין. ער האָט אַנ־

דרייען נאָך ליבער באַקומען. גוטסקייט מוז אַרויסרופן גוטסקייט — קלערט ער זיך און ער וויל טרייסטן אַנדרייען, אים אויפווייזן, אַז ער, אַנדריי, איז נישט דער איינציקער מענטש אין דער וועלט וואָס איז באַרויבט געוואָרן פון די נייע הערשער, אַז ער איז נישט דער איינציקער וואָס מוז אין זיך דערשטיקן זיין צאַר און באַליידיקונג אויס מוירע פאַר שטראָף אָדער קלעפּ, דעם גערעכטן שמייסט מען... יאָסקע גיט אַ שמייכל, אַ רעזיגנירטן שמייכל פון אַ דערפאַרענעם מענטשן, וואָס ווייסט, אַז אויסער זיין אייגן לעבן, זיינע אייגענע ליידן און פרייד, איז נאָך פאַראַן אַ וועלט מיט מענטשן וואָס באַדן זיך יעדער איינער אין זיינע ליידן און ווערן באַליידיקט און צעטראָטן. געזען האָט יאָסקע די אומגערעכטיקייט מיט זיינע ברידער די אידן, אַ זאַך וואָס איז אַנדרייען ווייניק אין קאָפּ אריין געקראָכן... ער נעמט אָן אַנדרייען בײַ דער שפּיץ באָרד און באַרויקט אים:

— זאָרג נישט, אַנדריי, און נעם דיר נישט צום האַרצן, אונדז די אידן איז אַ סך ערגער ווי אייך די פּויערים. מיר זיינען אין גאָלעס, ווי שאָף אָן אַ פּאַסטוך זיינען מיר... אונדז טרייבט מען, ווי די הינט פון איין אָרט אַפן צווייטן, מיר בויען און אַרבעטן, מיר גיבן אַוועק אונדזער קייעך, אונדזער הייבל און האַרץ און ערשט... יעדער גאָלע גאָרנישט, יעדער שיקער, יעדער שרייבערל פון וואָלעסט, אַז ער וויל, לאָזט ער זיך אַראָפּ אין דאָרף אַריין צווישן די פּויערים און העצט זיי אָן, רעדט אָן אַלדאָס בייז אַפן אידן, און פּויערים — אַך! — יאָסקע האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: אַרויסגעוואָרפן די רייד... דערנאָך האָט יאָסקע אַליין גענומען פאַרענטפערן: — דער פּויער איז נישט שולדיק, זיי, די געזעצגעבער, די נייע גזיירעס, זיי צעברעכן, פאַרטיליקן אונדזער אַרבעט, אונדזער לעבן... און ווער נעמט זיך אָן פאַר אונדז? געזונטע, פעיקע מענטשן זיינען די אידן. מיין נישט, אַנדריי, מיר קענען נישט זיין קיין גוטע פּויערים, מיר קענען! מיר מוזן אָבער שווייגן, די אויערן פון דער גערעכטיקייט זיינען פאַרשטאָפּט, פאַרמאַכט פאַר דער פּיין פונעם אידנס האַרץ!...

אַנדריי קוקט אויף יאָסקען און פאַרשטייט קיין וואָרט נישט פון זיינע

# בעסאראביע אין 1918

רייד. יאָסקע נעמט אים ווידער אויפווייזן

— אָט, זע אַנדריי, ווי איך בין גערעכט. אָט איז דיר געבעך ביטער אפן הארצן, קומסטו אין שטאָט, קומסט צו יאָסקען אָדער צו מאָשקען, לאָזט אויס דיין קאַס... צו וועמען זאָלן מיר, די אידן אויסלאָזן אונדזער קאַס?... שפּעטער וועט אייך דעררומען, דער וואָלעך, אנערקענען, ווערן מיט אייך איינס, און אונדז, די אידן:, וועט ער מוטשען און באַליידיקן, ווי ס'האָבן געטון מיט אונדז אַלע ביז איצטיקע הערשער...

אַנדרייס פּאָנעם איז לעבעדיקער געוואָרן. דער קאַס מיט דער שטייערנער הארטקייט זיינען ווי צערונען געוואָרן אונטער דער ווייכקייט פון יאָסקעס ווערטער. ער לייגט צו דעם ווייזפינגער צום שטערן, א סימען אז ער האָט צעקייט דעם נייעם געדאנק, וואָס איז שיר ניט שטעקן געבליבן אין די ענגע קעמערלעך פון זיין מויעך, און ער רעדט אריין יאָסקען אפן אויער:

— און פארוואָס זאָלן די אידן מיט די פויערים ניט גיין איינענעם? בעסאראביע איז אונדזערס! באַ זיי וועלן מיר אויסזען ערגער ווי פארן צאַר... — א גרויסע טרער האָט אַ שטאָך געטון אנדרייען אין א ווינקל אויג און דאָרט שטעקן געבליבן און אים געבריט. — און נאָכוואָס דארפן מיר א צאַר? — האָט אנדריי זיך גענומען בעטן באַ יאָסקען מיט די הענט, פּונקט ווי יאָסקע וואָלט געווען דער וואָס קען אָפּשאַפן אַלע שלעכטע הערשער פון דער ערד. — זיי, די צארן, נעמען נאָר!... און פארוואָס קומט דאָס זיי, ווייס איך ניט! צי היטן זיי דיינע פערד און בעהיימעס פון אַלערליי אָנשיקענישן אָדער גנייוועס? צי פּאַשען זיי דיינע שאָף און מעלקן דיר די בעהיימעס? זאָלן זיי זייען און אַקערן די פעלדער ווי מיר פויערים!... אָבער אזוי, וואָס? קומען צו פאָרן די פריצימלעך, אַזעלכע רייניקע און אויסגעפוצטע. מיעסן זיך צו טרינקען דאָס וואַסער באַם פויער אָדער די מילך, מעסטן דיר אוים דאָס פעלד מיטן גאָרטן און שרייבן דיר אריין אין עפּעס אַ גראָבן בוך, קיין וואָרט פארשטייסטו ניט, און הייסן זיך געבן געלט!...

דער פויער האָט גענומען ריידן אַלץ העכער און אויפגעבראַכטער. ער האָט זיך ווידער פארגעסן. און א בארווישטער פון זיינע קאַמבאַטיווע

געדאנקען, האָט ער א קלאַפּ געטון מיטן פויסט אין טיש אריין. די גלעזער זיינען מיט א בראזג ארונטערגעפאלן פונעם טיש און צעקנאַקט געוואָרן. אנדריי האָט געשריגן:

— מיר דארפן נים קיין צאָר! קיינעם דארפן מיר נים!...

די פּויערים אין קרעטשמע זיינען געוואָרן אומרויק, האָבן גענומען קלאַפּן מיט די פויסטן אין די טישן: — מיר דארפן נים קיין צאָר, מיר דארפן נים!...

יאָסקע איז אויך געוואָרן אומרויק. מ׳וועט נאָך דערהערן אינדרויסן. די רומענישע שפּיאָנען זיינען אומעטום פול. ביילבולים שיטן זיך אף יעדן פויער, אף יעדן איד... מען דארף איינצוימען, בארויקן די צעווילדעוועטע, פארצווייפלטע פּוערים, וואָס ווערן ווי בלינדע שאָף געפירט פון זייערע בלינדע און צערייצטע אינסטינקטן... ער האָט א נעם געטון אנדרייען פאר ביידע הענט און גערעדט צו אים שטיל און איבערצייגנדיק:

— א פאָלק אָן א קייסער איז עלנט און אומגליקלעך, פונקט אזוי עלנט און אומגליקלעך ווי איצט...

אנדריי האָט דערשטוינט א קוק געטון אף יאָסקען. א ווײַלע האָט א טויטע שטילקייט געהערשט. פּויערים האָבן נאָך אלץ קיין טאָלק נים געוואוסט, צי דארפן זיי זיך נעמען שלאָגן מיטן זשידאָן יאָסקא, אָדער קושן אים, בעטן מחילה פאר זייער נארישקייט. אנדריי האָט ווידער א זאָג געטון:

— הייסט עס, אז די מענטשן דארפן יאָ א צאָר, נאָר א גוטן, אן ערלעכן, נים קיין מערדער און אויסוואורף?

יאָסקע האָט א שאָקל געטון מיטן קאָפּ:

— פארשטייט זיך.

אנדריי האָט א שווער זיפץ געטון:

— דו, יאָסקע סופּליטא, וואָלסט געווען א גוטער האָסודאַר, דו וואָלסט נים געשלאָגן אונדזערע פּויערים, וואָלסט נים צוגענומען אונדזער פּראַצע, אונדזער שוויים און בלוט, א יאָ, ניין?

יאָסקע האָט א צעווייטיקטער געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אונדזער גאָט, אנדריי פריינטעלע, איז גרויס, און גרויס איז

זיין שטראף. ער איז א שטרענגער, א נעקאמעדיקער דער אידישער גאט, פייניקט מיט גאלעם זיין אומגליקלעך פאלק. אידן האבן אויך אן אייגן לאנד געהאט, אידישע העלדן, אידישע מאמעס האבן זייערע קינדער געלאזט ברענען אף די פייערן און ניט אוועק פון גאטס גלויבן, און צום סאף...

אנדריים אויגן זיינען גרויס געווארן פון שרעק, אז יאסקע האט זיך דערשראקן פאר אים.

— די אידן, יאסקע לעבן, האבן ערגעץ אן אייגן לאנד געהאט? און זיי האבן דערלאזט מען זאל עס בא זיי צונעמען?

— יא, מען האט אונדזערע לעבנס מיט אונדזערע פארמעגנס צוגענומען... ווי מען נעמט צו בא דיר דיינע פערד און דיין טוואוע, און בא אונדז אונדזער סכוירע און אונדזער ארבעט.

יאסקע מיט אנדרייען האבן זיך אנגעקוקט. נאך קיינמאל זיינען זיי זיך ניט געווען אזוי נאענט און טייער איינער דעם צווייטן. אנדריי האט פארלוירן געשטאמלט:

טרויער ניט, יאסקע ברודער, מיין הארץ וועט אף שטיקער צעריסן ווערן.

די פויערים האבן געגומען שפרינגען איבער די טישן, מיטגעשלעפט מיט זיך בענק און גלעזער, און האבן ארומגערינגלט יאסקען מיט אנדרייען.

— מיר וועלן ארויסטרייבן דעם רומען! מיר ווילן צוריק בעסאראביע מיט די באלשעוויקעס!

אנדריי האט א טופע געטון מיטן פוס אינעם פאל אז די פענצטער פון דער קרעטשמע האבן א ציטער געטון:

— פויערים! באלוואנישע קעפ! דאס לעבן איז אייך מיעס? שווייגט! פויערים האבן א טומל אויפגעהויבן:

— מירן אייך די צינגער פון די פיסקעס ארויסרייסן! מירן אייך די בייכער אויפטרענען, פארקויפטע ברואים, איר לאזט שוין אויך ניט ריידן?!...

רייזל, יאסקעס פרוי, איז א דערשראקענע שטיין געבליבן אף דער שוועל פון דער קרעטשמע. אירע טיפע ברוינע אויגן האבן מיט פאר־

וואורף אַ קוק געגעבן אויף אַנדרייען. זי האָט צוזאַמענגענומען אירע לאַנגע געקאַרבטע ברוינע האָר, וואָס זיינען ווי אַ וואָלד אויף אירע אַקסלען און אויף איר פּלייצע צעשאָטן געוועזן. אַ הויכע און אַ פעסטע, איז זי מיטן ווייסן פּעלצל אין אַרבל אין קרעטשמע אַריינגעגאַנגען. אַנדריי האָט געקוקט אויף איר ווייס פּאָנעם מיט די רויטע באַקן, וואו די שפּריצעלעך בלוט, וואָס האָבן ווי אַלטער ווייַן אויף זיי געררוט, זיינען מיטאַמאָל בלייך געוואָרן. זי האָט זיך אָנגעשטעלט צווישן יאָסקען און די פּויערים. די פּויערים האָבן זיך איבערגעקוקט. דערזען ווי אַנדריי איז ווי געפּלעפּט פון רייזלס אָנוועזנהייט, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צוריקציען און זיך געצײַלעמט:

— ס'איז גאָרניט, גאָרניט... זשיפּוניאַסאַ דראַגאַ (טייערע אידישקע).

— וואָס מאַכן די קינדער? — האָט זיך רייזל געווענדעט צו אַנדרייען.

דער פּויער האָט זי אָפּגעמאָכטן מיט זיינע צעפּייניקטע אויגן.

— וואָס זאָגסטו, ראָזאַ, אויף מיין אומגליק? דעם שימל מיט דער יונגער שקאַפּע שוין אויך צוגענומען.

רייזל האָט אים געטרייסט:

— ביטאָכן, אַנדריי, ברודער, די מאַקע איז נאָך אַ פרישע. ברענג מיר מאָרגן מאַריצאַן, איך דאַרף איר עפּעס זאָגן, הערסט?... און וואָס הערט זיך אין דאָרף? וואָס מאַכט איוועטעניאַ און פּעטראַקע? געהערט זיי האָבן זיך מעשאַדעך געווען — האָט זי אַלץ געזוכט אים אַריינצוציען אין אַן אַנדערן אַ פריילעכערן געשפּרעך.

— אָט, וואָס זאָל זיך הערן? פּויערים ליגן אויפן אויוון, ווילן ניט אָפּשאַרן דעם שניי פון די פּעלדער. די ווייבער — די וועבשטולן מיט דער וואָל באַהאַלטן, ניטאָ, זאָגן זיי כיישעק צום לעבן אפילע, ווילן ניט גיין אויף די באַראַטונגען וואָס דער גאַלעך רופט. אַ פּאַרקויפטע נעשאָמע, טיינען די פּויערים, ער מיט די פּריצים האָבן דעם רומען קיין בעסאַראַביע געבראַכט. מירן זיי ווייזן! אַ פּאָגראָם וועלן מיר מאַכן!... די צאָרעס זיינען גרויס, כאָטש שטעק דיר אריין די נעגל אינעם אייגענעם האַרץ און פּאַרטיק...

# בעסאראביע אין 1918

— מען טאָר אזוי ניט ריידן, אנדריי, ביזט דאָך א קלוגער מענטש... זע ווי די פויערים קוקן דיר אין פּאָנעם אריין... ברענג מיר מאָרגן דיין ווייב מיט די קינדער, פארגעס ניט!

די פויערים האָבן גענומען ברומען און הויבן די פויסטן צו רייזלען:

— מיר ווילן ניט דעם רומען! ארויסטרייבן די ציגיינער, די בראָ־דיאַגעס און באָרוועסע בעטלער!

אוליאַנא האָט זיך ווידער אריינגעשטעלט אין קרעטשמע. זי האָט א מאך געטון מיט די הענט, אז איר גאנצער גוף האָט א ציטער געטון:

— איר'ט פארשטומט ווערן? אָט נעם איך א הייסן אָקריפּ און גיס אייך אָפּ די קעפּ!...

און צו רייזלען:

— קום נאָר אריין אין קיך! דאכט זיך דער קעז מיט דער פוטער זיינען ניט געראָטן, גיי זע!...

— פויערים רייסן שטיקער, ווילן טרינקען, און זי מיט מילכיקן, — האָט זי רייזל אָנגעקוקט.

די פויערמע האָט צו איר מיטן קאָפּ געשאָקלט:

— ווען ניט זיי, די קליינע, קיין מינוט זעסטו מיך ניט! מען זאָגט אָפּ די אַרבעט מיינע... א קוק וויל דאָס ניט געבן!..

סאָרקע האָט זיך מיט די עלנבויגנס און מיטן קאָפּ דורכגעשלאָגן א וועג צום פאָטער. זי האָט אויפגעהויבן צו אים אירע גרויסע רויזן־אויגן:

— טאַטע, אוליאַנא זאָגט, זי זאָגט...

דער פאָטער האָט זי מיט דער האַנט אוועקגעשטופּט:

— לאָז מיך אָפּ, סאָרקע, מיט דיין אוליאַנען דאָרטן.

זי האָט א מאָדנעם קוק געטון אפן פאָטער. זי האָט ניט פארשטאַ־נען זיין ראשן און זשומען. די געשרייען און גוואַלדן פון די פויערים זיינען געווען א צוגאָב צו דער שווערער לאַסט פון מוירע פאר זינד און שטראָף, וואָס איר דערציערן האָט ארויפגעוואָרפן אף אירע יונגע פּליי־צעס און זי האָט זיך דערפילט עלנט צווישן אירע געטרייע טאַטע־מאַמע, וואָס ווילן זי באַזאָרגן מיט א גרויסן נאַדן און א רייכער יערושע.

## ג. — אַפֿן מאַרק - פּלאַץ

דער מאַרק־פּלאַץ באַם קלויסטער איז פּוסט און אָפּגעקערט. וואו נישט וואו באַם גידעריקן פּלויטל פֿונעם קלויסטער, מיט אַ פּעלצל אַף די אַקסלען, זיצט אַן אַלטע פּויערטע לעבן אַ טאָפּ מיט קעז אָדער מיט סמעטענע. מיט גרויס פּאַכעד האָבן אַ פּאָר פּויערטעס אויסגעשפּרייט בײַסלעך שטרוי אַף דער ערד און זיך אַוועקגעזעצט מיט זייער סכוירע: אייער און פּאַסאָליעס, בורינזע און אַנדערע עסנוואַרג. זיי וואַרימען זיך די הענט מיט דער פּאַרע פֿונעם מויל און קרעכצן: די אידישקעס וועלן נישט קומען, מען האָט מוירע, כאָטש וואַרף אַרויס די סכוירע... אַ ברייטע אײַדענע מיט אַ שוואַרצן באַראַשקענעם שאַל אַף די פּלייצעס און מיט אַ ווייס גאַרן־שאַלכל אַפֿן קאָפּ, רוקט זיך ווי זי וואָלט זיך געגאַנוועט פֿון אַ זײַטיק געסל צום קלויסטער, קומט צו דעקט אָפּ אַ ווייס טישטעכל פֿון אַ טאָפּ לעבן אַן אַלטער פּויערטע מיט אַ גרויסער בראָדעווקע אַף איר שפּיציקער גאָמבע. פֿרישע פּוטער און קעז בליקט איר אַקעגן, בעט זיך צום עסן.

— קום צו מיר אַהיים, וועל איך קויפֿן.

די פּויערטע הויבט זיך אויף מיט אַ קרעכץ און לאָזט איבער אונטער זיך אַ טיף אויסגעפֿורעמטע שיסל אין דער שטרוי:

— האָסט אַ וואָג צום וועגן, זשיפּוניאַסאַ?

— יאָ.

— און אַ גלאָז טיי?

— אויך.

— געהערט? מען שלאָגט שוין ווידער איבערן הוילן לײַב — האָט די אַלטע פּויערטע געווישט אירע פֿאַרטרערטע אויגן מיטן פֿאַרשמאַלצעווען אַרבל פֿונעם פּעלץ.

# בעסאראביע אין 1918

א פויער דעקט אפ זיין פעלץ פון א פאר געבונדענע פעטע כא־זיירים, וואס דרימלען אפן שליטן און טוט אים אן אף זיך. ער קלייבט זיך א היים.

—נעם דו, שטיפאן, דיינע אקסן און איך מיינע כאזייריים און אהיים!...

א קליין געוואקסענער פויער וואס פירט צוויי יונגע ביקלעך אף א לאנגן קייטל, קומט צו. ער שלעפט ארויס אביסל צעריבענע בלעטער פון זיינע פעלצענע הויזן־קעשענעס, שטאפט אן די ליולקע און ציט ארויס דעם קורצן באהאלטענעם קאפ פונעם פעלץ.

— גיט א שוועבעלע, מענטשן!

איינער פון די ערשטע צוויי שלעפט ארויס קרעמניעס פון א טאר־בעלע וואס הענגט בא אים אפן האלדז, טוט א רייב איינעם אן צווייטן אף א רויטן קנייטל, א פאר פונקען באווייזן זיך און ער טראגט זיי צו צום פויער:

— נא, רויכער!

דער פויער ציט אריין דעם רויך און לאזט אים ארויס דורך זיינע ברייטע האריקע נאזלעכער. ער ציט ווידער אריין זיין פלאכן קאפ אינעם פעלץ, גיט א צי דאס קייטל און די צוויי ביקלעך מיטן פויער נעמען שווערע קלעציקע שפאן און לאזן איבער טיפע לעכער אינעם שניי.

— אפילע קיין דאנק ניט געזאגט! אן אלטמאדישער... — האבן אים די צוויי פויערים נאכגעשיקט א שמייכל.

אידישע קרעמער דרייען זיך אום פאר די געשלאסענע געשעפטן, בא־האלטן די בערדלעך אין די הויכע ווארימע קאלנערס פון די פוקסענע טולעפעס, היטן צו כאפט זיך ניט אריין א קוינע אין א שביינישער קראם.

פויערים כאזירניקעס פירן לעבן די טישלעך מיט כאזער־שמאלץ און כאזער־גריוון. דער כאלאדעץ און די קאלבאסן, אלץ איז מיט ווייסע האנטיכער צוגעדעקט.

יאסעלע קאצעוו, א געטופלטער באכער וואס האט אמאל געכאפט קלעפ פאר ווען אויסקויפן בא מיכאסקא דעם לאנגן א פעטן כאזער,

איז אויך געקומען אפֿן יאַריד. ער האָט דערזען וואָס דאָ טוט זיך, פֿאַר־גלוסט זיך אים אַ שפּיל טון מיט מיכאַסקען. ער לאָזט זיך גיין גיך און ווינקט מיט די אויגן: אָט גייט אַן עלצטער, מ׳שלאָגט, מ׳שמייסט... און מיכאַסקאַ וואָס איז קעסיידער אין קאַס אף דער גאַנצער וועלט און וואָלט געוואָלט זיין איינער אפֿן יאַריד. האָט איצט אַ ווייך האַרץ באַקו־מען ער האָט זיין לאַנגן האַלדז אויסגעצויגן און סוויסטשעט און רופֿט די איבעריקע פּויערים וואָס זיצן לעבן זייערע טישן:

— ביוט! מען שלאָגט!

צווישן די פּוערים ווערט אַ מעהומע. זיי וואַרפֿן צונויף די שיסלען מיט באַלאַדעץ, מיט דער שמאַלץ און גריוון אין קליינע שלעפּ־שליטע־לעך אריין און יאָגן איינער פאַרן צווייטן, לאָזן איבער די שטעלן מיט די טישקעסטלעך, ווער די קוטשמע און ווער דעם גאַנצן טיש מיט סכוירע.

— ראַטעוועט זיך, ברידער!

אַן אַלטער האָרבאַטער איד, אַ זיצער, מיט אַ ווייכער ברייטער באָרד און לויטערע פֿרומע אויגן, וואַרפֿט צונויף געזאַלצענע פֿיש און גרויבע שוואַרצע ווינטער־באַרן און עפּל אין אַ פֿעסל אריין. ער טראָגט צו זיין גרויסן אייזערנעם פייערטאָפּ צו אַן אַלטער פּויערטע וואָס האָט געבראַכט אַ זאַק מיט נים און ציבעלעס אפֿן מאַרק או וואָרנט איר:

—נעם, ווארים דיך אָן מאַריאַנאַ, וועסט געפּרוּוון ווערן, און פֿאַר אהיים!...

די פּויערטע שטרעקט אוים די הענט איבערן פּייערטאָפּ:

— אַן אומגליק יודקאַ, אַ קלאָג צו אונדז!

אַנדריי מיט וואַסילין, זיינען מיט גווירישע גייווע אין זייערע נייע שליטנס צוגעפאָרן צום קלויסטער. זיי וואַרפֿן זיך ארונטער פֿון די שליטנס און נעמען אַרומוווישן דעם שוויים פֿון די פֿערד.

— זיי געשמיסן, די געדערים אַרויסגעטריבן, און נאָכוואָס? — האָט אַנדריי אַ קוק געטון זיין פֿערד אי פּאָנעם אַריין.

— אָט גייט איוועניע — האָט זיך וואַסיל אָנגערופֿן און ער גייט אים אַנטקעגן.

— וואָס הערט זיך אפֿן יאַריד, איוועניע.

# בעסאראביע אין 1918

— נישטאָ קיין יאַריד. מען זיצט באַם זשידאַן אין קרעטשמע, מען טרינקט אַ גלאָז טיי, דערוואַרימען אביסל די געפרוירענע גלידער. ער בויגט זיך צו צו וואַסילין:

— די ציגיינערלעך לויפן דאָ אום, ווי די פּאַרסאַמטע מייז, פאַר־פּאַסקודיען דעם מאַרק. — ער לאָזט אַרויס אַ לאַנגן שפּיי דורך די ציין. אַנדריי ווערט רויט פאַר קאַעס:

— אַ רועך אין זייער מאַמען, מיטן גאָט, מיטן קלויסטער! טצי! — גיט ער אַ שפּיי צווישן וואַסילין מיט איוועטניו.

— זאָג נאָר, איוועטני, דו האָסט געקענט מיין שימל?

— געקענט, באַלעבאָס אַנדריי. — האָט איוועטני מיטן גרויסן צע־שויבערטן קאָפּ אַ שאָקל געטון.

— זיי האָבן אים נעכטן באַ מיר צוגענומען! און דעם נייעם וואָגן. אַכט קנאַקנדיקע טויזנטער הערשקע דעם סטעלמאַך באַצאָלט. אויך צו־גענומען. מיך באַראַבעוועט, באַנומען, אויסגעלייַדיקט די קאַשניצעס, מיך געשלאָגן, מיך... — אַ וואָלפישע קראַפט האָט באַ אַנדרייען אין די אויגן אויפגעטויכט. — די ציגיינערישע הינט, באַראַדיאַגעס!

וואַסיל האָט מיט ראַכמאָנעס געקוקט אַף אַנדרייען. ער האָט פאַר־געסן די קינע וואָס האָט יאָרנלאַנג געפרעסן זיין האַרץ צו אַנדרייס רייכ־קייט און האָט געשטאַמלט מיט מיטגעפיל:

— זיי טרעטן אונדז מיט די פיס. אַ טעל מאַכן זיי פון אונדז...

— גאָט זאָל העלפן דער באָלשעוויק זאָל קומען! — האָט אַנדריי גענומען רויען מיטן שפּיץ פויִשט אינעם איינגעטראָטענעם שניי.

וואַסיל מיט איוועטניען פאַרייסן די קעפּ צו די צווי גרויסע צייל־מער אַפן שפּיץ קלויסטער און ציילעמען זיך איבער:

— גאָט זאָל העלפן דער באָלשעוויק זאָל קומען!

אַנדריי צענעמט מיט קוראַזש זיין ברייטן פעלץ, שלעפּט אַרויס אַ שקאַליק בראָנפן פונעם בוזים און קערט עס איבער צו זיך אין האַלדז אַריין.

— גול־גול־גול.

— טרינק ניט אַזוי פיל, ס'קען שאַטן! זיינען וואַסילס אויגן שטעקן

געבליבן אינעם דנאָ פונעם איבערגעקערטן פלעשל.

אַנדריי האָט אַ וואָרף געטון דאָס לײדיקע פלעשל אינדערלופטן, פון וואָס ס'האָט זיך באַלד דערהערט אַ בראַזג פון גלאָז.

— נאָט, ברידערלעך! — שלעפּט ער אַרויס פון די פעלצענע הויזן אַ צווייט פלעשל. — דערוואַרימט אייערע הערצעלעך, דערוואַרימט זיך, ברידערלעך!...

וואַסיל האָט אַ זופּ געטון פון פלעשל און דאָס צוגעטראָגן צו איווּ־טעניעס מויל, נאָר פון די הענט ניט אַרויסגעלאָזט.

— טו אַ זופּ, ברודער איוואַטעניע און לאָז מיר אויך אַביסעלע.

איוואַטעניע האָט אַ ברייטן פולן זופּ געטון.

— אָ! פאַרן צוריקקומען פון די באָלשעוויקעס.

אַנדריי האָט אַרײנגעכאַפּט זײנע גוטע פרײנט אין זײנע שטאַרקע הענט און זיי האָבן גענומען טאַנצן אינעם שניי.

— פאַר די באָלשעוויקעס!

דער סטאַראָסטע פונעם שטעטל, אַן אויסגעדאַרטער פויער מיט שטייפע איכעסדיק פאַרדרייטע וואָנצעס און קליינע מוטנע זשאַבע־אויגן, צונויפגעצויגענע און ווייט זעענדיקע, איז אַפן פערד געריטן אַרום קלויס־טער. די אַדערן אַף זיין לאַנגן דאַרן האַלדז זיינען שוין געווען געשוואָלן פון שרייען און רופן:

— שטייט ניט צו דריי אַף איין אָרט! צעלויפט אייך, צעגייט אייך!...

אַנדריי איז איבעראַשט געבליבן, ווי דער הימל וואָלט פאַר אים צו דער ערד אַראָפּגענידערט.

— הערסט, וואַסיל, ברודער, מען לאָזט אונדז שוין ניט שטיין אַף איין אָרט.. אַן אומגליק!... און ווער ווייסט אונדז פויערים צעטיילן!... מ'רן שוין זען!...

וואַסיל האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איבערגעקערט זײנע בעגילויפנדיקע אויגן צו אַנדרייען.

— שוין באַלד צונעמען ס'ווייב און קינד אויך! טצ... — גיט ער אַ שפּיי...

די פויערטעס, צעשראָקענע, מיט גרויסע בינטן און טעפּ, לויפן פון

# בעסאראביע אין 1918

איין אָרט אפן צווייטן, שאַרן זיך ארום קלויסטער־פּלויט און בלייבן שטע־קן, ווי צעשראָקענע האָזן, אין די ארומיקע ליקלעך.

דער סטאַראָסטע איז שוין אפן מארק־פּלאַץ. מיט אים עטלעכע סאָל־דאַטן, וואָס וואַרפן זיך אף יעדן ווער עס קומט זיי אנטקעגן, שלאָגן די פּויערטעס איבער די קעפּ, איבער די הינטנס:

— שטייט ניט צו דריי אף איין אָרט!...

זאַלפן האָבן זיך דערהערט. א געבראַזג פון אויסגעבראָכענע שויבן. פּויערים זיינען צעטומלט, וואַרפן זיך אין די שליטנס, טרייבן די פערד, שמייסן די פערד און יאָגן אין אַלע ריכטונגען פון שטעטל. א געמיש פון קוילעס: געבונדענע באַזיירים, געפּענטעטע אָקסן, אויפעס אָנגעוואָרפע־נע אף די שליטנס, א געיאָמער פון ווייבער און א בייזער ברומען פון פּויערים, דאָס אַלץ ווערט פארטויבט מיט דעם האָגל קוילן.

---

מאַלקע די טעפּערקע, אַן עלטערע אידענע מיט א גרויסן שווארצן באפּעדערטן פּלאָנטער האָר אונטערן קויטיקן טאַלעסשאַלכל, ווי א קוי־מען אַן אויפגעשטעלטער, דרימלט אף א קעסטל צווישן איר קראָם מיט טעפּ און מאַקריטעס. דער טשאַד פונעם צעגעדושעטן פייער־טאָפּ, וואָס איז געשטאַנען אונטער איר ברייט געפּאַלדעוועט קלייד, האָט איר פאַר־שלעפּערט און זי האָט ניט געהערט דעם ראַש פון אַרום. די צעשראָקענע פּויערים שפּרינגען איבער אירע טעפּ און מאַקרעטעס, וואָס קנאַקן אונ־טער זייערע פיס. די אידענע כאַפּט זיך אויף, שלעפּט ארום די הענט וואָס זיינען איר באַהאַלטן געווען אין אַן גרויסער מופטע, קוקט זיך ארום צעשראָקן און הויבט אויף א געוואַלד:

— כאַם גאַנעוו! די אויגן זיינען דיר פון קאָפּ ארויסגערונען!

זי גיט זיך א שטעל אויף, אויסגעצויגן אין איר גאַנצער לענג, און טוט א קנאַק מיט א שטיק מאַקערטע א פּויער איבערן קאָפּ:

— נאַ! פאַרן יאַריד וואָס דו האָסט מיר אָנגעמאַכט, כאַם גאַנעוו, אייסעוו שטינקער!...

## גאָלדע קרימער

דער אַזוי אויך צעטומלטער פויער, האָט זײַנע אויגן אויפגעריסן און א מעשוגענעם קוויטש געגעבן:

— וואַליו!

ער כאַפּט אַ גרויסן טאָפּ, הויבט אים אויף אין דער הויך און מיטן גאַנצן קויעך גיט ער אים אַ טו אָן דער טעפּעריקע אויפן קאָפּ

די אידענע מיטן טאָפּ אויפן קאָפּ געוואַלדעוועט פונעם געבראַזג אַרויס:

— גוואַלד, אידן, ער האָט מיך דערהאַרגעט אַף טויט! ער האָט מיר דעם קאָפּ פאַרטשמעליעט!

דער טעפּערקעס מאַן, מיט אַ גראָבן צעריסענעם פּידזשאַק אַף די אַקסלען, איז אָנגעלאָפן. ער שטעלט אָן צום ווײַב אַ פּאָר בעלבע־אויגן. ער כאַפּט זיך וואָס דאָ איז דאָ געשען או וואַרפט זיך אַפן פויער, זיך אָננעמען דעם ווײַבס קריוודע.

דער פויער איז פון באַליידיקונג שיר פון די קיילים אַרויס: אָט דאָס קליינע באַבערדלטע אידל מיט דער בעלמע אַפן אויג, וואַרפט זיך שוין אויך אַף אים! אוים וועלט!... ער כאַפּט דאָס אידל אין די הענט אַריין און טרייסלט מיט אים ווי מיט אַ הווישינע:

— נאַ דיר, פאַרכעוואַטער איד, פאַרן וואַרפן זיך שלאָגן, נאַ!

דער איד, קוים אַ לעבעדיקער שרייט:

— אידן! נעמט אים צו פון מיר, וואָרן איך וועל אים דערהאַר־געגען!...

פאַרטריבן האָט מען אַלעמען צו שמיל דרוצער אין הויף, אין הויף פון דעם גרעסטן אידישן גוויר אין שטאָט.

עטלעכע מאַרק־אידענעס, מיט ברייטע געבופטע לייבלעך און גע־פּאַלדעוועטע ווינטער־קליידער, וואַרפן אַראָפּ די גראָבע שאַלן פון די פּליי־צעס. אויפגעבראַכט פון די שלעכטע יאַרידים, ווײַל זיי אויסלאָזן דעם קאָס זייערן צום פויער. פון די אַרומיקע שטעלן און קעלערס, וואַרפן זיי זיך אַפן פויער, רייסן אים אַרונטער די פּעלצענע הויזן און פּאַטשן אים אַפן נאַקעטן הינטן. עטלעכע פויערים און פויערטעס האָבן זיך אַריינגע־מישט אינעם געשלעג. עס ווערט אַ מענטשלעכער קנויל אַפן קוויטקן איינ־

## בעסאַראַביע אין 1918

געטראָטענעם שניי. אַ געמיש פון צעטראָטענע טעפּ און מאַקערטעס, אײַ־בערגעבראָכענע בײַטש־שטעקלעך און קוטשמעס מיט יאַרמעלקעס און אַרום האָט געוויַעט דער צאַר פון אַ באַליידיקטער, פאַרצווייפלטער, ניט דער־צויגן פאַרביטערטער ברודערשאַפט.

---

## ד. — „בלוט פון איבערן דניעסטער"

דאָס וואָס די פאַרביטערטע אידן און פויערים, געטריבן פון די ווילד־געלאָזטע אינסטינקטן האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס בײַ זיי איז טעמפּ גע־ווען און נאָך טעמפּער געוואָרן אין יענער מינוט פון צערודערונג, האָבן פאַרשטענדלעך געמאַכט און וואַך געמאַכט די רומעניִשע סאָלדאַטן.

די סאָלדאַטן האָבן זיך מיט העפקערדיקער ווילדקייט ארויפגעוואָר־פן אף די אידן מיט די פויערים און אריינגעשניטן די נאַהייקעס אין זייערע לייבער, געשניטן איבער קעפּ און פּענעמער, ווי מען שניידט קרויט:

— בלוט פון איבערן דניעסטער! — האָבן די סאָלדאַטן געסאַפּעט — מירן אייך שוואַרץ מאַכן אייער בלוט, דאָס רויטע!...

און די באַליידיקטע אידן און פויערים, וואָס זיינען נאָר וואָס באַ־הערשט געווען פונעם טויזנט יעריקן האָס איינער צום צווייטן, א האַס וואָס האָט געטליעט אינדערשטיל און איז מיטאַמאָל אזוי צעבלאָזן גע־וואָרן און פריי געלאָזן געוואָרן אין דער מינוט פון ניט קלאָרקייט און צערודערונג, האָבן זיך דערפילט אייגן, ווי ברידער, וואָס זיינען צוליב עפּעס ברויגעז אָנגעדראָדלט איינער אפן צווייטן וואָס טרייבט זיי צו בייזקייט און צו סינע.

שטיפאָן האָט זיך ווידער דערפילט הילפלאָז אָן זיין אָרימען מאָש־קע, וואָס באַהאַלט זיך באַ אים אין זעמליאַנקע בעיס די אומרויקע טעג, ווען די אידן שטייען מיט די נעשאָמעס אין די הענט צוליב גויעשן פּייַ־סעך, ווען גאַלאָכים טרייבן דאָס פויערישע פאָלק נעקאָמע נעמען פאַר זייער גאָט יעזוס, וואָס די טייוולאָנישע אידן האָבן אומגעבראַכט. מאָש־קע וויינט און פאַרענטפערט זיך: — ס'איז ניט עמעס, ברודער שטיפאָן, מיר זיינען ניט קיין מערדער. א גאָט קען ניט אומגעבראַכט ווערן פון א אידן... — און מאָשקע ניט קלוגע אייצעס שטיפאָטען. שטיפאָן זוכט

## בעסאראביע אין 1918

איצט א קלוגן מאשקע וואס זאל אים לערנען און ווייזן א וועג זיך אויס־צודרייען פון די רומענישע נעגל... און מאשקע האט דערזען שטיפאנען, וואס באצאלט פאר דער קלוגער אייצע אמאל מיט א פאטש אין פאנעם און אמאל אויך מיט ברויט אף דער וואך און מיט כאלע אף שאבעס... אידן און פויערים, ווייבער און פויערטעס האבן זיך געהאלטן פאר די הענט ווי צעשראקענע קינדער אין א פינצטערן וואלד. ווי א מאכנע שאף פארלוירענע האבן זיי זיך נים געריררט פונעם ארט.

— אויסשטעלן זיך, בלוט פון איבערן דניעסטער! — האבן די סאל־דאטן א קאמאנדעווע געטון און געפירט די „באלשעוויקעס” איבערן מארק צום קלויסטער צו:

— איינס, צוויי, איינס, צוויי...

איין סאלדאט טוט א כאפ א פויער, דעם ערשטן פון דער ריי, און גיט אים א ווארף אפן שנייי.

— קיין ריר, דו בלוט פון איבערן דניעסטער!

דער פויער, איין שטיק גרויל, אין טויטלעכן פאכעד, פרואווט זיך אויפהויבן. דער סאלדאט גיט אים א קלאפ מיטן אפצאס איבערן קאפ:

— קיין ריר, דו באלשעוויק!

דער פויער כאפט אראפ די קוטשמע פונעם קאפ, פארשטעקט זי אונטער דער פאכווע און בעט זיך:

— ראכמאנעס, דאמיניאלי, אף א טאטן פון פינף קינדער.

איין סאלדאט האט זיך אויסגעזעצט באם פויער אפן האלדז און נאקן, א צווייטער אף די פיס, א דריטער האט אים די הויזן אראפגע־צויגן, און א גלייכער, מיט א רויקן פאנעם פון א טאליען. האט ער מיט א ראזמאך אראפגעלאזט די נאהייקע אפן פויערס נאקעטן לייב. דער פויער האט א קאנוואולסיוון ציטער געטון, געפרואווט זיך שרומפן און נים געקענט. ער האט זיך אויסגעצויגן, זיינע הענט מיט די נאקעטע פיס לעבן די פעלצענע הויזן האבן אנגעהויבן צוקן, ווי בא אן עפילעפטי־קער. ער האט א דערשטיקטן מרוקע געטון ווי א נים דערקוילעטער אקס:

— ראכמאנעס!

די סאלדאטן וואס האבן געריטן אפן פויער, האבן געלאכט:

## גאָלדע קרימער

— שטאַרקער, שטאַרקער, אַ טאַטע פון פינף קינדער... איינס, צוויי, דריי, פינף, צען, פופצן, צוואַנציק...

דער פויער איז געבליבן באַוועגלאָז. די בלויע צעפּנטע וואונדן אַף זיין לייב זיינען געשטאַנען אָפענע, ווי מאַקעס. די נאַהייקע, שוין מיט צוגעפרוירן בלוט, האָט זיך ווי אַ שטיק דראָט אין זיינע אָפענע וואונדן אַלץ טיפער געשניטן. ווי אַ שטיק פילקאָלירטער גלאָז האָט דאָס פויערישע געשוואָלענע לייב אַקעגנגעבליקט און זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער רומפּילער רומענישער פאָן, וואָס האָט מיט ניצאָכן געפלאַטערט אַפן הויכן ציילעם פונעם שפּיץ קלויסטער פונעם בעסאַראַבישן שטעטל.

די ווייבער, צום טויט דערשראָקענע, האָבן געציטערט פאַר שרעק. אַ פויערטע האָט איר שפּיציקן בויך אַ ווייז געטון:

— אין ניינטן כוידעש בין איך... ראַכמאָנעס!...

— און איך זויג אַ קינד. — האָט אַ אידישע פרוי געוויינט.

די סאָלדאַטן האָבן געקריצט מיט די ציין:

— געזעץ איז געזעץ!...

וואַסיל מיט אַנדרייען, פאַר די העלדזער אַרומגענומען, האָבן געפּאַטשט אין שניי, שיקער און פאַרצווייפלט.

— העי, פויערים, ברידער, בעסאַראַבצעס! — האָט מען צו זיי גערופן. — זעט ווי מען שמייסט אונדזערע ברידער און שוועסטער, אונדזערע ווייבער און טעכטער!

צעשראָקענע און אומבאַהאָלפענע זיינען עטלעכע פויערים און פויערטעס אַקעגנגעלאָפן, האָבן געזופן צו די פוסטע אָפּגעראַמטע גאַסן:

— קומט פויערים מיט אונדז, קומט!

פון די אידישע טיי־הייזער און פון די טראַקטירן האָבן זיך גענומען אַרויסזרוקן פויערים. די וואָס האָבן פריער זיך ניט דערוועגט אַרויסצוגיין אַפן מאַרק־פּלאַץ, זיינען צעוואַרימטע פונעם בראָנפן, ווי די שמעטערלינגען צום פייער געפלויגן. דאָס רעדל האָט זיך פאַרגרעסערט און די אומרו פאַר עפּעס אויסערגעוויינלעכעס האָט געהאָנגען אינדערלופטן איבער אַלעמענס קעפּ.

אַנדריי, אַ שיקערער, איז באַגייסטערט געוואָרן פון דער מענגע

פויערים, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט און פאַרטויבט די פוסטע גאָסן מיט זייערע טרוקענע קוילעס. ער האָט זיך ווידער דערפילט שטאַרק, ווי דאָרטן באַ זיך אין דאָרף און אין פעלד צו דער „קלאַקאַ", צום שמועס אין אַ נאָכמיטיק שאָ אָדער פאַרנאַכט ווען פויערים רוען אָפּ פון דער אַר־בעט און איינער, דער אָנגעזעענסטער אין דאָרף, נעמט די אויבערהאַנט מיט זיינע שיינע מייסעס דערציילן און אַלע רינגלען אים אַרום און הערן זיך צו צו זיין וואָרט. — ניין, ער איז שוין ניט איינער אַליין! — האָט ער זיך אַ ריס געטון פאָרויס און מיט אַ שאַרף שטיקל אייזן, וואָס ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער כאַליעווע, איז ער אימפּעטיק געלאָפן צום אָרט, וואו מען האָט געשמיסן די פויערים.

איפּטעניע איז אים נאָכגעלאָפן און אים געריסן פאַרן פעלץ:

— אַנדריי, ביזט מעשוגע, וואָס ווילסטו טון?!

— לאָז, ברודערל, לאָז!...

צוויי סאָלדאַטן זיינען אַקעגנגעלאָפן דער מענגע פויערים. איינער האָט אַ קלאַפּ געטון אַנדרייען צווישן די אויגן מיט דעם הענטל פון זיין רעוואָלווער.

— נאַ, בלוט פון איבערן דניעסטער!...

אַנדריי האָט זיך אַ צעטומלטן וואַקל געטון און שטראָמענווייז האָט דאָס בלוט געזעצט באַ אים פון דער נאָז און פון מויל.

פויערים האָבן אויפגעהויבן אַ גוואַלד:

— וואַליו! — און גענומען לויפן אין אידישע קלייטלעך און אין די טיי־הייזער און געיאָמערט: ראַטעוועט אונדז, ברידערלעך, ראַטעוועט!

אַנדריי האָט זיך באַלד אויסגעניכטערט. דער אַקשן אין אים האָט ווידער באַהערשט זיין צעשטורעמט האַריץ. ער איז מיטאַמאָל ווי ברייטער און העכער געוואָרן. אַנדריי האָט אַ צענעם געטון זיינע הענט און אַרומ־געכאַפּט דעם סאָלדאַטס האַלדז ווי מיט צוויי שטאַרקע שווערע פּרעסן און אים אַראָפּגעזעצט צום שניי.

באַלד האָט זיך דערהערט דאָס פייפן פון פּאָליציי־סיגנאַלן. צענד־ליקער סאָלדאַטן און זשאַנדאַרן אויף די פערד האָבן אויפגעהויבן אַ האָגל פון קוילן, זיך געוואָרפן צו די געשלאָסענע הייזער און געדופן און גע־פאָדערט:

## גאָלדע קרימער

— קיין איינעם פון די באַלשעוויקעס ניט אויסבאַהאַלטן!

פאַרטריבן האָט מען אַלעמען צו שמיל דרוצער אין הויף, אין הויף פון דעם גרעסטן אידישן גוויר אין שטאָט.

דאָס דאָזיקע הויז האָט דער קאָמענדאַנט „אויסגעליען" אויף איינ־צואָרדענען דאָרט זיינע קאַנצעליאַריעס. דאָרט האָט ער אויך איינגע־אָרדנט די שפּייכלער, צונויפגעטראָגן אַהין דעם צוגערויבטן ווייץ און קאָרן פון די פּויערים. וויין, טיטון, געזאַלצענע פיש און אייער, צוגע־נומען בײַ אידישע קרעמער, האָט מען אַהין צונויפגעטראָגן און דאָרט אויך געפּראַוועט הוליאַנקעס. אויף די פּליושענע דיוואַנעס האָבן זיך גע־וואַלגערט אָפיצירן מיט שיקערע גאַסן־מיידלעך, געטיוקעט און געכיכי־קעט. די ווייסע בלישטשענדיקע שטיינדלעך אין הויף, וואו די שמיליכע פלעגט זיך נישט פאַרגינען מיט די בלאָטיקע קאַלאָשן דורכצוגיין און דינער מיט ווייסע פאַרטוכער און לאַנגע בעזעמלעך אין די הענט פלעגן פון זיי דעם שטויב אָפּקערן, זיינען איצט געווען שוואַרץ און באַמיסטיקט פון די פערד, וואָס זיינען דאָרטן גאַנצע טעג געשטאַנען און אין רעב שמילס שיינער קאַרעטע זיינען גאַנצע טעג אומגעפאָרן אָפיצירן מיט גאַסן־מיידלעך. אַהין האָט מען אויך פאַרטריבן די פּויערים מיט זייערע פורלעך. דאָרט האָט מען זיי לאַנג געפּאָרשט, געשלאָגן ביז כאַלאַשעס און אויסגעליידיקט זייערע בייטעלעך.

געראַשט האָט זיך דאָרט ווי אין אַ שענקט־הויז. דאָס קווייטשען און דאָס וויינען פון די פּויערים, דאָס לאַכן און דאָס טאַנצן פון די אָפיצירן מיט די גאַסן־מיידלעך, האָט מאַמעש געלעכערט די הערצער פון רעב שמיל מיט דער שמילעכע, וואָס האָבן זיך געפילט פרעמד אין זייער אייגן הויז, ווי ערגיץ אין אַ ווילדן כאַלעם פאַרבלאָנדזשעטע...

אַהין האָט אויך אָנגעשלאָגן ווי אַ כוואַליע מיט אָפּפאַל דאָס צע־פוילטע רעשטל פונעם צאַרישן רעזשים, וואָס האָט דאָרטן אויפגעלעבט און אַרויפגעשוואומען ווי שטיקער טינעף אויף אַ פּאַראַיפּעשטן שטייענ־דיקן וואַסער: וואו ערגיץ אַ מאָסער, אַ פּראָוואָקאַטער, אַ אונטערלעקער, האָט זיך צוגעשאַרט צו די נייע באַלעבאַטים פון בעסאַראַביע.

## בעסאַראַביע אין 1918

דער מאַרק־פּלאַץ איז געשטאַנען אַ פּאַרלאָזטער, ווי נאָך אַ פּאָגראָם. אינעם אויסגעטראָטענעם, מיט בלוט־אויסגעפּלעקטן שניי, האָט זיך גע־וואַלגערט אַ קוטשמע, אַ פּויעריש שאַלכל, אַן אָפּגעריסענער אַרבל פון אַ פּויערישן פּעלץ... אַ קליין געבונדן כאַזערל האָט מיט אַ פּאַרריסן קעפּל געכריוקעט אין הימל אַריין און געוויינט נאָך דער וואַרימער כאַזער־שטאַל... עטלעכע היימלאָזע הינט און כאַזיירים האָבן זיך געביסן פאַר די אויערן, זיך געשלאָגן איבער די איבערקערטע טעפּ מיט מיליכיקס און זעקלעך שוואַרצע געטריקנטע פלוימען, וואָס די פּויערים האָבן איבער־געלאָזט.

דער סטאַראָסטע מיט די קאַלמוטנע זשאַבע־אויגן, וואָס האָבן זיך קוים אַרויסגעזען פון די פאַרצויגענע בלויע אויגן־לעפּלעך איז מיט צענד־ליקער סאָלדאַטן איבער די אידישע געסלעך געלאָפן. זייערע קוילעס האָבן אַנגעוואָרפן שרעק, אַנגעזאָגט אומקום און זיך איינגעשניטן אין די צע־פּייניקטע הערצער ווי שאַרפע פּיילן:

— אַלע אין די שטיבער! פינדזשילי דע פּישטי ניסטרו (בלוט פון איבערן דניעסטער)!

פּלוצים איז איינער פון די זשאַנדאַרן אַראָפּ פונעם פערד און זיך אַ וואָרף געטון צו אַ שמאָל ליקל, וואו אַן אַלטיטשקע אידענע האָט אָפּן שניי אונטערן פענצטער פון איר זונס שטוב אירע מענטשלעכע באַדער־פעניש געטון. זי איז געווען אַלט און טויב און האָט ניט געהערט ווי דער זשאַנדאַר האָט געשריגן

— וואָס טוסטו איצט אינדרויסן, בלוט פון איבערן דניעסטער!

ער האָט זי אַ שטופּ געטון מיטן פוס:

— קום!

די אַלטע האָט אָנגעשטעלט דעם רעכטן אויער, געוואָלט פאַרשטיין וואָס ער וויל פון איר. זי האָט זיך צוגעהאַלטן מיט די ציטערדיקע הענט אין דער קאַלטער וואַנט פונעם ליקל און געוויינט:

— אַז וויי איז צו מיינע יאָרן, ניטאָ וואו זיך...

באַלד איז אַרויס די שנור אירע, אַ יונגע שוואַנגערע פרוי און גע־נומען בעטן:

# גאָלדע קרימער

— אָבער דאָמנולי, זעסט דאָך...

— איך שיס! בלוט פון איבערן דניעסטער!

ביידע ווייבער, די שנור מיט דער שוויגער, הוילע, אָן די ווינטער־דיקע שאַלן זייגען פון ליקל אַרויסגעגאַנגען און שווייגנדיק מיטגעגאַנגען מיטן סאָלדאַט.

אפן וועג האָט ער אָנגעטראָפן עטלעכע מאַרק־אידענעס, עלטערע אויסגעהאָרעוועטע ווייבער, וואָס האָבן זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן אין פרעמדע הייזער.

— שטייט! — האָט דער סאָלדאַט אַ געשריי געטון און זיי האָבן געפאָלגט. אַ גאַנצע מאַכנע האָט זיי דער סאָלדאַט מיט געלאָדענעם רע־וואָלווער אַוועקגעפירט צום קאָמענדאַנט אין דער „פרישעפּציע”.

פון אַ צווייטער זייט האָבן סאָלדאַטן געפירט אַ מאַכנע אַלטע אידן מיט ווייבער. ביידע מאַכנעס האָבן זיך אַרומגעקוקט און ווי קענען אייגע־נעב ווילן, אינסטינקטיוו זייגען זיי זיך צוזאַמענגעקומען. די גרעסטע געפאַר זעט אויס קלענער, ווען מען איז ניט אַליין.

די סאָלדאַטן האָבן אויפגעהויבן די רעוואָלווערס און אָפּגעהילכט מיט זיי אין דער פוסטער קאַלטער לופט.

---

# ה. — רעב שמיל דרוצער

דרוצער האָט מען אים גערופן נאָכן דאָרף דרוצאַ, וואו ער איז אַמאָל געווען פּאָסעסאָר, געהאַלטן דאָס דאָרף אין אַרענדע באַם פּאָריץ. אַ ברייטער און פעסטער מענטש געווען. שווער און געמאָסטן האָט ער געשפּאַנט. פונקט אַזוי וואָגיק און געמאָסטן האָט ער גערעדט. קאַרג אַף אַ וואָרט, גראָד ווען מען האָט עס באַ אים געוואָלט אַרויסבאַקומען און קאַרג אַף געבן. נאָר צוגעהערט האָט מען זיך צו זיינע האַלבע ניט דערזאָגטע ווערטער.

אַ רייכער איד געווען, אין די הונדערטער טויזנטער האָט מען אים געשאַצט. געהאַט האָט ער אין שטאָט עטלעכע צוויי שטאָקיקע הייזער. גרויס און ראָכוועסדיק איז געווען דער סאָד הינטער זיין גרויס הויז, וואו ער אַליין האָט געוואוינט און די פּאָליסאַדניקעס פונפאָרנט האָבן זיך געצויגן ווי אַף אַ בולוואַר. ראָמאַנטישע מיידלעך פלעגן כאָלעמען אויפצוכאַפּן זיך גאַנץ פרי אין רעב שמולס פּאַלאַצן, אַז ניט, איז כאָטש צווישן די ליליען און זשאַסמינען וואָס האָבן פארשמעקט די גאַס.

אויך אַ צוויי שטאָקיקע שיל האָט רעב שמיל געהאַט אַן אייגענע. אונטן פאַר מענער און אויבן פאַר ווייבער. סייפערטוירעס אַהין געפירט אונטער כופּעס. און זאָלן אידן דאַווענען, בעטן גאָט פאַר אים, ווייל ער, רעב שמיל, איז פאַרנומען מיט זיינע מיסכאָרים און קען אַזוי פיל מיט גאָט זיך ניט אָפּגעבן. פונדעסטוועגן האָט ער ניט געוואָלט אז אין זיין שיל זאָל מען שטאַרק דערקוטשען גאָט. אַז אַנדערע וועלן אים צורולאָזן, וועט ער מער אינזינען האָבן אים, רעב שמילן. פאַר דער טיר פון זיין שיל האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ הוצעל מיט אַ גראָבן שטעקן און אים אָנגעזאָגט: — קיין קאַבצאָנים זאָלסטו מיר אין שיל ניט אַריינלאָזן! מאַכן אַזעלכע געוואַלדן: גאָטעניו, טאַטעניו, רייסן אים באַ די פּאָלעס, פון די

גאָלדע קרימער

הענט רייסן זיי, די קאַבצאָנישע קישקעס, קענען זיך ניט דערוואַרטן גאָט זאָל זיך דערמאָנען אָן זיי... גווירים איז עפּעס אַנדערש, ווייגען ניט, גוואַלדעווען ניט, דערקוטשען ניט, נישקאָשע, זייערס שיקט צו גאָט אין שטוב אריין... — אַזוי האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן שאַמעס זיינעם, וואָס האָט אויסגעזען גאָר אַנדערש ווי אַלע אַנדערע שאַמאָסים פון די אַנדערע שילן. אין די שאַבאָסים און יאָנטיווים פלעגט זיך רעב שמיל מיט זיין זעקס פּודיקער שמילעבע אריינכאַפּן אין דער שיל אריין. און עס איז דאָרט אויך געווען פאַר וועמען זיך צו באַווייזן: רעב שמיל — מיט זיין רייכן „באַאַווערשענאָדער” אַף אַ נייעם העננ־לאָמפּ, אַז טאָמער קומט אַ סראָרע אויסהערן אַ מישעביירעך דעם קייסער, זאָל ער ניט פאַרשעמט ווערן, און די שמילעבע — מיט דעם גאָלד און פּערל, מיט די דימענטן אינעם פאַרנעמען פּאַרוק און אַף די ווייסע זיידענע קרו־זשעוועס וואָס אַף דעם הויכן בוזים. — יאָנטעוו זאָל זיין יאָנטעוו! — פלעגט זי זאָגן — קאַבצאָנים פאַרשטערן נאָר אַ יאָנטעוו... — לויזני־קעס, האָלדריגעס — האָט זי זיי גערופן. געגנוג אַז זיי דראַפּען זיך אַף די ווענט, ווען דער שאַמעס זעט ניט, און קוקן אריין אינדרויסן אין די פענצטער אַף די לייבן וואָס זיינען אויסגעמאָלט אַף דער סטעליע. אַף דער זיבן־רעריקער זילבערנער מענוירע מיטן מאָגן דאָוויד פון אויבן... פאַרגינען ניט דאָס רייכקייט זייערס...

זי האָט אויך פיינט געהאַט מען זאָל אריינשטעקן די נאָז דורך די אייזערנע שטאַכעטן בײַ איר גרויסן פּאַלאַץ. אַ מיידל גייט פאַרביי און גיט בלויז אַ שמעק צו די בלומען, נאָר אינגלעך דראַפּען זיך אַף דעם פּאַרקן, פאַרשמירן די שטאַכעטן מיט זייערע נעזער... מער האָט מען ניט באַדאַרפט, אַז דער דוואָרניק זאָל דערזען. ער פלעגט אַרויס מיט אַ גרוי־סער בייטש אין די הענט און שמייסן.

דער סאַד הינטערן פּאַלאַץ איז געווען אַרומגענומען אַבוץ מיט דעם פּאַרקן, אויך מיט שטעכיקע דראָטן. מאָדערנע. די פרוכטן פלעגט מען ניט אָראָפּנעמען. מען פלעגט זיי לאָזן איבערצייטיקן און דערנאָך צע־פוילטע וואַרפן אין טייך אריין. זעט, קאַבצאָנים, האָט עס געהייסן, און ווערט צעפּלאַצט. נאָר האָט אַמאָל דער וועכטער געכאַפּט אַ „לויזניקס” אַ

אינגל גאנוועגען עפל פון די ביימער, האָט ער אים אָפּגעשלאָגן די לונ־נען.

די גרויסע, הייל־געפּארבטע סאַלאָנען און טייערע געמעשן אַף די ווענט און סטעליעס, האָבן קיין מענטשן ניט געקענט, די פּערסישע טע־פּיכער אַף די געוועקסלטע פּאָלן זיינען פון קיינעם ניט באַטראָטן געווען, און נאָר רעם שמיל מיט זיין שמילעכע, דער בייזער אָקאָרע, האָבן גע־וואוסט פון זייער ראָכוועס און געשוועסן אין זייערע שווייגנדיקע סאַלאָ־נען. רעב שמיל, האָט מען בלויז געוואוסט, האָט ליב געהאט אַלעמאָל אריינצושטעקן די שליסלען אין זיינע שפּאָר־קאַסעס און זיי איבערפירן פון איין צימער אין צווייטן, און די שמילעכע האָט ליב געהאט צו קלאָ־גן זיך פאַר אירע „מענטשן”:

— די צייט איז אַ שלעכטע: מענטשן צאָלן ניט. נישט דעם פּראָ־צענט און נישט דעם קערן. און וואָס טויגן זייערע מאַשקאָנעס, די אַלטע שמאַטעס, וואָס ליגן אין די קאַסעס דאָרטן? פרעמדס דאַרף מען אָפּהיטן מער ווי אייגנס...

פאַר יאָמים נוראים פלעגן זיי ווייבער ווערן, רעב שמיל מיט דער שמילעכע. אַ פיש אין וואַסער ציטערט. מען דאַרף טשיווע טון. פאַראַן אָרימעלייט, טאַקע זייערע דרוצער, לויזניקעס. אויב מען וויל לאַנג לעבן דאַרף מען עפּעס מענאַדעוו זיין פאַר זיי. ער פלעגט דעמאָלט מיט מע־שאָרעס אָדער מיטן שאַמעס פון דער שיל אַראָפּשיקן עטלעכע קערבלעך פאַרן העקדיש, אַף אַ דאַך פאַרן שניידערישן שילכל, און מיט פאַרגעניגן צוגענומען די פולע פעק מיט בראָכעס און ווינטשעוואַניעס. באַטשע קלאָ־לעס האָבן זיי געשיקט אַ סאַך מער ווי בראָכעס, די אָרימעלייט.

איז אָט באַ דעם רעב שמיל מיט זיין שמילעכע אין פאַלאַץ האָט זיך באַזעצט די נייע בעסאַראַבישע מאַכט. דאָרט פראַוועט זי איר ניצאָכן מיט הוליאַנקעס פון שיקרעס און זנוס, אַהין פירט זי צונויף איר זאַק־רויב פון די פּויערישע שפּייכלער און אידישע קראָמען און דאָרט לערנט זי אויך די פּויערים און די אידן וו אַזוי דערעכערעץ צו האָבן פאַר דער זיגערישער רומעניע.

רעב שמיל מיט דער שמילעכע האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ קליינעם

צימער און האָבן מוירע געהאַט אַ קוק צו טאָן ווי אַזוי מען האָט פון זייער פּאַלאַץ געמאַכט אַ קאַזאַרמע... זיי האָבן געהערט ווי מען פירט צו זיי אין די מאַגאַזינען מאַכנעס אידן מיט ווייבער צום שמייסן און זיי האָבן געשוויגן. זיי זיינען אַלט און איינגעשרומפּן געוואָרן און צווישן זיך קימאַט ניט גערעדט און נאָר אַמאָל אַ זאָג געטון:

—אַז מען גיט ניט יאַנקעוון, גיט מען אייסעוון.

פאַר זיך בלויז האָט די שמילעכע געוויינט אַף איר כורבן און פאַרנעם וויינען זיינען איר בלויע קישעלעך געהאָנגען אונטער אירע קליינע אויגן. זי האָט ראַכמאָנעס באַקומען אַף זיך און אַף איר אַלטן, וואָס איז פון צאָרעס אוים מענטש געוואָרן און איין מאָל, אין אַ מאָמענט פון גרוים ראַכמאָנעס, זיך אָנגערופן צו אים:

— ווען גאָט העלפט, די ראָצכים ציען זיך אַרוים פונדאַנען, וואָלט איך מענאַדעוו געווען אַף אָרימעלייט עטלעכע פורלעך האָלץ.

— און איך — האָט רעב שמיל געקייעט די באָרד — וואָלט געיואָלט אַ יעסוימע פון שטעטל כאַסענע מאַכן, אריינגעמען אין שטוב אַן אָרים קינד, וואָלט אויך ניט אויסגעמאַכט... נישקאָשע, מיט וואוילע קינדער מעגן זיך אָרימעלייט איבערנעמען... אין דעם זכום וועט דער אויבערשטער אונדז מאַצל זיין פון די ראָצכישע הענט, פון כאַרפּעס, אָמיין!...

אָפּגעמאַכט דעם קאָנטראַקט מיט דעם אויבערשטן, האָבן זיך רעב שמיל מיט דער שמילעכע דערפילט לייכטער. אַ שטיין איז זיי פונעם האַרצן אַראָפּגעפאַלן, זיי האָבן זיך דערפילט דערהויבן אין זייערע אייגענע אויגן פון דעם ניצאָכן וואָס זיי האָבן אָפּגעהאַלטן איבער דעם אייגענעם כוימער, און רעב שמיל איז אַרוים אַ צופרידענער פון זיין זייטיקן צימער אַפן גאַניק, גרייט צו טון אידן גוטס און טוווּעס די ערשטע מענטשן וואָס וועלן אים אַנטקעגן קומען.

אָנגעקומען זיינען דערוויל די סאָלדאַטן מיט די אַרעסטירטע ווייבער און אַ פּאָר מענער. רעב שמיל האָט זיך איינגעקוקט און איז שטיין געבליבן אַ דערציטערטער. צווישן די מענער האָט ער דערקענט דעם באַנקיר פונעם שטעטל, אַ ברייטער איד מיט שיינע צעקעמטע באַקנבערד. רעב שמיל איז אים אַקעגנגעלאָפן. די מאַכנע האָט קוים דערקענט דעם נאָגיד

וואָס פלעגט אַמאָל מיט זיין בליק טרייבן פון זיך אָרימעלייט. זייערע אויגן האָבן געבעטן:

— ראַטעוועט אונדז, רעב שמיל, ווי גאָט איז אייך ליב!

איין סאָלדאַט האָט זיך העפלעך אַ נויג געטון:

— קענסטו די מענטשן, דאָמנו שמולי?

רעב שמיל האָט מיט שטאָלץ אַ זאָג געטון:

— דאָס זיינען אָרנטלעכע איינוואוינער פון שטאָט, פרידלעכע מענטשן, איך גאַראַנטיר פאַר יעדן פון זיי באַזונדער.

ער האָט גערעדט מיט זיכערקייט און האָט געפילט דערביי די קראַפט פון זיינע גאָלדענע אימפעריאַלן, פון זיינע וועלדער און גיטער, פאַר וועלכע די צאַרישע מאַכטהאָבער און די שטעטלשע איינוואוינער האָבן יאָרנלאַנג געהויבן די היטלען.

— לאָז זיי אָפּ, דאָמנולי, זיי זיינען אומשולדיקע מענטשן. — האָט רעב שמיל געוואָלט אויסנוצן דאָס שווייגן פונעם סאָלדאַט. — טו דאָס פאַר מיר, איך האָב דאָך אייך מיין הויז, מיין ווירטשאַפט אויסגעליען...

דער סאָלדאַט האָט אַ צווייידייטיקן שמייכל געטון:

— דאָס הייסט, אַז מיר טשעפּען זיך אומזיסט צו דיינע זשידאַנעס?

רעב שמיל האָט זיך גענומען פאַרענטפערן:

— ניין, דאָמנולי, ניט דאָס האָב איך געמיינט! אַ טויווע, אַ גוטסקייט פון דיר געבעטן, מער גאָרניט.

— דו הייסט מיר ארויסגיין פונעם געזעץ? פונעם רעגלאַמענט? — האָבן די אויגן באַם סאָלדאַט אַ שפּריץ געטון מיט פייער, וואָס וואָלט געקלעקט די גאַנצע שטאָט מיט אידן און ווייבער צו פאַרברענען.

די אַרעסטירטע ווייבער, וואָס האָבן ניט איין מאָל געוואונטשן רעב שמילן, אַז מאַקעס און גוליעס זאָל ער עסן, ווי ער ברענגט זיך די אויפעס פונעם דאָרף, קעדיי ניט צו געבן זיי, די ווייבער, אַ גראָשן צו פאַרדינען, האָבן אויפגעציטערט: צוליב זיי וועט רעב שמיל נעבעך כאַפּן פעטש...

דער סאָלדאַט האָט רעב שמילן פאַרן קאַרק אַ נעם געטון אריין צווישן.

ג אָ ל ד ע  ק ר י מ ע ר

— ווייסט ווער איך בין;!

— יאָ, אַ רוכעשער איד ביזטו, בלוט פון איבערן דניעסטער! אַ באָלשעוויק!

געשמיסן האָט מען די ווייבער מיט דעם באַלעבאָס פונעם הויף צו־זאמען, און די סאָלדאַטן האָבן זיך געהאַלטן בא די זייטן לאַכנדיק:

— כאַ־כאַ! אים גיט שטאַרקער, ער איז דער באַלעבאָס פונעם הויז! און יענעם — נאָך שטאַרקער — אַ זשידאָן פון דער באַנק!...

---

# ג ע ס ט

דער אָוונט איז מווירעדיק שטיל. די הייזער, אין שניי איינגעזונקענע, זעען אויס ווי טויטע אייזבערג. אין די פענצטער איז קיין ליכט נישטאָ. סאָלדאַטן מיט ביקסן אויף די פּלייצעס שטייען אויף יעדן ראָג, גרייט אומ־צוברענגען יעדן ווער סע וועט אַ טיר עפענען אָדער אַ פענצטער פון אַ הויז.

צו יאָסקעס שטוב איז צוגעפאָרן אַ גרויסער געשפּאַן, אַ ברייטער פּויערישער שליטן מיט שטרוי אויסגעבעט. די צוויי מענער, וואָס זיינען אָפּגעשטיגן פונעם שליטן, טראָגן געלע פוטערנע מאַנטלען מיט ברייטע קיילעכדיקע קעלנער. די קוטשמעס — גרויע און הויך אויפגעשטעלטע ווי די קוימענעס. זיי האָבן זיך אומצוטרוילעך אומגעקוקט. אין דער ארומי־קער ווייסט האָבן זיך אויסגעטיילט זייערע טונקעלע פּנימער און שמאָלע שווארצע אויגן.

דער אָנטרייבער, וואָס איז נאָך פריער אראָפּגעשפּרונגען פון דער קעלניע איז געשטאַנען באם גאַניק און מיט די ליפּן אויסגעפייפט:

— אוליא־א־א־נאַ!

ס'האָט זיך דערהערט אַ סקריפּען, אַ קלימפּערן מיט שליסלען און רוקן פון פּרענטעס. אוליאַנאַ האָט די טיר עטוואָס אויפגעמאַכט און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין דרויסן:

— וואָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר, קאַרוצאַ, טרייבט דיך ארום; אין שטאָט איז אַ איבערקערעניש און דו גאָר... אַזאַ פּאָדלעסט! דאָס לעבן איז דיר מיעס?!

קאַרוצאַ האָט צודרינגלעך געענטפערט:

— מאַך אויף, אוליאַנאַ, איך האָב געבראַכט געסט, עלצטע!...

יאָסקע, מיטן לאָמפּ אין די הענט, איז אַרויסגעקומען אויפן גאַניק. ער

אײ געװען בלײך און דערשראָקן.

— גײ, אוליאַנאַ, מאַך אויף דעם טויער און בעט אַרײַן די געסט!

— אָט אַהער, מײַנע הערן, — האָט זי אוליאַנאַ אַרײַנגעפירט אין אַ גרויסן פּירקאַנטיקן אויפנאַם־צימער. זײ האָבן זיך אָפּן עכט רומעני־שן שטײגער אַ נויג געטון פאַר רײזלען:

אַ גוטן אָוונט, צאַצאַ (מומע). — און צוגעטראָגן זײערע ליפּן צו דער װײַסער דין־הויטיקער האַנט.

רײזל האָט אויפגעשװידערט. זי האָט זיך שוין אַסאַך אָנגעהערט פון די לאַקײעשע העפלעכקײטן זײערע. זי האָט זיך אויסגעגלײכט און מיטן קאָפּ אַ שאָקל געטון:

— זיצט מײַנע הערן!

בײדע עלצטע האָבן אויסגעטון די פוטערנע מאַנטלען און זײַנען שטיין געבליבן אין זײערע בלויע עלעגאַנטע מונדירן, מיט גרויסע רע־וואָלווערן באַ דער זײַט פאַרשטעקט אין די גאַרטלען.

רײזל האָט אַרויסגעדרײט דעם קנויט פונעם גרויסן זעכצענער הענג־לאָמפּ און האָט אַ װאונק געטון צו סאָרקען, װאָס איז געזעסן מיט די צעװאָרפענע אויסגעװאַשענע האָר איבער די פּלײצעס און זיי געטריקנט באַ דער הײסער רובע.

סאָרע האָט אַרויסגעלײגט פון די הענט אַ געשטריקעכץ װאָס זי האָט געהאַלטן אין די הענט און האָט באַהאַלטן די באָרװעסע פיס אירע אינעם ברײטן לײװנטענעם סטאַן אַרײַן.

קאַרוצאַ, דער אָנטרײַבער, איז אַרײַנגעקומען אין צימער. ער האָט אַראָפּגענומען די פּעלצענע הענטשקעס פון זײַנע ברײטע צעװאַקסענע הענט, אַ קוק געטון אַף סאָרקען מיט זײַנע טונקל גרינע לעבעדיקע אויגן און באַלד זײ איבערגעטראָגן אַף יאַסקען מיט רײזלען.

— אַ פראָסט הײַנט! — האָט ער אַ בעקיװנדיקן קלאַפּ געטון מיטן בײַטש־שטעקעלע איבער די כאָליעװעס און איבערגעשפּרונגען: ס'ברענט, זשיפּוני יאַסקאַ!

זײַן ברײט שיסלדיק פּאָנעם איז רויט געװאָרן: אַך, װאָלט ער זיך איצט אַ װאָרף געטון אַף די צװײ עלצטע! אַף לעבן און טויט! אַזױ װי

אף די זונטיקדיקע טענץ, אפן זשאק, ווען א באָבער וויל באַ אים זיין מיידל צונעמען. צו צוואַנציק אפאמאָל האָט ער שוין געפּאטשט!... ער האָט א קוק געטון אף סאָרקען און די טיפע גריבלעך אין זיינע פולע געזונטע באַקן זיינען ווייס געוואָרן: זי וואָלט געשטאָרבן פון שרעק, די קליינע!... און זיי, די עלצטע? ער האָט מיט גוואַלדיקער אָנשטרענגונג געצוימט זיינע פרימיטיווע געפילן, זיין שטורעמדיק פויערן האַרץ, וואָס ווייסט ניט פון אָפּלייגן אף שפּעטער.

— דיר, סאָרקע, איז גוט, דו ווייסט פון גאָרניט! — האָט ער מיט באַנג א זאָג געטון. — דאַרפסט ניט גלעטן דעם סוינע באַם קעפּל, ווען דיר ווילט זיך גאָר דאָס אראָפּדרייען. ער האָט א מאַך געטון א קרייז מיטן פינגער אַרום זיך. — אָפּדרייען... אַזאַ מויד ווי דו, זיצט באַ הער רובע און נייסט קליידעלעך דער ליאַלקע, כאַ־כאַ־כאַ... דאַרף שוין א מאַן און זיצט אינעם הויכן סטאַן, כאַ־כאַ־כאַ!

סאָרקע איז רויט געוואָרן. זי האָט פאַרלעגן געקוקט אַרום זיך און געמוסערט קאַרוצאַן:

— פע, קאַרוצאַ, ס'איז ניט שיין אַזוי צו ריידן, פע!... איך בין נאָך א קליין מיידל. אָט, לערן איך מיר נייען און העקלען, — האָט זי צוריק א נעם געטון דאָס געשטריקעכץ אין די הענט און געוואָלט מיט דעם אָפּציען קאַרוצאַס אויפמערקזאַמקייט פון זיך. — אף פייסעך וועל איך אויפנייען א קלייד פאַר אוליאַנאַן. וועסט זען! דיר אף צעפּיקעניש!

קאַרוצאַ האָט געשמייכלט:

— דו, סאָרקע, ניט דאַרף נייען, דיין טאַטע רייך, ווי גוי... האָב סאַך געלט, דיך באַזאָרגן ביז טויט... און זיין א ווייב...

קאַרוצאַ האָט אַרומגעלעקט זיינע גראָבע פליישיקע ליפּן, זיי נאָס געמאַכט מיט דער צונג. — דו זיין גוט ווייב, סאָרקע! — האָט ער ווידער א זאָג געטון מיט זיין גויעשן אידיש.

— פע, קאַרוצאַ, טאָמיר רעדסטו צו מיר אַזוינע מיעסע זאַכן. פע!

רייזל האָט זיך געדרייט אַרום די געסט. אָנגעצאַפּט טיי פונעם זידיקן סאַמאָוואר און אוועקגעשטעלט א טעצל מיט געבעקס

— טרינקט! — האָט זי זיי די גלעזער אונטערגערוקט.

די געסט האָבן געריבן איין האַנט אָן דער צווייטער, געשנאַפּט מיט די נעזער און געזופּט די טיי, געוואָרפן אומצוטרויִלעכע בליקן און גע־כראָמטשעט דאָס געבעקס מיט אַ וועלפישן אַפּעטיט.

יאָסקע האָט אַריינגעשריגן אין דער גאַס־טיר.

— אוליאַנאַ, קאָך נאָר אויף אַ מאַמעליגע פאַר די געסט און ברענג עפּעס אַרויף פונעם קעלער!

יאָסקע האָט אַריינגעבראַכט פון קרעטשמע אַ גרויסן בוטל רויטן אַלטן וויין און אין אַ טעלער געגזענעם פּאַסטראָם. ער האָט אוועקגע־שטעלט דעם וויין אויפן טיש און צו רייזלען אַ זאָג געטון:

— דערוואַרים, רייזעלע, דעם פּאַסטראָם!

רייזל איז געווען צערודערט, כאָטשע איר געוויסן איז געווען ריין. זי איז קיין שום פאַרברעכן נישט באַגאַנגען לעגאַבע דער נייער מאַכט. נאָר געשראָקן האָט זי זיך. זי איז געלאָפן פון איין שאַפּקעלע צום צוויי־טן, ווי צו וועלן מיט דעם פאַרטרייבן דעם גרוילעכן אַנגסט, וואָס האָט זיי געמאַטערט. זי האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ גרויסע שיסל מיט ברינזע און פּוטער, פרישע אויבערשטע סמעטענע מיט פרישן ווייסן קעז, וואָס אוליאַנאַ האָט אינדערפרי אָפּגעלייגט, נים און עפּל. זי האָט גע־שטאַמלט, גערוקט די טעלער פון איינעם צום צווייטן.

— עסט, עסט!

אוליאַנאַ, אינגאַנצן אַדורכגענומען מיט פּראַקטיקן פּאַכעד, האָט אַריינגעבראַכט אַ גרויסע טיפע מאַקריטע, זי געטראָגן פאַר זיך אויפן גראָ־בן בויך אַרויפגעשטעלט. יאָסקע האָט פון דאָרט אַרויסגענומען אַ קליין סלויקל זויער־קרויט מיט רויטע געזייערטע טאָמאַטן און אוגערקעס. או־ליאַנאַ האָט געסאָפּעט און גענומען האַקן אין איין האַנט אַריין:

— קאַלט איז, נאָר צום אומקומען!

זי האָט געקוקט אויפן רויטן אויפגעשניטענעם אַרבוז, מיט די גרוי־סע שוואַרצע קערן וואָס האָבן געשטעקט אין אים און איר פּנים איז געל און גרין געוואָרן: אַזאַ שיינעם אַרבוז, ווי ערשט פון גאָרטן אויס־געריסן, וועלן זיי פּאַטערן... אויך די געסט האָבן געקוקט אויף דעם זויערן אַרבוז וואָס האָט אומגעשוואומען אויפן ראָסל אין מאַקרעטע און זיך גע־

וואונדערט, ווי שיין!... דערזען די גרויסע קיילעכדיקע מאמעליגע, וואס רייזל האט פון קיך ארייננגעבראכט אף א ווייס קיילכיק ברעטל, זיינען די שווארצע שפיציקע אויגן בא די עלצטע גרעסער געווארן. זיי האבן גע־שטאפט מיט די נעז און געשלונגען די סלינע. ווי הונגעריקע הינט האבן זיי זיך צום עסן געכאפט. מיט די הוילע פינגער האבן זיי געקניפן שטי־קער מאמעליגע און געטונקען אין קעז און פוטער, געשלונגען איין שטיק נאכן אנדערן, געווארפן דאס עסן אין זייערע אויסגעהונגערטע מאגנס אריין. רייזל האט דערלאנגט קארוצאן א גלאז וויין און א טעלער מיט עסן.

— פרעס, קארוצא! — האט זי צו אים מיט פארוואורף א זאג גע־טון — דיר קומט מער פאר אלע; האסט מיר געבראכט געסט!...

קארוצא האט פארלוירן געפינטלט מיט די אויגן. ער האט גענומען שלינגען די ווערטער אין זיך און האלבע, אומפארשטענדלעכע, האט ער זיי ארויסגעזאגט:

— איך ניט שולדיק, זיי מיך כאפ דארף... מיר שלאגט, זאגט, פיר צו זשיפוני יאסקא... מאמע, קו, פערד אזוי לעבן, זשפוניאסא ראזא זאל לעבן, סארע זאל לעבן. דיין סארקע זיין גוט ווייב, כא־כא־כא!

רייזל האט אויפגעציטערט. א היץ האט איר אין פאנים א שלאג געטון: עפעס נייס איז געשען... און דאס הארץ אירס האט געפלאטערט. זי האט געזען די זעלבע אומרו אף יאסקען. נאר זי האט מוירע געהאט א ווארט צו ריידן, גלייך מיטן שווייגן וועט זי פארשווייגן דאס וואס האט זי געמאטערט און געשראקן.

די עלצטע האבן זיך אנגעפרעסן, האבן זיי זיך אויפגעשטעלט, אויס־געגלעט די פולע בייכער, זיך אויסגעגרעבצט ווי כאזיירים נאך דער ברא און זיך העפלעך פארנויגט און זשענטלמעניש געשמייכלט:

— א דאנק, א דאנק!

יאסקע מיט רייזלען האבן זיך בארויקט, זיי זיינען גרייט געוועו צוצו־צאלן צ ודער וועטשערע, אבי פאטער צו ווערן פון די צוויי געסט, וואס האבן אנגעווייעט א טויטלעכע שרעק אף זיי און אף דער גאנצער שטוב.

די געסט האבן דאס טאקע באמערקט און האבן זיך געאיילט וואס

גיכער צו דערליידיקן דעם איניען און פאָטער ווערן פון דער שטוב.

איינער פון די עלצטע האָט אין איילעניש אַרויסגעשלעפּט אַ גראָבן געדרוקטן בויגן פּאַפּיר פון דער בוזים־קעשענע און אים אויסגעשפּרייט אויפן טיש אונטערן הענג־לאָמפּ.

— זאָל דער דאָמנו יאָסקע אונטערשרייבן דאָס פּאַפּיר און אַלץ איז געענדיקט. — האָט זיך דער עלצטער אַ גראַציעזן נויג געטון.

רייזל איז ווי נײ געבוירן געוואָרן: זיך געענדיקט מיט אַ הייסער מאַמעליגע... הונגעריקע פּריצים, נעבעך!... מיר ווילן ניט קיין געצאָלטס! — האָט רייזל געענטפערט, מיינענדיק, אַז זיי גיבן אונטערצושרייבן אַן אָנווייזונג אַף געלט פאַר דער וועטשערע.

די עלצטע האָבן זיך צווײדײטיק איבערגעקוקט און אַ לייכטער אומצופרידענער שמייכל האָט זיך אַרום זייערע מויל־ווינקלען איינגעשניטן:

— איר מוזט אונטערשרייבן!

— אָבער, וואָס שרייבט זיך אין דעם פּאַפּיר? — איז יאָסקע ווייס געוואָרן פון שרעק.

— ביטע, לייענט!

— לייענען? — האָט יאָסקע געהאַלטן דאָס פּאַפּיר אין די הענט.

מאַרקע איז פּלוצים פון דער מאַפּקע אַראָפּגעשפּרונגען און אַ כאַפּ געטון דאָס פּאַפּיר פונעם פאָטערס הענט. זי האָט זיך איבערן טיש אָנגעבויגן און אויסגעשפּרייט דאָס פּאַפּיר.

— איך קען לייענען רומעניש, טאַטע, אַליאָשאַ דעם סיטניקס לערנט מיך. זי האָט געלייענט: „די פּויערים אַנדריי, וואַסיל און איפּטעניע זייענען זיך מוידע, אַז היינט אינדערפרי האָבן זיי מיט נאָך אַ גרופּע פּויערים געמאַכט באַם זשידאַן יאָסקאַ אין שענק אַ פאַרשווערונג קעגן דער מאַכט. דער זשידאַן יאָסקאַ האָט אַלץ באַשטעטיקט מיט זיין אונטערשריפט".

רייזל מיט יאָסקען האָבן זיך איבערגעקוקט און אַ פיינלעכע אַנגסט האָט זיך אין זייערע בליקן געטונקען.

— מיר ווייסן פון גאָרניט!

און די ציין אין מויל האָבן בײַ זיי געקלונגען ווי זיי וואָלטן גע־

שטאנען אפֿן פֿראָסט נאַקעט און באָרוועס.

רייזל האָט געצויגן סאָרקען צו זיך. אירע אויגן זיינען געווען גרעסער און אויפגעריסענער.

— איך שווער בא מיין איינציקער טאָכטער. מיר ווייסן פֿון גאָרניט.

אוליאַנאַ, וואָס האָט די גאַנצע צייט פֿון צימער ניט אָפּגעטראָטן, איז צו די עלצטע צוגעגאַנגען און האָט זיך פֿאַר זיי אַף די קניען געשטעלט. איר קאָל האָט געציטערט און אויסגעדריקט געבעט:

— האָט ראַכמאָנעס, דאָמנולי, אַף אונדזער קינד, אַף אונדז אַלעמען!

דער עלצטער האָט זי מיטן פֿוס פֿון זיך אָפּגעשטויסן:

— אוועק, דו אַלטע צויג, דו ווייסע מאַכאַשייפֿע!

סאָרע האָט זיך פֿון דער מוטערס הענט אַ ריס געטון און זיך איבער אוליאַנען אָנגעבויגן:

— שטיי אויף! — האָבן טרערן פֿון אירע אויגן געראָנען. אירע גרויסע צעשראָקענע, דורכלויכטיקע אויגן האָבן זיך אַף די עלצטע אָפּגעשטעלט.

— גאָט וועט אייך פֿאַרשעלטן, שטראָפֿן פֿאַר שלאָגן און באַליידיקן אַן אַלטן מענטשן! מען טאָר ניט!

זי האָט אַ נעם געטון דאָס פּאַפּיר אין די הענט און דאָס צונויפֿגעקנייטשט.

— שלאָגט מיך, דאָמנולי! איך בין שולדיק! אָט האָב איך אַ טעל געמאַכט פֿונעם פּאַפּיר.

יאָסקע, דער געזונטער און רויקער בעסאַראַבער איד, דער וואַלדמענטש, וואָס האָט זיך פֿאַר די וואַלד־בייעס ניט געשראָקן, פֿאַר די וואַלדגאַזלאָנים זיך ניט געהיט, דער יאָסקע איז געוואָרן שוואַך און הילפֿלאָז. ער האָט קיין ווערטער ניט געהאַט פֿאַר די געסט זיינע. זיין פּאָשעטע און טיף מענטשלעכע ערלעכקייט, וואָס האָט געווירקט צום גוטן אין די געפֿערלעכסטע מאָמענטן, איז אַ צעטרעטענע פֿאַר זיינע פֿיס געליגן. ער האָט סאָרקען פֿאַר די הענט אַ נעם געטון און זי באַהאַלטן צווישן זיך מיט רייזלען.

— איך שווער אייך בא גאָט, באַ מיין איינציקער טאָכטער, אַז ניט איך, ניט די פּויערים, ווייסן פון עפּעס צו זאָגן.

די ווערטער זיינע זיינען געווען האַלב אָפּגעהאַקטע און אַרויסגעצוואונגענע. ער איז שטיל געבליבן. ער האָט געפילט ווי מיט די בייזע בליקן זייערע האָבן זיי אים דאָס האַרץ אַרויסגעריסן, באַשפּיגן און אָפּגעמיסט פאַר די הינט געוואָרפן. אים איז געוואָרן פיינלעך שווער. די מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי אייביקייטן, שווערע אומדערטרעגלעכע אייביקייטן.

די עלצטע האָבן זיך אָנגעצונדן פון קאַעס:

— וואָס זיינען מיר, שווינדלער? ציגיינער? דו ווּכישער איד!

און אַ שווערע אייזערנע פויסט האָט יאָסקען צווישן די אויגן אַ פאַל געטון. דאָס בלוט האָט פון די ציין און פון דער נאָז אַ כליופּע געטון. יאָסקע האָט צעטומלט געשוויגן. די עלצטע האָבן איר פאַר די הענט געצויגן:

— שרייב אונטער, דו שמוציקער זשידאָן! מירן דיך דערשיסן ווי אַ הונט!

רייזל מיט אוליאַנאַן האָבן געיאָמערט אַפן הויכן קאָל. קאַרוצאַ איז געשטאַנען אינמיטן צימער און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. זיין ברייט שיסלדיק פּאָנעם איז געווען טויט און באַוועגלאָז, נאָר די טונקלגרינע אויגן האָבן מאָדנע געפינקלט, געלאָפן פון איין ווינקל אין צווייטן, ווי זיי וואָלטן וועלן פון קאָפּ אַרויסשפּרינגען. סאָרע, אינגאַנצן אַ בלייכע, האָט אירע הענט צו די עלצטע אויסגעשטרעקט, דאָס לאַנגע לייוונטענע העמד האָט זיך צווישן אירע פיס געפּלאָנטערט, די האָר צעוואָרפן אַרום און די גרויסע צעשראָקענע אויגן האָבן זיך אַלץ געבעטן: — האַרגעט מיך, ניט מיין טאַטן!

פּלוצים זיינען די אויגן אירע גרעסער געוואָרן. זי האָט די הענט אַראָפּגעלאָזט ווי אַ צוזאַמענגעבראָכענע און פאַל געטון מיטן קאָפּ אַפן טיש. זי האָט געיאָמערט און געשלוכצט:

— גאָט וועט אייך שטראָפן, שלעכטע מענטשן! פאַר אונדזער גוטסקייט, ווילט איר מיין טאַטן דערהאַרגענען.

# בעסאראביע אין 1918

די שטוב איז פול געוואָרן מיט געיאָמער.

די עלצטע האָבן זיך איבערגעקוקט. איינער האָט אַ נעם געטון סאָר־קען פאר די אַקסלען:

— שטיי אויף, קליינע!

סאָרע האָט מיט ברייטע בליקן געקוקט אפן עלצטן און אויף אירע עלטערן. זי איז שטיל געבליבן. איר הארץ האָט געקלאפּט שווער און האַסטיק.

— וויפל ביזטו אַלט, דו שיינע אידישע טאָכטער? — האָט זי איינער פון די עלצטע געפרעגט.

זי האָט געקוקט אויף אים און איר פּאָנעם האָט אויסגעדריקט די העכסטע פארצווייפלונג.

— סאָרעלע, הייס איך. אוליאַנאַ זאָגט פערצן יאָר בין איך אַלט. — האָט זי דורך טרערן ארויסגערעדט.

דער עלצטער האָט פאַרכידעשט און צעצויגן איבערגעכאַזוערט:

— פערצן?!

רייזל האָט זיך דערשראָקן. זיינע בליקן קריכן איבער איר טאָכ־טערס אינגע שפּראָצנדיקע בריסטלעך, ווי אַ וואָרעם אינעם סאַמע האַרץ פון אַ פריש צעוואַקסענע בלום. זי האָט סאָרקען צו זיך צוגעצויגן:

— גיי, שלאָפן, סאָרקע, ס'איז שפּעט!...

דער עלצטער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף אַ בענקל. ער האָט אָנ־גענומען סאָרקען ביי די הענט און זי אוועקגעזעצט צו זיך אפן שויס.

— האָסט מוירע פאַר מיר, סאָרקע? — האָט ער איר אין די אויגן אַ טיפן קוק געטון.

סאָרע האָט צעשראָקן געקוקט ארום זיך.

— זאָג, סאָרקע, פאַרוואָס האָסטו מוירע פאַר מיר; מיינסט, אַז אַ קאָמענדאַנט איז קיין מענטש ניט?

זי האָט אישעוודיק אירע פינגער אין די צעפלאָנטערטע האָר אריינ־געשטעקט, געקנייטשט מיטן שטערן און זיך געקווענקלט, מוירע געהאַט צו ריידן. ער האָ זי געמוטיקט:

— רייד, סאָרקע, האָב ניט קיין מוירע.

## גאָלדע קרימער

זי האָט אויסגעשפּרייט אירע פינף פינגער אף זיין אַקסל און אומ־רויק צו דער ערד געקוקט.

— איר, איר, זיינט אוידאָ מענטש, נאַר... איר ווייסט שוין!...

— ניין, סאַרקע, איך ווייס גאָרנישט. וועסט זאָגן, וועל איך וויסן...

סאַרקע איז געוואָרן דורכלויכטיק בלייך. זי האָט ארייגגענומען דעם וויזפינגער אין מויל אריין, אים געקייט און איינזייטיק אפן קאָמענדאַנט געקוקט.

— פאר שלעכטע מענטשן האָט מען מוירע...

דער קאָמענדאַנט האָט זי פאָרזיכטיק בא דער טאַליע אָנגענומען.

— ווייסט, סאַרקע, איך האָב אַזאַ טאָכטער ווי דו, פונקט ווי דו...

— איך, הער קאָמענדאַנט? עס קען ניט זיין!

— פאַרוואָס, סאַרקע, קען ניט זיין, פאַרוואָס?

סאַרע האָט אַ ווײַלע געשוויגן און באַלד זיך אַ מאָדנעם כאַפּ געטון:

— הער קאָמענדאַנט, וואָס וואָלט אייער טאָכטער געטון, ווען, ווען מען דערהארגעט אייך?

— ווען מען דערהאַרגעט מיך?! — ער האָט אָפגעזיפצט. — זי וואָלט נעקאָמע גענומען פון איר טאַטנס מערדער!

סאַרקע האָט געמורמלט:

— אָ! אַזוי דאַרפן טון גוטע טעכטערלעך. — זי האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און זיך ווידער אָנגערופן — אַך, ווען דיין טאָכטער איז דאָ! זי מיר ביידע וואָלטן דיך פיינט געהאַט!...

— און ווען איך בין אַ גוטער, סאַרקע, וואָלסטו מיך אויך געמאָ־סערט פאר מיין טאָכטער?

— ניין!

אין צימער איז געוואָרן היימלעכער. די שרעק, די געפאַר איז קלע־נער געוואָרן. יאָסקע איז אַוועק אין קיך זיין צעבלוטיקט פּאָנעם אָפּצע־ווישן. קאַרוצאַ איז ארוים אינדרויסן. אים איז שווער געוועזן צוצוזען ווי דער „ציגיינער" האַלט סאַרן אף זיין שויס, זיין סאַרקען! ער האָט זי געזען וויקלען און באַדן. ער האָט זי געוויגט און געטראָגן אף די אקס־לען, זיך געשפּילט מיט איר טעג גאַנצע אפן גראָז אָדער אין סאַד בא

יאָסקען. סאָרע איז פאַר אים געווען אַ היליקטום, וואָס מאַנסבילשע הענט טאָרן נישט באַרירן. ער האָט געזען אינעם קאָמענדאַנטס אויגן פייער, צעשטורעמטע לײדנשאַפטן און טיפע, באַהאַלטענע באַגערן צו סאָרען און אים האָט דאָס ווײ געטון און ער איז פון צימער אַנטלאָפן. דורך די שפּאַרעס פון די לאָדן, האָט קארוצא מיט הינטישער קנעכטשאַפט און מענערישן אײפער אין שטוב אַרײנגעקוקט. ער איז גרייט געווען אף יעדן ערגסטן פאַל, אפילע זײן לעבן צו פאַרשפּילן, נאָר סאָרקען זאָל קײן שלעכטס ניט געשען...

דער קאָמאַנדאַנט האָט ווידער אַ זאָג געטון:

— מײן טאָכטער איז שײן, ווי דו.

סאָרע האָט אַ צי געטון מיט די אַקסלען:

— איך בין ניט קײן שײנע! אוליאַנאַ זאָגט, אַז קײנער וועט מיט מיר ניט כאַסענע האָבן. מיך אַרט דאָס ניט. כאַסענע געהאַטע ווײבער גײען אין די שולן און ווײנען אַ סאַך. איך ווער מעסוקן טרויעריק ווען מענטשן ווײנען...

— נאַרסט מיך ניט אָפּ, סאָרקע?

סאָרע האָט זיך באַליידיקט:

— איך זאָג ניט קײן ליגנס. פרעג אוליאַנאַן, וועסטו הערן!

— קענסטו די באָלשעוויקעס, סאָרקע, זאָג, מען טאָר ניט זאָגן קײן ליגן...

זי האָט נאַיוו מיט די אַקסלען געצויגן:

— וואָס הייסט באָלשעוויקעס?

— אָט אָ די פּויערים, סאָרקע, וואָס זײנען אַפן פּאַפּיר פאַרשריבן, זײנען באָלשעוויקעס.

— זיי, באָלשעוויקעס? און נאָכוואָס דאַרפן זיי דאָס זײן?... — האָט זי פאַרוואונדערט געפרעגט.

— ווײל זיי, די באָלשעוויקעס, זײענען שלעכטע און פאַרדאָרבענע מענטשן. זיי ווילן אונדז, אײערע נײע באַשיצער, אומברענגען, אַרויסטרײבן פון בעסאַראַביע.

סאָרע האָט אומפאַרשטענדלעך אַפן קאָמאַנדאַנט אַ קוק געטון.

# גאָלדע קרימער

— אַרויסטרייבן — עפּשער? נאָר אומברענגען — ניט! זיי זיינען ניט קיין באָלשעוויקעס.

דער קאָמאַנדאַנט האָט אַ שמייכל געטון.

— נאַרסט מיך ניט אָפּ, סאָרקע?

— ווער, איך? ניין! בריליאַנטענע מענטשן זיינען די פּויערים... זומער פאָרן מיר צו אַנדרייען אין דאָרף אַריין. מיר פרעגלען דאָרט פּאָווידלע מיט קאָמפּאָט אויפן ווינטער. ער גיט אונדז פּרוכטן פון זיין סאָד און די קאַסאַמאַרע (דאָס גרויסע צימער) צום שלאָפן. דעם זומער האָט די מאַמע דאָרט געפּרעגלט דרען־איינגעמאַכטס, פאַר אונדז מיט מאַריצאַן. אַלע פּויערים פון דאָרף זיינען געקומען פאַרזוכן... איר מעגט פאַרזוכן, דאָמני קאָמענדאַנט, מיין מאַמעס דרען־איינגעמאַכטס...

און וואו שלאָפסטו, סאָרקע, אַז דו ביזט בײַ דיין אַנדרייען?

זי האָט נאַיוו געענטפערט:

— איך האָב דאָך שוין געזאָגט, אַז אין דער קאַסאַמאַרע. די ווענט זיינען באַקלאַפּט מיט טעפּיכער, אויפן בעט ליגן אַ סאַך שיינע ווייסע קישעלעך ביז דער סטעליע און אַ געבלימטער טעפּיך איז אונטערגעשפּרייט... די ערד איז אָפּגעשמירט געל און באַשיט מיט דינעם זאַמד. און וויפל בינטלעך רויזן ס'הענגען אויף די ווענט ארום זייער יויזל!... אויפן טיש און אויף די פענצטער, אומעטום גרויסע רויטע און ווייסע רויזן...

סאָרעס אויגן האָבן מיטאַמאָל אויפגעשיינט. איר פּאָנעם האָט צעפּריידן געשמייכלט. זי האָט געקוקט ווייט און פאַר זיך:

— אין אַ באַנאַכט בין איך אַרויס אין סאָד אַריין. אַ גרויסן סאָד מיט אַ גאָרטן האָט מיין אַנדריי. ס'איז געווען שטיל און רואיק. דער הימל און די ערד. אין טויבנשלאַק האָבן די טויבן געוואָרקעט און איך האָב מיך אַריינגעלייגט אינעם וואָגן שטרוי, וואָס איז געשטאַנען אין גאָרטן. נאָר שלאָפן האָב איך ניט געקענט. מיך האָט עפּעס געצויגן, איך געדענק שוין ניט וואָס. קאָליאַ, אַנדרייס זון, איז געשלאָפן אונטערן וואָגן. ער האָט געהיט די בעהיימעס מיט די שאָף. האָב איך אים אויפגעוועקט: מיר איז טרועריק, קאָליטשקאַ, האָב איך אים געזאָגט. און קאָליאַ האָט געלאַכט: גיי, סאָרעלע, האָט ער געזאָגט, לייג דיך אַט אַ דאָ! און ער

האָט מיר געמאַכט אַ גוט פלאַץ אונטערן וואָגן. איך האָב מיך אַוועקגע־לייגט לעבן קאָליאַן און ער האָט אַרויסגעשלעפּט אַ גרויסע גיטאַרע פון אַ זאַק, וואָס איז געלעגן באַ אים צוקאָפּנס און גענומען שפּילן. אוי!...

— איז וואָס־זשע געווען, סאָרקע, וואָס דו זיפצט אַזוי שטאַרק?

סאָרע האָט זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט. אַ פאַרשעמטע האָט זי אַף איר צעשראָקענער מוטער אַ קוק געטון. זי האָט געשטאַמלט:

— גאָרניט. ער האָט מיך גוט איינגעדעקט מיטן זאַק און ער האָט געשפּילט. אַך!... איך בין שיר געשטאָרבן פאַר בענקשאַפט. מיר איז געוואָרן אַזוי טרויעריק!...

יאָסקע מיט רייזלען האָבן זיך דערשראָקן. זיי האָבן סאָרקען ניט דערקאָנט. אַ פרעמדע, אַ נייע און אומבאַקאַנטע איז זי פאַר זיי אויס געוואַקסן. זיי האָבן זיך פאַרשעמט און זי ווידער ניט פאַרשטאַנען. רייזל האָט זיך געבעטן באַ איר:

— פּלאַפּל ניט אַזוי פיל, טאָכטער מיינע! גיי שלאָפן!...

סאָרקעס באַקן האָבן זיך אָנגעצונדן פון בושע. זי האָט אַליין ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי האָט זי אויסגעפּלאַפּלט אַזוינע נאַרישע זאַכן, רייד און געדאַנקען, וואָס קיינער אויסער איר האָט פון זיי ניט געטאָרט וויסן.

די עלצטע זיינען געווען זיכער, אַז סאָרקע האָט זיי געגעבן דעם שליסל צו אַ נייער געהיימער פּויערים־באַנדע. דער קאָמענדאַנט האָט זי נישט אָפּגעלאָזט.

— דיין אַנדריי, סאָרקע, האָט אַ סאַך קינדער?

— ער האָט קאָליאַן, לערנט ער אין טשערנאָוויץ. קאָליאַ זאָגט אַז מען טאָר ניט שלאָגן קיין בעהיימעס... און מען דאַרף עסן גראָז... פּראָ־כינאַ, קאָליאַס שוועסטערל, איז מיין כאַווערטע. זי האָט מיר געשענקט אָט אָ דאָס העמד און קאָליאַ האָט מיר געבראַכט פון טשערנאָוויץ אָט אָ די קרעלן.

סאָרקע האָט אונטערגעטראָגן אַ דין בייטשל קרעלן פון איר האַלדז.

— ער האָט מיך אויסגעלערנט שווימען אין טייך און רייטן אַפן פערד. אַ גוטער איז קאָליאַ!

דער קאָמענדאַנט האָט אַף איר אַ הייסן קוק געטון.

## גאָלדע קרימער

— און וואָס, סאָרקע, האָסטו געגעבן קאַליאַן?

זי האָט מיט די אַקסלען אַ צי געטון:

— איך, האָב גאָרניט. די מאַמע האָט אויפגעגייט צוויי שוואַרצע בלוזעס, איינע פאַר קאַליאַטשקען און די צווייטע פאַר פּראָסינקען...

אַ פּאָר מינוט האָט אַ טיפע שטילקייט געהערשט. פּלוצלינג האָט סאָרע אירע הענט אפן האַרצן צונויפגעפּלאַכטן און פרום, ווי צו גאָט געבעטן:

— שלאָגט ניט, הער קאָמענדאַנט, אַנדרייען! שלאָגט ניט די פּויע־רים, זיי זיינען נישט קיין באָלשעוויקעס!...

— איז וואָס, סאָרקע, וועסטו מיר געבן, אז איך וועל דיר צוליב טון, ניט שלאָגן קאַליאַס טאַטן?

סאָרע האָט אירע בעטנדיקע אויגן אף אים אַנגעשטעלט.

— איך האָב גאָרניט, גאָרניט!

זי האָט דאָס שנירל קרעלן פון האַלדז אַראָפּגענומען.

— נאַ, וועסטו שיקן דיין טאָכטער.

דער קאָמענדאַנט האָט זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. ווי אַ מאַלעך האָט זי אין זיינע אויגן אויסגעזען. און ווי שטאַרק ער האָט געוואָלט סאָרקעס קאָפּ אויסקושן, אירע שיינע אויגן אויסקושן. ער האָט אָבער קיין מוט ניט געהאַט און קיין קויעך ניט צו אַנטפּלעקן זיינע געדאַנקען מיט זיינע פאַרלאַנגען.

דער סערזשאַנט, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען אַ פּאַשעטער צו־הערער, האָט געלייענט זיין שעפס געדאַנקען און ער האָט זיך געוואָלט מיט עפּעס איינקויפן בא אים. ער האָט צו סאָרקען אַ זאָג געטון:

— זיי אַ גרויסע, דאָמאַגשאָרא (פריילן), סאָרא, און טו אַ קוש דעם דאָמנו קאָמענדאַנט!

זי האָט זיך דערשראָקן פאַר זיינע רייד. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי דאָס געהערט.

סאָרע איז פונעם קאָמענדאַנטס שויס אַרונטערגעגאַנגען און האָט פאַרשעמט געקוקט אַרום זיך.

— מען טאָר ניט, דאָמינולי, קושן פרעמדע מענער, מען טאָר נישט!

און סאָרקע האָט זיך מיטאמאָל דערזען אינעם הויזן סטאָן. זי האָט זיך אויסגעשיילט אַ נאַקעטע פאר די פרעמדע מענער, ווי די מוטער כאַווע אינעם גאָרטן, נאָך איר ערשטער זינד. זי האָט אויפגעשווידערט. „וועט עמיצער דערזען אַ שטיקל פון דיין נאַקעט לייב, וועט אַ ניט גור־טער געבוירן ווערן!... וועסטו זינדיקן אַף דער וועלט, וועסטו ניט האָבן יענע וועלט, די עמעסע, וועט מען דיך ברענען און בראָטן, וועסטו וואַג־לען אַפן אוילעם האַטויע..." איר איז שרעקלעך שווער געוואָרן. זי האָט געפילט ווי' אירע קניען ברעכן זיך איין. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו דער מוטער, איינגעגראָבן איר פּאָנעם צווישן דער מוטערס ברוסטן און איר גאַנצער קערפּער האָט אויפגעשווידערט, זיך שטיל גע־צאַפּלט לעבן רייזלען.

דער קאָמענדאַנט האָט געזען די שרעק, דעם אומרו וואָס האָט זי ארומגעכאַפּט און ער האָט זיך אויפגעשטעלט. האָט צונויפגעלייגט דאָס צעקנייטשטע פּאַפּיר און דאָס אין בוזים־קעשענע באַהאַלטן.

— מירן זיך שוין אַן אייצע געבן, — האָט ער געשמייכלט, — אַן אייער כסימע.

און צו סאָרקען:

— קוש ניט קיין פרעמדע מענער, דו פרומע, שיינע אידישקע!

מיט קעצישער פאַלשקייט און ציגיינערישער אומפאַרשעמטקייט האָבן די צוויי מיליטערלייט געקושט רייזלען און סאָרקען די הענט, זיך העפלעך און טיף געבויגט פאַר יאָסקען.

— אַ גוטע נאַכט אייך אַלעמען!

---

אין שטוב איז געבליבן הענגען די נאַכט אַ שווערע און אַ אומרויקע. די שרעק פאַר עפּעס נייעם און ניט גוטס האָט דעם שלאָף פון די שטוב מענטשן אוועקגרויבט.

רייזל זיצט אין בעט, איינגאַנצן אַ בלייכע, אַן איינגעוויקלטע אין דער גראָבער ווינטערדיקער קאָלדרע. מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, ווי אַ

פאַרפּאַלגטער האָז, כאַפּט זי אויף דעם געוויש פון דער זאווערוכע וואָס האָט געבושעוועט איבער די גאַסן און געריסן טיר און פענצטער פון די הייזער.

דער אַלטער געשניצטער וואַנט־זייגער האָט אויסגעקלונגען צוועלף. שווערע מאָנאָטאָנע קלעפּ זיינען דאָס געווען. רייזל האָט דעם קנויט פאַרנעם נאַכט־לעמפּל אַרויסגעדרייט און גענומען גענעצן. יאָסקע, אַ צעשויבערטער און אינגאַנצן אַ פאַרענדערטער מיט אַ געשוואָלן פּאָנעם פון די קלעפּ וואָס ער האָט געכאַפּט, האָט אַ גענעץ געטון און געפרעגט:

— שלאָפסט ניט, רייזעלע?

ער האָט אויפגעהויבן דעם עק פון זיין קאָלדרע און שטיל געבעטן:

— קום, רייזעלע, זעץ דיך אַט דאָ, לעבן מיר!...

יאָסקע האָט איינגעגראָבן זיין קאָפּ אינעם ווייבס פּאָעדליק און מאַרעשכוירעדיק געשוויגן. רייזל האָט געגלעט זיין קאַלטן שטערן און זיינע בלייכע געשוואָלענע באַקן. זי קען איר יאָסקען, דאָס גרויסע אינגל אירס, זי מוז אים טרייסטן. יאָסקע איז געוואָרן לעבעדיקער, זיך געקלאַמערט מיט די הענט אַרום זיין רייזלען, זיין ווייב, זיין מאַמע, זיין ערדישער גאָט...

רייזל! — האָט ער זיך אָנגערופן, — די כּסימע עקבערט מיר דעם מוייעד.

— שרעקסט דיך ווי אַ קליין קינד — האָט אים רייזל דאָס קאַלטע פּאָנעם געגלעט. — זיי שטאַרק, יאָסל!

יאָסקע האָט אַן אומרויקן זיפץ געטון.

— האָסט געזען, רייזל, ווי די אויגן זיינען אים פונעם קאָפּ געקראָכן?

רייזל האָט אים אַ לייכטן פּאַטש געטון איבערן פּאָנעם און מיט אַ טאָן פון דער באַליידיקטער מאַמען האָט זי זיך געבייזערט:

— זי איז נאָך אַ קינד, אַ ריין קאָשער הארץ, וואָס ווייסט זי?...

— רייזעלע, ראָזע, דעם מענטשנס האַרץ איז אַ זייגער, ווער סע קוקט פאַרויס, פאַרשפּאָרט צו וויינען שפּעטער...

רייזל האָט זיך פאַרטראַכט. אַלץ וואָס יאָסקע האָט איר געזאָגט, האָט

זי אַליין, נאָך שטאַרקער פון אים פאַרשטאַנען און געזען. זי האָט נאָר ניט געקענט ריידן דערפון. זי האָט ניט געקענט פאַרשוועכן די ריינקייט, די אומשולד פון איר צניעסדיקער טאָכטער. יאָסקע איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געוואַגט דערפון צו ריידן. רייזל האָט אים פאַרשטאַנען. דאָך האָט זי געגלויבט, אַז אַ מענטש קען אַמאָל זען אין אַ פרעמד קינד זיין אייגנס. דער געפיל איז איר ניט פרעמד געווען. שוין יאָרנלאַנג ווי צוויי קינדער אירע, אַ אינגל מיט אַ מיידל זיינען געשטאָרבן, און זעט זי דען ניט אין אַ סאַך קינדער זייער שיינקייט, זייערע מיילעס? זי האָט אַ זיפץ געטון:

— און עפשער, יאָסקע, האָט זי אים אויך דערמאָנט אין זיין טאָכטער?

— און דאָס, רייזל, וואָס אַליאָשאַ, דעם סיטניקס זינדל, דער געזונטער ווערגעלע, לערנט זי לייענען און שרייבן!... געהערט אַ האָזע!...

— סע קומט צונויץ, יאָסעלע, מען זאָל ניט באַדאַרפן. האָסט געזען? יאָסקע האָט זיך געבייזערט:

— זאָל זיין אַזוי, געטרייע מאַמע מיינע!

רייזל האָט פאַר דער נאָז אַ צי געטון:

— שוין ווידער בייז!... און וואָס איז דיין אייצע;

— אָט דאַרף זי אייצעס, מיין מיניסטער־קאָפּ! דו אין אירע יאָרן... געדענקסט, רייזעלע?... זאָל זי דער מאַן אירער היטן, מיר זיינען פאַרנומען...

— וואָס באַסענע מאַכן? — האָט זיך רייזל דערשראָקן אַ כאַפּ געטון.

— רייזל, זי וואַקסט, קיין בייז אויג! זעט אוים ווי פון אַכצן! ס'ברענט איצט אַ פייער אין שטאָט. זיי וועלן אַלצדינג פאַרפּאַסקודיען! אומזיסט וועלן זיי קיין טויווּעס ניט טון!...

רייזלען איז געוואָרן טרויעריק. זי האָט נאָך געקוקט אויף איר איינציקער טאָכטער ווי מיט צען יאָר צוריק, ווען סאָרקע איז פיר יאָר אַלט געווען. אַ טרויער האָט איר נעשאָמע ארומגענומען. צו פרי וויל מען איר איינציק קינד פון איר אָפּרייסן... זי איז אַ שווייגנדיקע פונעם בעט אראָפּ־

גאָלדע קרימער

געגאַנגען און שווייגנדיק אין סאַרקעס צימער אַריין. זי האָט דעם קנויט פונעם נאַכט־לעמפּל אויפגעדרייט און לאַנג געקוקט אויף סאַרקען. סאַר־קעס פינגער אויף דער ווייסער דעקע האָבן פון מאָל צו מאָל אַ ציטער געטון. זי האָט שווער געזיפצט און אַ אומנאַטירלעכע רויטקייט האָט גע־ברענט באַ איר אויפן פּנים. רייזל האָט צוגעלייגט אירע ליפּן צו דער טאָכטערס שטערן און האָט אַ זיפץ געטון: זי ברענט, זיך איבערגעשראָ־קן פאַרן מערדער... —

סאַרע האָט צעעפנט די אויגן און אַן אומבאַשטימטן קוק געטון אויף דער מוטער ווי זי וואָלט זי ניט דערקענט. ווידער זיי פאַרמאַכט און אָפּגעזיפצט.

רייזל האָט זי געלאָזט שלאָפן. נאָר באַלד האָט זיך סאַרקע אַ וואָרף געטון פונעם שלאָף און אַ מוירעדיקן קוויטש געטון:

— מאַמעעע!

— אָט בין איך, סאַרקע! ס'האָט זיך דיר געכאָלעמט?

— עפּעס אַ שעד אין שווארצן איז דורכן קוימען געקראָכן אהער...

— גאָט איז אַ האר און אַ כאָלעם איז אַ נאַר — האָט זי רייזל באַ־רויקט.

אוליאַנאַ מיטן גראָבן פּעלץ איז אויך אָנגעלאָפן. זי האָט אַ רעצי־כעדיקן קוק געטון צו רייזלען:

— ס'קינד דרייט זיך דאָ אַרום ווי אַ פּערמדע... דערמאָנען דאַרף מען דיך... אָן קרישמע איז זי שלאָפן געגאַנגען...

רייזל האָט זיך אַוועקגעזעצט באַ דער טאָכטערס בעט און געשווי־גן. אוליאַנאַן האָט זי קיין וואָרט ניט געענטפערט. די פּויערטע וואָס איז איבערגעגאַנגען בעיערושע פון רייזלס פאָטער צו איר, צו רייזלען, וואָלט דאָס איר ניט מוכל געווען. זי, אוליאַנאַ, האָט נאָך רייזלען אויפגעכאָ־ווערט. געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע באַ רייזלס עלטערן. געטריי און ער־לעך האָט זי איר לעבן צו די צוויי אידישע מישפּאָכעס אַוועקגעגעבן. געטיילט זיך מיט זייער פרייד און געליטן מיט זייערע צאָרעס. ניין, אוי־ליאַנאַ האָט ניט פאַרדינט אַז רייזל זאָל איר אָפּענטפערן און אומגערעכט איז זי אויך ניט געווען. סאַרע האָט געטוליעט איר צעפלאָמט פּאָנעם צו

## בעסאַראַביע אין 1918

דער מוטערס ברוסט:

— מאַמע, איך קען ניט שלאָפן, איך האָב מוירע...

אוליאַנאַ האָט צעעפנט דאָס פענצטערל לעבן סאַרעס בעט:

— שפּיי אוים דריי מאָל און זאָג „והי נועם".

סאָרע האָט אירע גרויסע אויגן אין דער ארומיקער ווייסקייט איינגעשטאָכן:

— מאַמע, עמיצער קריכט אַף די ביימער אין סאַד. עמיצער אין ווייסן אָנגעטון...

— דאָס בלאָנדזשעט ארום דער פאָרסאַמטער באָכער. — האָט אוליאַנאַ אַ פאַרמאַך געטון דאָס פענצטערל לעבן סאָרקעס בעט. — מען טאָר ניט, סאָרעלע, אַליין זיך דעם טויט מאַכן.

די פויערטע האָט אָנגעצונדן אַ גרוים כיילעוון ליכט. זי האָט אַ צעפלעכט געטון אירע גרויע טרוקענע צעפלעך און האָט צעוואָרפן די האָר אַרום זיך. זי האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעציילעמט און פרום געשעפּטשעט. אַ רויקע מיסטישקייט, אַ טיפער גלויבן האָט אַף איר אַלט צעקנייטשט פּאָנעם גערוט. אוליאַנאַ האָט אַרויסגעשלעפּט פונעם בוזעם אַ קליין טאַרבעלע מיט ציילעמלעך און אַלטע פאַרזשאַווערטע מאַטביי־עס. זי האָט די אַלע סגולע־זאַכן אַרויפגעלייגט סאָרען אַפן קאָפּ און גענומען שפּרעכן, ריידן און דאַוונען אַף אַ פרעמדער אומבאַקאַנטער שפּראַך. באַלד דערויף האָט זי איבערן ליכט געהאַלטן אַ בלעכערנעם טעלער מיט אַ שטיק וואַקס. דער רויך פון כיילעוו און צעזאָטענעם וואַקס האָט אָנגעפילט סאָרעס שלאָפצימער מיט פוילן קלויסטער־רייעך און אומהיימלעכן פּאַכעד. אוליאַנאַ האָט איבערגעגאָסן דעם וואַקס אין אַ צווייטן טעלער איבער סאָרעס קאָפּ און האָט אַף גיך גענומען שעפּטשען און ביי־זערן זיך אַף עמיצן.

סאָרע האָט געוואוסט, אַז אַזוי פאַרטרייבט אוליאַנאַ די ניט גוטע פון זייער הויז, נאָר מוירע האָט זי געהאַט. איר אוליאַנאַ איז אַ גאַנצע מעכוטענעסטע מיט די רוכעס, זיי האָבן פאַר איר מוירע... און עפשער איז זי אויך אַ שעד, אַ פאַרשטעלטע מאַכשייפע?...

אוליאַנאַ האָט איר דאָס קויטיקע וואַסער פונעם צעזאָטענעם וואַקס

נ אָ ל ד ע  ק ר י מ ע ר

צום מויל צוגעטראָגן.

— טרינק, סאָרעלע, דאָס וואַסער און נעם דיר אַריין אַ טויטן אין זינען, וועסטו שלאָפן רויק! דאָס שוואַרצע פּופּקעלע איז — דער קאָמענדאַנט — האָט אוליאַנאַ געפירט מיטן ווייזפינגער אַפן פאַרגליווערטן וואַקס. דאָס איבערגעדרייטע פּופּקעלע — דער אַנדערער, קראַפּירן, זאָל ער. און דאָס איבערגעקערטע פּאַסיקל — סאָרקע, געזונט און שטאַרק זאָל זי זיין, און דאָרטן באַם עק — שין — שרעק!...

ניין, זיי האָבן ניט געזען ווי די שיינע אידישע טאָכטער זייערע וואַקסט אין אַ געוועב פון שרעק און אַבערגלויבנס, קייטן וואָס וועלן איר ווייטערדיקן לעבנס־וועג צוימען און צעברעכן.

---

## ח. — באַ אַלטער דעם פעלצנמאַכער

אַלטער דער פעלצנמאַכער האָט אַרויסגעלייגט פון די הענט אַפן אַרבעטס־טיש אַ שווערן געלן פעלץ און האָט פאַרדרייט דעם קנויט פון דעם דרייער לעמפל באַ וועלכן ער איז געזעסן און גענייט. ער האָט צוגעשפּאַרט די פּלייצע צום וואַרימען ווענטל פון אויוון און מיט די שוואַרצע אומריינע פינגער געקראַצט דאָס ברוינע געדיכטע בערדל, וואָס האָט זיך ווי אַ קרענצל געצויגן פון אונטערן האַלדז אַף די פּוכקע באַקן זיינע, אַזש ביז די שלייפן אַרויף. מיד און ניט אויסגעשלאָפן איז ער געווען. זיינע ברוינע, קיילעכדיקע אויגן האָבן געטרערט ווי באַ אַן אַלטן אידן ווען ער שמעקט טאַבעק. קיין געלט האָט דער פעלצנמאַכער ניט פאַרדינט אין יענער נאַכט. דאָס האָט ער גענייט אַ נייעם פעלץ און פון זיינע אייגענע פעלכלעך פאַר אַן אָפיציר. און גענייט האָט ער שוין ניט דעם ערשטן מאָל פאַר די רומענישע עלצטע. ער האָט געדאַנקט גאָט אין דער שטיל וואָס ער איז אָפּגעקומען מיט די פעלכלעך און מיט דער אַרבעט...

כאַנציע, דאָס ווייב זיינס, האָט זיך געבייזערט. זי האָט ניט געוואָלט, אַז דער מאַן אירער זאָל אַרבעטן אומזיסט. זי האָט אים צוגעטראָגן אַ טעלער מיט הייסע פּאַפּושויענע לאַטקעס וואָס זי האָט אָפּגעבאַקן און אים אין פאַרשלאָפענעם פּאָנעם אַריינגעקוקט.

— גוט אַזוי און אַ מיצווע אַף דיר, דו לעמעסקע, סלימאַזל, דראַפּיטש און טויגעניכץ! זיי ניט קיין פערד, קיין בעהיימע, זיי ניט... — זי האָט אירע שווערע ווייסע הענטלעך אַף די רונדע היפטן אַוועקגעזעצט, זיך געשטעלט אַף די שפּיץ פינגער קעגן מאַן אירן און אים אין פּאָנעם אַריינגעשטעלט איר קורצע קיילעכיקע נאָז און די רויטע פולע באַקן אירע און שוואַרצע אויגן, האָבן געברענט פון היץ און פון כאַס: — אַז מען האָט ניסט קיין מאַזל, דאַרף מען ניסט קיין יאָרן. און איר שוואַרצער

באַפֿעדערטער שטופּער האָט זיך פֿונעם קאָס אָפּן קאָפּ באַ איר ווי אַ קוטשמע געהוידעט.

דער פּעלצנמאַכער האָט פֿויל געקייט די לאַטקע, זי געוואָרפֿן פֿון איין זייט מויל אין דער צווייטער און איר געקוקט גלייך אין פּאָנעם אַריין. כאַנציע האָט אויפֿגעברענט פֿון זיינע רויקע בליקן. זי האָט ניט אויסגעהאַלטן.

— קוקסט מיט דיינע קעלבערנע אויגן... גאָט די נעמאָמע סולדיק... אָן אַנדערער אַף דיין אָרט, קרענק מיט טאַכריכים וואָלט ער זיי געמאַכט.

אַלטער האָט אוועקגערוקט דעם טעלער לאַטקעס פֿון זיך און איז אַרויס פֿון צווישן אויוון, פֿון זיין אַרבעטס ווינקל. קליין און אומבאַהאָל־פֿן איז ער געווען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַקעגן זיין ווייב,ביידע קליינגעוויקסיק און דיק, ווי אָנגעשטאָפּטע צוויי זעק מיט מעל.

— מאַרשאַם, אישאַ ראַ! — האָט ער זיך מער ניט געקענט איינהאַל־טן. — טאָטשע, טאָטשע, פּרעס מיך אויף!... ליטווישער קניש, שלימעל־זאַלניצע!...

כאַנציע האָט זיך געכאַפּט, אַז די לאַטקעס אַפֿן פּייער ברענען שוין. זי האָט אַף גיך דאָס בעקעלע פֿונעם אויוון אַרויסגעשלעפּט און דאָס אַריינגעשטעלט אין אַ צעבער מיט וואַסער אָפּצולעשן.

— אָט סטיי איך אים ניסט אָן, דעם בעסאַראַבער מאַמעליגע, דעם פּויעריסן קאָפּ! אָן איכעס! מיין טאַטנס ספּיץ פֿינגער איז קלוגער פֿונעם פּויעריסן קאָפּ דיינעם. אַ כּלעכט ווייב... לאָזט דיר געבן די נעמאָמע פּאַר אַ גאַנצן פּאָלק מיט סיידים.

— און אַז מען וועט מיר געבן ראָזגעס, כאַנציע?

— סוויינג, פּאַרמאַך סיים דעם פּעקאָדעס דיינעם!... טאָמער האָבן נאָך די סכיינים ניסט דערהערט!... זע, ווי ס'טראָגט סיים אין דרייסן. — האָט כאַנציע דאָס ווייסע הענטל אירס אַפֿן האַרץ אַרויפֿגעלייגט און זיך באַם מאַן געבעטן.

דער פּעלצן־מאַכער איז געווען צופֿרידן וואָס דאָס ווייב זיינס וויל זיך ניט קריגן און שעמט זיך פֿאַר מענטשן, האָט מוירע פֿאַר שכייניש מיילער. אים האָט דאָס געפֿרייט. ער האָט ליב געהאַט אירע רויט־פּלאַ־

# בעסאַראַביע אין 1918

מיקע באַקן, איר רונדן גלאַטן גוף, דעם וואַרימען און זשוואַוון, כאָטש די געזונטקייט און שטייפקייט, די פאַרב אין די באַקן, האָט דאָס ווייב זיינס באַ אים טאַקע, פון זיינע קעסט באַקומען. אים אַרט דאָס ניט, פאַרקערט, ער איז שטאָלץ דערמיט. ער האָט זי געבראַכט אַ קליינינקע, אַ טרוקענע, מיט אָפּגעצערטע בלייכע באַקן, פון איר פאָטער דעם אָרימען מעלאַמעד, דעם פרומען ליטוואַק. אַן עלטערע מיידל איז זי געווען און ער, דער פעלצגמאַכער, אַן אַלמען. זיין ערשט ווייב איז געשטאָרבן פון אַ קימפּעט. פיר קינדער האָט זי אים געבוירן, דריי מיידלעך און איין זון, זיין מוישלען, זיין בעניאָכיד, וועלכן ער האָט אַזוי ליב. דאָס ערשטע ווייב זיינס איז געווען צופיל פאַרנומען מיט די קימפּעטן און קינדער כאָוען. זי איז אויך געווען אַ קרענקלעכע און אַ מאָדנע שווייגערן. דעם מאַן אירן, דעם פעלצנמאַכער, האָט זי אָפּגעהיט, ווי אַ אידישע טאָכטער היט איר מאַן. נאָר כאַנציע, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש, אַ וואַרימע מאַמעליגע איז זי'...

אַמאָל, אין די ערשטע יאָרן, באַלד נאָך דער כאַסענע האָט די ליטוויטשקע זיינע געלערנט דעם מאַן אירן דערעכערעץ. נאָך יעדער קריגערײ, וואָס איז פאָרגעקומען מערסטן צוליב די דריי שטיפטעכטער, האָט זי געמאַכט אירע בינלעך און איז אַנטלאָפן צום טאַטן דעם אָרימען מעלאַמעד. דער פעלצנמאַכער האָט לאַנג ניט אויסגעהאַלטן, ער האָט ניט געקענט אויסקומען אָן זיין צווייטער העלפט און אפן צווייטן אָדער דריטן טאָג איז ער נאָכגעפאָרן דעם ווייב זיינעם, איר מיטגעפירט אַ שיינע מאַטאָנע, מאַלאָשינס סיטץ אַף אַ קלייד אָדער אַ בייטשל ברושטינען און האָט איר געשוואוירן באַ זיינע ציצעס, אַז מער וועלן שוין די מיידלעך זיינע קעגן, איר, כאַנציען, קיין מויל ניט עפענען. און אַז דאָס האָט ניט געהאָלפן, האָט ער אַ צעעפן געטון זיין לעדערנעם בייטל וואָס איז פול געווען מיט קליינגעלט און האָט אים אויסגעשאָטן פאַרן שווער זיינעם און אַלץ איז ווידער געוואָרן פיין און וואויל. שפּעטער איז איר פאָטער געשטאָרבן און כאַנציע האָט אביסל נאָכגעלאָזט: זי האָט ניט געהאַט צו וועמען אַנטלויפן. נאָר אַז דער מאַן אירער האָט אָנגעהויבן פאַרגעסן, אַז כאַנציע איז כאַנציע, האָט זי ווידער גענומען מאַכן אירע בינטלעך

און איז געלאָפן צו — כאַזשינסקין, אַ באַקאַנטן פויער, אָדער צו אַ אי־דישער שכיינע. קיין סאַך צוטרוי אָבער האָט זי צו אירע שכיינים ניט געהאַט. אויסדערציילן דאָס האַרץ פאַר מענטשן וואָס פאַרשטייען דיך ניט, הייסט וואַרפן פּערל אין דער בלאָטע אַריין... און די ליטוועטשקע האָט זיך דערפון אויך אָפּגעזאָגט. דער פעלצנמאַכער האָט כאַסענע גע־מאַכט זיין עלצטע טאָכטער און איר מיטגעגעבן אינעם נאָדן זיינע צוויי אינגערע, שוין אויך מיידלעך צו לייט, און כאַנציע האָט אַריינגעשטעקט דעם בינט שליסלען אין גאַרטל און דעם קאָפּ אירן אין דער לופטן גע־טראָגן: איצט בין איך באַלעבאָסטע... איך וועל דעם געסטאָרבענעם טאָ־טן מיינעם קיין געלט ניט אָוועקסיקן, מעגסט מיר געטרויען... און כאַנ־ציע האָט קיין ליגן ניט געזאָגט.

מוישעלע, דער איינציקער וואָס איז פאַרבליבן מיטן פאָטער, האָט געזען ווי די שטיפמוטער זיינע באַלעבאַטעוועט און איז מעשוגע געטריי. דער פאָטער זיינער האָט פיינט געהאַט צו טראַכטן פון מאָרגן. ער האָט אַ סאַך גוטע פריינט געהאַט, זיי איינגעלאַדן צום קידעש אַף שאַבעס און געזייסן דעם ווייב זיינעם מאַכן גוטע וועטשערעס פאַר זיי. ער האָט זיי געלט געליען און קיין וועקסלען ניט גענומען, און ער האָט געוואַרט אַף זייער מענטשלעכקייט, ביז דאָס געלט איז פאַרלוירן געגאַנגען. אין די שאַבאָסים פלעגט ער זיך אין אַ שענקל אַריינכאַפּן און זיך פאַרטרינ־קען, די מאָס איבערגעכאַפּט, און געשאָלטן און געזידלט די סאָנים זיינע. מוישעלע פלעגט זיך שעמען ווען דער פאָטער האָט זיך פאַרטרונקען און געשלאָגן און די כאַווײרים זיינע פלעגן אים אונטערהעצן: גוט אַזוי, דער־לאַנגט זיי די פּאַסקודניאַקעס, רעב אַלטער!... ער איז דאַנקבאַר געווען דער „מומען" דער בייזער הערשערן, וואָס האָט איבערגענומען די מאַכט אין אירע הענט. זי האָט פאַרטריבן אַלע גוטע ברידער, דעם טאַטנס. — איך אָדער זיי! — האָט זי באַפוילן. — אַ מאַקע וועל איך זיי געבן, ניסט קיין געבראָטענע גענדזלעך!... ווי וואַרפט דאָס אַ מעניך זיין געלט אין דער בלאָטע!...

דער פעלצנמאַכער האָט ניט געקענט פאַרשטיין ווי אַ מענטש איז אַזוי ענגהאַרציק. ער האָט זיך פון פאַרדראָס די פייעס געקראַצט און גע־

## בעסאראביע אין 1918

ביסן א שפיץ פון זיין פלאַנטער־בערדל: — כאַנציע, באַק כאַטש אַפּ אַ גוטן מאַליסניק מיט אַ פּאָר מילכיקע בייגעלעך. מאַך, כאַנציע, אַביסל בלינצעס און שיק אַריין צו די שכיינים, נעבעך!...

מוישעלע האָט געהאַלטן מיט דער מומע, מען דאַרף אים האַלטן אין די הענט, דעם טאַטן, און כאַנציע האָט אים ליב געקראַגן, זי האָט מוי־שעלען פאַרטרויעט אַלע אירע צאָרעס און ער האָט זי פאַרשטאַנען. כאַנ־ציע האָט קיין אייגענע קינדער ניט געבוירן. מוישעלע איז געווען די טרייסט אירע. זי האָט אים אויסגעכאַוועט. און ס'איז ווערט געווען. אָפּ־געקריגט זיך מיטן מאַן, איז זי שוין ניט געלאָפן צו די שכיינים, נאָר צו מוישעלען אין שלאָף־צימער. זי האָט איינגענורעט איר פּאָנעם אינעם קישן און געיאָמערט: — מויסעלע, זינדעלע, הארצעניו, טאַטעניו, פאַר־וואָס קומט מיר צו באַליידיקן, פאַרוואָס? מוישעלע פלעגט זיך אַרונטער־רוקן אונטער דער קאָלדרע און שווייגן. כאַנציע, זיין שטיפמאַמע, האָט שוין אירם דערגרייכט. זי האָט גוט געזען, ווי זיינע גרויסע ברוינע אויגן, וואָס דרינגען דורך מיט זייער אַקשאָנעסדיקער האַרטקייט, זיינען ווייך געוואָרן. אַ דינער שימער האָט אין זיי אויפגעטויכט. אַזוי ווערן מוישע־לעס אויגן, ווען ער פילט עמיצן מיט.

אַן אַקשן געווען דער אַכצניעריקער באָכער. שיין און פּירקאַנטיק איז ער געווען, מיט ברייטע אַקסלען ווי אַ פּויער. דער שטערן אַ בריי־טער און אַ ליכטיקער און אַ ליכטיקע רויטע טשאָפּרינע איז שטענדיק אין אומאָרדנונג אַפן שטערן צעשיט געווען און האָט אים צוגעגעבן נאָך מער פּויערישן אויסזען. מוישעלע האָ דאָס געוויסט, אים האָט דאָס ניט גע־אַרט. אין די גויעשע יאָנטויווים, ווען אידישע אינגלעך און מיידלעך האָ־בן זיך אויסגעהיט דורכן דאָרף דורכצוגיין, מאַכמעס די שקאָצים און שיקסעס האָבן זיי מיט שטיינער באַוואָרפן, איז מוישעלע גאָר צווישן די פּויערים געווען, געטאַנצט מיט די שיקסעס אַפן „זשאָק" און געטרונקען פון איין גלאָז מיט די פּויערים.

די פּויערים האָבן אים ליב געהאַט. אונדזער מאָשקאַ האָבן זיי אים גערופן. און מוישעלע האָט די פּויערים אויך ליב געהאַט. נאָר ווען די שקאָצים און שיקסעס, וואָס האָבן אים שוין געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם,

פלעגן נעמען וואַרפן שטיינער אין די אידישע אינגלעך און מיידלעך און זיי באַליידיקן, דעמאָלסט פלעגן עס זיינע האַרטע דורכדרינגלעכע בליקן ווייכער ווערן און דער שימער האָט לאַנג אין זיי געשפּילט ווי דער וויי־סער שוים אין אַ גלאָז ניט אויסגעשפּילטן וויין. ער האָט זיך ניט גע־כאַפּט שלאָגן מיט די שקאָצים פאַר וואָס זיי באַליידיקן עמיצן פון זיין „עמוגע". ניין, נאָר זיין שווייגן, נאָר זיינע ברוינע אויגן, וואָס האָבן זיך אַלע מאָל געביטן, אַט אַף בייז און אַט אַף מילד, אַט ווי באַ אַ קליין באַליידיקט קינד און אַט טרוקן און אַקשאָנעסדיק, אַז אַ קעלט האָט פון זיי געגומען ווייען, האָבן פויערים פאַרשטאַנען, אַז מוישעלע איז טאַקע זייער זשידאָן, נאָר שלאָגן די זשידאַנעס דאַמאָלסט ווען ער איז דאָ, דאַרף מען ניט.

כאַנציע האָט געוואוסט, אַז נאָך דעם ווי זי האָט זיך אויסגעוויינט באַ מוישעלען אַפן קישן, וועט ער שוין דעם טאָג ניט אַרבעטן, ניט אַרויס־העלפן דעם פאָטער באַ דער אַרבעט. ער וועט שוין שווייגן אַזוי קאַלט און אין די אויגן באַ אים וועלן טויזנטער געפילן און פּראָטעסטן אויפ־טויכן. און דער מאַן אירער, מוישעלעס טאַטע, וועט פאַרזאָגן אַצענטן ניט צו באַליידיקן כאַנציען.

דער פעלצנמאַכער האָט דאָס טירל פונעם זונס צימער אַ צעעפן געטון און זיינע אויגן אַף מוישעלען אָנגעשטעלט:

— וועסט אויפשטיין מוישעלע? אַ סאַך אַרבעט דאַרף מען מאַכן. פויע־ים וועלן זיך אָנברויגעזן...

און צו כאַנציען:

— גיי אַרויס פון דאַנען! אַט גייט שוין די מעלקערן, די בעהיימעס אויסצומעלקן.

כאַנציע איז גיך אין קיך אַריינגעלאָפן און נעקאָמעדיק געווישט זיך די רויטע נאָז מיטן שפּיין פאַרטוך.

— מאַכסט מיך צו סאַנד און צו ספּאָט, טיפּעס, ווען ניסט איך האָסטו אַ קאַדאָכעס, ניסט אַזאַ טייערן בריליאַנטענעם מויסעלע... — האָט זי פון דער קיך אַרויסגערעדט.

— אין דער מאַמען זיינער געראָטן! — האָט דער פעלצנמאַכער צו

זיין ווייב אין קיך אריין א קוק געטון.

— סוין ווידער מיט דער מאמע זיינער, מיט דער ברייטער בעסאראבער ניסאמע?... און מיין טירכע?! אוי אז א סטיפמאמע איז פאר א יעדערן א ספייקעסטל, אירע טרערן זעט קיינער ניסט...

---

די מעלקערן, א קליינע אויסגעטריקנטע פויערטע, מיט א גראב געבופט לייבל און אלטע פאסטעלעס אף די פיס מיט שטריקלעך ארומגעבונדן, האט אן עפן געטון די טיר, ווי זי וואלט דאווקע וועלן, אז כאנציע זאל וויסן, אז זי האט געהערט דעם געשפרעך צווישן מאן און ווייב.

די פויערטע האט א קלאפ געטון מיט די פיס לעבן דער שוועל, אזוי אז דער שניי האט זיך פון די פאסטעלעס אפגעשיט און צו כאנציען געזאגט:

— אט שוין אויפגעשטאנען די פאניע אלטעריכע... ניט אלע אידישע ווייבער זיינען פויל... פאראן א סאך בייזוויליקייט אין די קריסטלעכע נעשאמעס... א זינד!...

— נעם מאנקע, א ווארעמע לאטקע מיט אביסל בראנפן, שפעטער וועסטו מעלקן די קו. — האט אלטער אריינגעשריגן.

— א בריליאנטענער מענטש איז פאניע אלטער! — האט די פויערטע מיטן קאפ א שאקל געטון. — אן עמעסער בעסאראביעץ, א ברייטע נעשאמע...

די פויערטע האט אויסגעשטרעקט אירע טרוקענע הענט צום פייער און אירע אויסגעלאשענע אויג האבן מיט האכנאע, אף כאנציען גערוט:

— א גאלדענעם מאן האסטו דיר, פאני אלטעריכע אויסגעקליבן. אפן הימל געווען ווייזט אויס און א שמאלץ גרוב זיך אפגעזוכט. — איר שמאל און צערינצלט, פאר דער צייט געעלטערט פאנעם, האט א מילדן שמייכל געטון: — אן עמעסער קריסט איז דער מאן דיינער.

כאנציע האט ניט ליב געהאט די מעלקערן, צי היימיש איז זי שוין אין שטוב. זי האט נאך פאר דער ערשטער פרוי געמאלקן דעם פעלצנ־

מאַכערס קו און געוואוסט אַלץ וואָס עס טוט זיך אין שטוב. אָפּזאָגן מאַנ־קען וואָלט געהייסן, אַז זי, כאַנציע, האָט מוירע פאַר איר און אַז זי פילט זיך ניט זיכער מיט איר פּאָזיציע: נאָר געוואוסט האָבן ביידע, מאַנקע און כאַנציע, אַז זיי האָבן זיך פיינט און יעדערער פו זזיי האָט זיך שטענדיק געדאַכט אַז עס וואָלט שוין לאַנג צייט געווען מען זאָל פון דער צווייטער פּאָטער ווערן.

כאַנציע האָט אַוועקגעשטעלט אַ טעפּל זויער־מילך אָפן טיש און אַ טעליער מיט לאַטקעס.

— נעם מאַנקע, אַביסעלע זויער־מילך אָפן ניכטערן מאָגן איז ניסט סלעכט. איך האָב דאָס ליב, אַ מעכייע!...

מאַנקעס לאַנגע נאָז איז נאָך לענגער און פאַרשפּיצטער געוואָרן. איר קרענקלעך טרוקן פּאָנעם האָט גענומען צוקן און קאָנוואולסיוו ציטע־רן. זי האָט אַ רוק געטון די רויטע פאַטשיילע ביז איבער די אויגן און דאָס קאָל אירס האָט זיך געבאָדן אין טרערן.

— אַ דאַנק, פּאַניע אַלטעריכע, עס וועט שוין אַזוי אויך גוט זיין!

— געב, כאַנציע, אַביסל בראָנפן, זאָגט מען צו דיר! די אריילע איז טויט הונגעריק.

— סוין אָפן ניכטערן מאָגן, טויט הונגעריק... — האָט כאַנציע ניט געלאָזט דעם מאַן אירן ריידן. — זי איז מייוון קאָל דיבער... טוווייג בע־סע־, טיפּעס!...

כאַנציע האָט זיך גענומען פּאָרן באַם טעלער־שאַפקעלע, געהאַלטן אין איין ניסן פון איין פּלעשל אין צווייטן, געלעקט און געזופט און זיך געבייזערט אָפן מאַן, וואָס מישט זיך אין אירע אַסאָקים. — פּינקט ווי איך וויים ניסט וואָס צו טון, טיפּעס... — זי האָט אַוועקגעשטעלט אָפן טיש וואַסערדיקן בראָנפן — טרינק מאַנקע!...

אַלטער פּעלצנמאַכער האָט אָפן ווייב אַ בייזן קוק געטון און האָט אונטערגערוקט דער פּויערטע, אַ פולן טעלער הייסע פּאַפּעשויענע לאַט־קעס.

— נעם מאַנקע, עס אַ לאַטקע און זאָל דיר וואויל באַקומען! אַ בע־ריע דאָס ווייב מיינס... אַביסעלע צוגערויכערט אפילע...

## בעסאראביע אין 1918

דער פעלצנמאכער האָט זיך אומשולדיק געצופּט די שפּיצן פון זיין ברוין בערדל און זיך גענומען אונטערזינגען א טרויעריקן ניגון. מאַנקע האָט געקייעט און זיך געקלערט, אז דער פעלצנמאַכער, איר אַלטער גע־מער באַלעבאָס, איז פון דער בייזער כאַנציע פארקישעפט געוואָרן. וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אז א מאַן זאָל דעם צווייטן ווייב זיינעם, קויפן א גאָלדן פינגערל מיט א בראָשקע!... אָן אָפּטועפּיז, — האָט זי זיך געקלערט און אירע קליינע בייזע און ניט פארגינערישע אויגן זיינען געהאָנגען אף כאַנציען.

— און וואָס הערט זיך עפּעס אין גאָס, מאַנקע? — האָט זיך דער פעלצנמאַכער לעבן איר אָפּגעשטעלט. — קומסט דאָך אין די אַנגעזעצ־נע שטיבער, דו ווייסט!

מאַנקע האָט אומשולדיק מיט די אַקסלען געצויגן:

— צי בין איך פון די ליידיקגייערינס, וואָס שטעקן די נאָז אין פרעמ־דע הייזער? איך האָב מיינע אייגענע צאָרעס: שוין דער לעצטער כאַזער פון דער שטאַל אַנטרונען געוואָרן... דאָס נעמען זיי, די נייע! נעכטן האָ־בן זיי געכאַפּט אין דאָרף קאַרוצאַן, דעם זון מיינעם. ער האָט פאַר זיי אַנ־געבראַכט האַלץ פונעם וואַלד, אַליין געשניטן און צעזעגט. גאָט זיי דאַנק, מען האָט אים ניט געשמיסן... אין דאָרף איז אַן איבערקערעניש: פּוערים ווילן ניט פאָרן מיט די עלצטע, ווילן ניט אָנווייזן ווי רייכע פּוי־ערים וואוינען, שלאָגט מען זיי צום טויט... קאַרוצאַ מיינער איז ווילד! שאַרפט די האַק א גאַנצן טאָג... אַזאַ אומגליק! א זינד א גרויסע, גאָט וועט שטראָפן פאַר אַקעגנשטעלן זיך דעם קייסער, נאָר מיין זון וויל אַפּי־לע ניט הערן דערפון: ער שעלט דעם קייסער זייערן, דעם נייעם מיין איך. זיין קאַלע, א רייכע באַלעבאַטישע טאָכטער, סטראַשעט, זי וועט דעם שידעך אָפּלאָזן אויב ער וועט ניט אויפהערן די האַק צו שאַרפן. ער פאָלגט ניט. א זינד א גרויסע.

כאַנציע האָט איר איבערגעשלאָגן:

— איז עס עמעס, אז דאָס מיידל דיינס איז מיט אַן עלצטן אַנט־לאָפן? אידישע מיידלעך כאַפּן זיך ניט צו אַזאַ טינופעס, זעסטו סיים!...

מאַנקעס אויסגעלאָשענע אויגן האָבן זיך אין בלוט א טוק געטון.

# גאָלדע קרימער

— א כאַרפּע, א בושע אַ פּינצטערע האָט זי אונדז אָפּגעטון. וואָלט דאָס כאָטשע געווען אַ אונדזעריקער! אָ, דער יונג מיינער וועט זיי ניט שווייגן! דער טאַטע אירער אין קייווער אויך ניט! טויט איז זי פאַר אונדז, טויט!...

ס'האָט זיך געעפנט די טיר און כאַזשינסקי, כאַנציעס אַ גוטער פריינט, איז אין דער אָפענער טיר שטיין געבליבן.

כאַזשינסקי איז אַן אַלטער גרויער פּויער, מיט אַ הויכער סוטולע־וואַטער פּלייצע. דעם קאָפּ זיינעם מוז ער צוליב דעם האַלטן אויסגעצויגן אַף פאָרויס, ווי ער וואָלט עמיצן אָדער עפּעס געזוכט. זיינע גרויסע אויגן, ווי צוויי גלעזערנע באַנקעס, זיינען גרינע, מילדע, אַרויסגעשטאַר־טשעטע און קוקן ניט גלייך צו דעם מענטשן מיט וועמען ער רעדט, נאָר אַריבער, אַ סאַך ווייטער. ס'איז קענטיק געווען, אַז ער האָט געבראַכט ניים. כאַזשינסקי ברענגט מיט זיך שטענדיק שטאָטישע נייעס. די ווייסע שליאַקע שיטערע האָר ארום זיין גרויסן פּליך, איז געווען צעשויבערט און געפאַלן איבער זיינע באַנקע אויגן, אַפּאָנעם זיך שוין איבערן דאָרף אַרומגעשלעפּט און אויפגעזוכט אַלע נייסן פאַר זיין כאַנציען. זיינע קאַל־טע ראַזירטע באַקן, וואָס האָבן אַראָפּגעהאַנגען ווי די אָפּגעפאַלענע גוי־דערס באַ אַ פעטער הון, האָבן געציטערט פון אויפרעגונג. כאַזשינסקי איז אַן אַלטער אידן־פריינט. ער האָט ליב געהאַט אידישע פיש און גע־לעקט די פינגער פונעם לאָקשענעם אָדער געבלעטערטן זיסן קוגל. דער־פאַר פלעגט ער איינהייצן די רובע, יעדן שאַבעס און אַראָפּנעמען די לייכטער פון טיש. ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ מיצווע. דעם אידישן טשאָלנט האָט ער אויך געגעסן פאַר מיצווע ווען און האָט ליבערשט גע־האַט אָנצוקנייפּן די באַקן באַ אַ אידיש מיידל איידער באַ אַ גויעשער. אַלץ פאַר מיצווע. ער פלעגט אָבער אויך ליב האָבן אַנדערע מיצוועס: ער האָט ליב געהאַט פאַרנאַרן צו זיך אין כאַרטשעווניע אַ אידיש איינגל און אים אַף גוואַלד אַריינרוקן אַ שטיקל כאַזער אָדער אַ ברוינע כאַזערי־שע גריוו אין מויל אַריין, און אַז דאָס איינגל האָט זיך געווערט, געדרייט מיטן קעפּל און פאַרמאַכט די ליפּן, וואָס זיינען שוין אָנגעריבן געווען פונעם כאַזער און געצויגן מיטן נעזל, פלעגט כאַזשינסקי ווערן אַן אויפ־

# בעסאראביע אין 1918

געקאָכטער און די באַנקע אויגן האָבן געטאַנצט באַ אים אין קאָפּ, ווי די מייז אין אַ שטייגל: — אַ פּאַראַקשנט פּאָלק, די אידן!... אָן אַ אידישן פריינט האָט כאַזשינסקי נישט געקענט לעבן. און ער האָט געהאַט אַ סאַך אידישע פריינט. האָט באַוויינט אידישע מייסים און האָט געטאַנצט אַף אידישע בריסן און כאַסענעס. ער האָט נישט געלייקנט, אַז אידן זיינען אַמאָל ווערט אַ פּאָר קלעפּ, מאַכמעס „זיי נאַרן אָפּ די גויעם", נאָר אַז אידן האָבן די „פּאַרדינטע" קלעפּ געכאַפּט, האָט ער אויך געקענט וויי־נען. ער פלעגט זיי אויסבאַהאַלטן באַ זיך אין שטוב, אין קעלער אַף ווי לאַנג ס'האָט געדויערט די געפאַר.

כאַזשינסקי האָט אויסגעגלעט די לאַצן פון אַלטן בלויען פראַק — דער אַמאָליקער איכעס זיינער, מיט די מעשענע קנעפּ, וואָס האָבן גע־גלאַנצט ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן, נאָך ווען דער פּריסטאַוו, כאַ־זשינסקים אַ לייבלעכער קאַרעוו, האָט אים געטראָגן, און מיט גאַדלעס געקוקט אַרום זיך ווי איינער רעדט: ווייסט מיט ווע׳מען איר האָט דאָ צו טון!... מאַנקע האָט דאָס נישט געקענט פאַרטראָגן. זי האָט אַ שמייכל געטון:

— נאָך פון די גוטע אַלטע צייטן... נאָר די פוטערלעך באַם קאָלנער און באַ די אַרבל זיינען שוין אָפּגעריבן. טויגן שוין נישט...

נאָר כאַזשינסקי האָלט שוין אָנגעשטעלט זיינע באַנקע אויגן אַף כאַנציען, זיין פאַרערערן:

— גוט מאָרגן אייך, פּאַניע אַלטעריכאַ! — פאַרנויגט ער זיך קאַ־וואַליעריש, גאַרנישט ווי אַ פּויער. — שוין ווידער נישט פרייליך אין דאָרף און אַרום דער שטאָט. אַ גאַנצע נאַכט זיינען פורלעך פונעם אָבאָז, פולע מיט געווער אין די אַרומיקע דערפער אַריינגעפאָרן. מען ריכט זיך אַף עפּעס ניים.

— איז וואָס זאָל דאָס באַדייטן, גאָספּאָדין כאַזשינסקי? — האָט אים דער פעלצנמאַכער בעקיוון באַטיטלט מיט זיין אַמאָליקן שיינעם נאָ־מען, ווען ער איז נאָך געווען אַ דינער באַ זיין קאַרעוו, דעם אַמאָליקן שטעטלשן פּריסטאַוו.

— איך האָב אָפּריער געוואוסט, אַז אַזוי וועט עס זיין! — האָט

כּאַנציע פלוצים אַ פּאַטש געטון מיט ביידע הענט אינדערלופטן. — געוואוסט פּאַני כּאַזשינסקי!

— יאָ, פּאַניע אַלטעריכאַ, אַ מאַנסבילישן קאָפּ פאַרמאָגסטו אַף זיך. פאַרשטייסט, דו קענסט אין דער גראַמאַטע. — זיינע גלעזערנע באַקע אויגן האָבן זיך פאַרלוירן אינעם וואַסערדיקן פלעשל בראָנפן לעבן מאַנקען. — און דו, מאַנקע? און די קליינע דיינע איז פאַרברענט נאָכן ציגיינער! אינגאַנצן אַוועק פון אונדזערע! אַזאַ פּאָדלעסט! און ווען איז דאָס געשען? אין געציילטע טעג, דאַכט זיך, אַזאַ אויסוואורף!...

כּאַנציע האָט אַ שיינענדיקע דאָס פלעשל מיט בראָנפנדיקן וואַסער ארויסגענומען פון מאַנקעס הענט.

— טרינקט, פּאַני כּאַזשינסקי! טרינקט און דערציילט עפּעס נייס! זיי, די שלימאַזאָלים ווייסן ווער סע עסט און גיט זיי נישט...

מאַנקען האָט פאַרדראָסן פאַר איר אַלטן גוטן באַלעבאָס, איר פּאַני אַלטער.

— דיין מאַן נישט שלימאַזל! — האָט זי גענומען ריידן צו כּאַנציען מיט אַ גאָישן אידיש. — רומען שלאָגט בעקער, רומען שלאָגט זייצער, שלאָגט גוי... ווער נישט פאָלגן, ווער נישט גיב סכוירע און ווייןאָן געלט, רומען שמייסט... רומען באָרוועס, נאַקעט, רומען גאַנעוו!...

— טרינק מאַנקע! — האָט איר דער פעלצנמאַכער אַ ריין גלעזל ספּירט דערלאַנגט. — האָסט אַ קלוגן קאָפּ אַף דיר, קלוג ווי דער טאָג.

כּאַנציע האָט געמונטערט כּאַזשינסקין:

— דערציילט עפּעס, פּאַני כּאַזשיסנקי! איר זיינט דאָך צווישן גרויסע איידעלע לייט געקומען... דערציילט!

כּאַזשינסקי האָט נאָכעסדיק געשמייכלט און געגלעט די אָפּגעקראָכענע לאַצן פון זיין איכעסדיקן פראַק.

— צי איך בין צווישן גרויסע מענטשן געקומען? נאָך ווי אַזוי געקומען!

— אָט, זעסטו שוין, כּאַנציע, ווער פּאַני כּאַזשינסקי איז!... — האָט דער פעלצנמאַכער אַ צווויידייטיקן קוק געטון אין זיין ווייבס פּאָנעם אריין און זיך געפרייט דערמיט וואָס זי האָט זיינע בליקן אויסגעמיטן.

## בעסאראביע אין 1918

ער האָט געוואוסט אַז זיין קאַרגע ליטוועטשקע, וואָס האַלט אין איר גאַרטל די שליסלען פון זייער באַלעבאַטישקייט, איז נישט גלייכגילטיק צו דעם כאַזשינסקי, נאָר זי וועט זיך נישט נאָכגעבן, אַן אָקשן איז זי די כאַנציע זיינע... און כאַנציע האָט זיך גערויטלט און ווידער געגרויסט זיך מיט איר גוטן פריינט, וואָס באַשיט זי מיט קאָמפּלימענטן. — איז וואָס הערט זיך פּאַרט בא אייערע גרויסע לייט? — האָט אַלטער זיך שוין געווענדעט צו כאַזשינסקין. — דערציילט.

— אָט וואָס איך דערציילן, פאַניע אַלטעריכאַ; נעכטן געוועזן באַם באַטיושקאַ, צו גאָטס סלוזשבע געקומען. דער באַטיושקאַ זאָגט מיר פּויערים מיטן רומען, נישט מיט די אידן!...

דער פעלצנמאַכער, דער קליינער רויקער מענטש מיט די ברוינע מילדע אויגן האָט זיך אַ גלייך אויס געטון אַנטקעגן דעם פּויער און די ברוינע אויגן זיינע האָבן אַ שפּריץ געטון מיט קאַס, מיט פאַרביטערונג און שטאָלץ:

— דער באַטיושקאַ אייערער דער פּרומאַק, וואָס פאַרסאַמט די פּויערים פון דאָרף, האָט נאָך אינעם קעשענעווער פּאָגראָם אַ שיינעם אַנטייל גענומען. אַ דאָס סוינע איז ער אונדז, אַז די הויט זאָל אָף אים ברענען, דער פאַרשטונקענער פּאָפּ דאָרטן!...

כאַנציע איז פון בושע רויט געוואָרן. איר ליבלינג, דער אינטעליגענט, האָט זיך שטאַרק באַנאַרישט. און מאַנקע, די אַלטע גוטע פּויערטע, די לאַנגאָניקע מעלקערן, וועט ווידער נעמען די אויבערהאַנט און ווערן אַ טוישעוו אין שטוב אירער, זיך האַלטן גרויס מיט איר פריינטשאַפט צו אידן. כאַזשינסקי אַליין האָט זיך שוין קיין אָרט ניט געקענט געפינען. ער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן:

— מיר, ס'הייסט די פּויערים, זיינען ניט איינגעגאַנגען אָף דעם: פאַרקערט, מיר האָבן געטיינעט, אַז דער רומען איז אַן אומגליק פאַרן לאַנד, אַ פּלאָג פאַרן פּויער און פאַרן לאַנד. מירן מוזן גיין איניינעם, אויב מיר ווילן ראַטעווען אונדזער לאַנד...

מאַנקע האָט זיך פונעם בענקל אויפגעהויבן און האָט גענומען ריידן און זשעסטיקולירן מיט אירע דאַרע הענט, וואָס האָבן האַלב אַרויסגע-

## גאָלדע קרימער

קוקט פון די קורצע פאַרלאַטעטע גראָבע אַרבל פונעם לייבל.

— טייַנעט דאָך דער קאַרוצאַ מײַנער אויף דאָס אײַגענע. נאָך מער׳ דער זון מײַנער טייַנעט, אַז דער רומען איז אַ שלעפּער, אַ ציגײַ־נער, וואָס וויל דאָס לאַנד אונדזערס באַרויבן, אונדז פּאַראַרימען, אומ־ברענגען...

— אָבער וואָס זאָגט איר דערצו, פּאַני כאַזינסקי? איר זײַנט דאָך אינטעליגענט, פּאַרט די יאָרן אײַערע פאַרבראַכט צווישן גרויסע געלערנ־טע מענטשן. — האָט כאַנציע ניט פאַגונען מאַנקען דאָס אַרײַנמישן זיך אין אַזאַ וויכטיקן געשפּרעך.

דער פּויער האָט זיך געגלעט די לאַצן פון זײַן איבעס־פּראַק און געשטאַמלט צופרידן:

— אַ געבילדעטע פרוי, פּאַניע אַלטעריכאַ, ווייסט אָפּצושאַצן יעדן לויט זײַן ווערט.

— צי איך קען סאַצן, צי איך קען!...

מאַנקע האָט פון אויפרעגונג די פּאַטשײַלע אירע אַ רוק אַרויף גע־טון און זיך גענומען קראַצן אינעם פּלאָנטער גרויע האָר.

— די פּויערים טייַנען, אַז דער רומען איז אַן אָרימער ציגײַנער, ער האָט קיין רעכט ניט צו הערשן איבער בעסאַראַביע. אַזוי טייַנען זיי. אַ קייסער, זאָגן זיי, דאַרף זאָרגן פאַר זײַנע אונטערטאַנען און ניט גאַנ־ווענען בײַ זיי און שלאָגן און הארגענען. אַ רויבער איז ער, גאָט זאָל מײַנע זינדיקע רייד ניט פאַרנעמען...

— אָט דאָס הייסט דיבורים! — האָט זיך דער פּעלצנמאַכער גע־שמאַלצן פון נאַכעס. — זיי, די געלערנטע, מײַנען אָפּאָנעם, אַז מיר, די פּאָשעטע מענטשן, טויגן שוין אינגאַנצן אויף קאַפּאָרעס. נאָר דעם עמעס געזאָגט, כאַנציע מײַן ווייב, האָבן מיר דאָך אידן בײַ פּאָנקע גאַנעוו אויך קיין האָניק ניט געלעקט... ס׳איז אָבער פּאָרט געווען עפּעס אַנדערש. מיר האָבן טאַקע צוגענומען די עמעסע פּעטש, מיטן זשיד פּאַרכאַטי, נאָר מאָ׳גן זיך ווידער איבערגעבעטן, אַפּילע מיטן פּריסטאַוו, מיטן גובער־נאַטאָר, אַבי מען האָט געשמירט, איז מען געפּאָרן. זיי זײַנען געגליכן געווען צו אַ שלעכט ווייב, לעהאַוודל, וואָס אָט שעלט זי דיך, מאַכט פון

דיר אש און בלאָטע און באַליידיקט דיך פאַר פרעמדע מענטשן אין די אויגן און באַלד שמייכלט זי צו דיר און גלעט דיך און אַזוי גלעטנדיק, וועט זי דיר אַרויסנעמען דאָס כייעס מיט די יאָרן און וועט דיך טריי־בן נײַן אייל ן אין דער ערד!...

מאַנקע האָט אירע טרוקענע הענט אפן שפּיץ בויך אַרויסגעלייגט און זיך פרום צעשאָקלט.

— מיט גאָלד דאַרף מען אַזאַ מאַנספּאַרשוין ווי דו, ווען. קיין גאַל האָסטו ניט! שלאָגט מען ניט אַ ווייב זיבן יאָר, וועט זי ווערן אַ שלאַנג!...

— כאַזשינסקי האָט צו כאַנציען געשמייכלט...

אין דעם איז מוישעלע, אין אַ גרויסן געלן פעלץ אָנגעטון, מיט אַ גרויער אויפגעשטעלטער קוטשמע, אין קיך אַרייַנגעקומען. אַ שווייַנגנדי־קער האָט ער זיך אַ לאָז געטון צו דער אַרויסגאַנג־טיר און האָט זיך אַף קיינעם אין קיך ניט אומגעקוקט.

באַלד האָט זיך דערהערט פונדרויסן זיינער אַ קלאַפּ אין דער שויב פונעם קליינעם קיך־פענצטערל. זיין קאָל האָט געציטערט:

— די גאַס גייט כאַדאָראָם, מען שיסט ערגעץ הינטער דער שטאָט, און זיי דאַרטן אין קיך, מען פירט פּאָליטיקע!...

כאַנציע האָט אויפגעציטערט. אירע שוואַרצע הייסע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פאַרצווייפלונג.

— אוי פּאַני כאַזינסקי, מע סיסט, מע סלאָגט סיים ווידער אידן, אַ ווייטיק איז מיר אין דער ניסאָמע. וואו איז מויסעלע ערגעץ אַהינגע־קומען?!

כאַזשינסקי האָט זיך אַ כאַפּ געטון ווי אַן אונטערגעשאָסענער. ער איז אַרויסגעפלויגן פון דער קיך. ער האָט זיך נאָך דערמאָנט צו פאַר־נויגן פאַר זיין פאַרערערן די געבילדעטע פּאַניע אַלטעריכאַ:

— וועסט מויכל זיין, דיך אינמיטן געשפּרעך איבערגעלאָזט.

מאַנקע האָט אים מיטן קאָפּ נאָכגעשאָקלט:

— די פיינע לייט האָבן אים אויסגעלערנט ווי אַרומצוגיין אַרום אַ באַבא... פונדעסטוועגן, ראַטעוועט ער פאַר אַלעמען ס'אייגן פעלעכל...

## ט. — די עקזעקוציע פון די פערציק

אַלטער פעלצנמאַכער האָט אָנגעקלאַפּט אינעם לאָדן פונעם שלאָס־צימער באַ יאָסקע פונעם איינפאָר־הויז:

— רעב יאָסל! — האָט ער מיט גרויען פּאַכעד אין די שפּאַרעס אַריינגערעדט. — איר הערט וואָס סע טוט זיך; מען שיסט, דאַכט זיך, דאָ ניט ווייט הינטערן באַרג.

יאָסקע, אינעם פעלצל אָנגטאָן, איז אַרויסגעקומען אַפן גאַניק.

— יאָ, מיר שטייען שוין עטלעכע מינוט באַם פענצטער. רייזל האָט מיך פון שטוב ניט אַרויסגלאָזט.

באַלד איז רייזל אַרויסגעקומען און נאָך איר אוליאַנאַ, נאָך אין די קאָלדרעס איינגעהילטע. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט ווי זיי וואָלטן זיך ניט געטרויט איינע דער אַנדערער אַליין צו בלייבן אינדרויסן אין די געפערלעכע מינוטן.

אַקעגניבער איז אַרויסגעלאָפן אינדרויסן כייעם סטעלמאַך, אַן אַלטער איד מיט אַ ברייטער גרויער באָרד. פונעם לאַנגן פעלץ, וואָס ער האָט געטראָגן, האָבן זיך אַרויסגעזען זיינע רויטע וואַטאָווע מייטקעס און הויכע אָפּצאַסן פון ווייבערישע שיך.

אוליאַנאַ האָט זיך צעשמייכלט.

— זעסט, רייזל, פון איילעניש האָט ער אָנגעטון דעם ווייבס שיך.

רייזל האָט זיך אַרויפגעלייגט די האַנט אַפן מויל:

— לאָז אָפּ, אוליאַנאַ, מען טאָר ניט לאַכן.

נאָר זי האָט זיך פאָרט ניט געקענט באַהערשן און ביידע ווייבער, אוליאַנאַ מיט רייזלען, זיינען אַריין אין קאָרידאָר און געלאַכט, אַז טרערן זיינען זיי גערונען פון די אויגן.

באַים סטעלמאַך מיט דער צעשויבערטער באָרד ווי אַ ניט גוט אויס־

# בעסאַראַביע אין 1918

געבונדענער וויניטשע־בעזים, האָט זיך גענומען לויפן, שלעפּן די ווייבערשע שיך פונעם שניי אַרויס און גערופן די שכיינים:

— קומט מירן אַ קוק טון! ס'עט היינט זיין פריילעך אין שטאָט.

און די בעזים־באָרד זיינע איז געפלויגן פאָרויס און די ווייבערישע שיך האָבן זיך אים נאָכגעשלעפּט.

ווייבער מיט שנעל אַרויפגעוואָרפענע שאַלן אויף די אַקסלען און האַלב נאַקעטע מוידן און באָכערים, האָבן אָנגעהויבן אַרויסקומען פון די שטיבער, זיך אָנגעלאָפן אויפן מיטן וועג און צעשראָקן גערופן:

— קומט צו דער בריק, מירן אַ קוק טון.

דער אַלטער איד, כאַים סטעלמאַך, איז געלאָפן פאָרויס און די מוידן מיט די באָכערים נאָך אים.

פּלוצים האָט אַ הילך געטון פון גאָר נאָענט און אַ געדיכטער שוואַרצער וואָלקן רויך האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן באַשנייטן באַרג־שפּיץ און האָט זיך דערטראָגן ביז דער שטאָט, איבער די קעפּ פון דער מאַכנע.

באַלד האָט זיך דעהערט אַ שטאַרקער גאַלאָפּ פון פערד און דאָס קלאַפּן פון שווערע רעדער אינעם שניי.

כאַים סטעלמאַך איז שטיין געבליבן. זיינע אויגן האָבן אויסגעדריקט צווייפל. ער האָט אַ מאַך געטון מיט איין האַנט צו דער מאַכנע יוגנט, וואָס איז אים נאָכגעלאָפן, דעם אַלטן קאָזאַק, ווי זיי האָבן אים גערופן.

— קינדער, ציט אָפּ, אויף גיך!

און באַלד טאַקע האָט זיך דערהערט אַן אָפּטערע שיסעריי, ווי מען וואָלט באָמבאַרדירט דאָס שטעטל און אַ מאַכנע סאָלדאַטן, רייטער מיט די ביקסן אויף די פּלייצעס האָבן זיך פון שליאַך אין שטאָט אַריינגעשאָטן.

די גאַס איז מיט זיי פול געוואָרן. עטלעכע צענדליק רייטער אַרום וועגענער און שליטנס מיט געבונדענע פּויערים. צעשלאָגענע, מיט בלויע וואונדן אויף די קעפּ און אויף די פּנימער, זיינען די פּויערים האַלב ליגנדיקע, מיט שטריק צוגעבונדענע צו ד וועגענער און שליטנס, ווי די אָקסן צו דער שכיטע און צו די באַקאַנטע זייערע, די אידישע קרעמער און

## גאָלדע קרימער

באַלמעלאָכעס געקוקט, געשיקט זיי דעם לעצטן שווייגנדיקן גרוס...

צענדליקער פּויערטעס, צעשויבערטע און דערשראָקענע, מיט קליינע אין שמאַטעס איינגעוויקלטע קינדער אויף די הענט און גרעסערע, בײַ די מאַמעס קליידלעך אָנגעהאָנגענע, זײַנען ווי די שאָף נאָך די אַרעסטירטע פּויערים געטריבן געוואָרן.

די קוילעס און געשרייען פון די סאָלדאַטן האָבן אַ פּאַכעד געוואָרפן:

— אַלע אַרויסט פון די שטיבער; אַלע מיט אונדז, בלוט פון איבערן דניעסטער!

צעשראָקענע האָבן אַלע איינוואוינער גענומען זיך צעלויפן, ווער אין פּרעמדע, ווער אין אייגענע שטיבער. סאָלדאַטן זײַנען זיי נאָכגעלאָפן, אָנגעכאַפּט וועמען פאַרן קאָלנער פונעם פּעלץ, וועמען פאַרן פּידזשאַק און וועמען פאַר דער טשופּרינע.

— קום, זאָגט מען דיר, בלוט פון איבערן דניעסטער!

אויסגעשטעלט האָט מען די שליטנס מיט די אַרעסטירטע פּויערים און פּייערטעס הינטער דער שטאָט, אויף אַ ליידיקן פּלאַץ ניט ווייט פונעם בולוואַר וואָס לעבן קאָמענדאַנטס וואוינונג. אַלעמאָל האָבן סאָלדאַטן גאַנצע גרופּעס צוגעפירט. פּויערים און פּויערטעס פון שטאָט און פון די אַרומיקע פּויערישע גאַסן. אין לאַנגע רייען, שטרענג באַוואַכטע פון מיליטער מיט קאַנאָנען און קוילנוואַרפער, זײַנען זיי אויסגעשטעלט געווען. אַ שניי אַ געדיכטער איז געפאַלן אויף זיי און האָט זיי ענדלעך געמאַכט צו אַלטע געזונקענע און מיט שניי פאַרשאָטענע מאַצייוועס.

פון צייט צו צייט האָט אַ פּויער דעם קאָפּ זײַנעם פון צווישן די אַקסלען אַרויסגערוקט און מיט טויטלעכן פּײַן זײַנען אַ פּאָר שטאַרע אומ־אויסדריקלעך צעשראָקענע בליקן הענגען געבליבן אויף ווייב און קינדער, איינגעשטאָכן זיך אין די הענט פון די צענדליקער סאָלדאַטן מיט די געלאָדענע ביקסן און ווידער רעזיגנירט אַריינגענומען דעם קאָפּ אינעם פאַר־בלוטיקטן העמד און געוואַרט אין פײַנלעכן פאַרצווייפלטן וואַרטן...

אויף אַ בוים מיט צוויי דיקע צווייגן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי די צענומענע פיס פון אַ מענטשן וואָס שטייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, איז גע־זעסן מוישעלע דעם פּעלצנמאַכערס. געזעסן און די אויגן האָבן בײַ אים

געפינקלט מיט אַלערליי אויסדרוקן פון פּראָסט. די קינבאַקן שטייף און פאַרשפּיצט, די נאָזלעכער מיטן פאַרטשעמעטן מויל האָבן געציטערט. ער האָט געוואַרט, געוואָלט זען וואָס מען וועט טון מיט די אַרעסטירטע.

א ברייטע צעוואַקסענע מויד אין אַ מענערישער לעדערנער קורטקע, אין אַ שוואַרצער קוטשמע אָנגעטון, האָט פון צווישן די ביימער אַ רוף געטון:

— וואָס טוט מען זיי, מוישע? מ'עט זיי דאָרט אויסקוילען!...

ער האָט דעם קאָפּ צו איר אויסגעדרייט און אומצופרידן אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. ער האָט זיין שטומען פּראָטעסט מיט זיינע פינצ־ערע אויגן אַהין געשיקט.

ס'זיינען צוגעפאָרן עלצטע. שטייף און ערנסט זיינען זיי געווען. זייערע גאָלדענע אויסצייכענונגען, צלאָמים און מעדאַלן, האָבן געשיינט אויף די האַנאָריסטע אַרויסגעשטעלטע ברוסטן. אָנערקענונג פאַר זייער שמייסן און פייניקן די בעסאַראַביער אידן און פּויערים. זיינען אַריין צווישן דעם אָנגעטריבענעם האַמוין: אָרדענונג מאַכן. און באַלד אַריין צווישן די שליטנס מיט די געבונדענע פּויערים, דעם געפאַנג. ווי אָנגע־זעענע מעכוטאָנים אויף אַ היימישער כאַסענע, האָבן זיי זיך געראָעשט אינמיטן דער אָנגעצויגענער שטילקייט אונטער דער שמירע פון די גע־לאָדענע ביקסן און קאַנאָנען. די שטילקייט האָט ענדלעך אויפגעריסן, ווי ניט מיט אייגענעם ווילן האָבן די פּויערטעס מיט זייערע קינדער אַ רעווע געטון און האָט ציטערן געמאַכט יעדן איינעם פון די צונויפגע־טריבענע איינוואוינער.

— וואַליו, גוואַלד!

די מאַסע האָט זיך מיטאַמאָל אַ וויג געטון. אַ געברום, ווי דער פּראָ־טעסט פון אַ כייע, האָט אַ שוועב געטון אינדערלופטן, אויף דעם גאַנצן פּלאַץ.

— וואַליו, וויי דע נו! וויי צו אונדז!

די סאָלדאַטן האָבן זיך צום געווער אַ כאַפּ געטון. עטלעכע זאַלפּן האָבן זיך צעהילכט, זיך צעשאָטן איבער די פּויערישע קעפּ, פאַרטויבט דעם אַרום אינאיינעם מיט די געוויינען און געשרייען, וואָס זיינען איבער־

געהאַקט שטעקן געבליבן אין די הערצער און געשטאָכן, געבריט ווי הייסע פּיילן. איין מינוט בלויז איז שטיל געווען. נאָר באַלד האָט זיך אַ שאַרפער קוויטש, אַ פאַרצווייפלטער געשריי דערהערט:

— וואַליו, ווײ דע נו! ווײ! ווײ!

די קוילעס האָבן זיך איינגעשטאָכן אין יעדנס האַרץ, אינעם מאַרך פון די ביינער אומגעלאָפן און ביזן איינגעווייד פאַרקראָכן.

די סאָלדאַטן האָבן זיך דערשראָקן. זיי האָבן גענומען שלאָגן די פּויערים, די נאַהייקעס איינגעשניטן אין זייערע לייבער, געוואָלט אַזוי אַרום זיי די מיילער פאַרמאַכן.

פּלוצים איז פון צווישן די עלצטע אַ קליין מיליטעריש פאַרשווינדל מיט לאַנגע טרוקענע הענט און פיס און אַ גרוסן שפּיציקן שיף אַריינגעזעצט צווישן הויכע אַקסלען, אויף אַ שליטן אַרויפגעשפּרונגען. ער האָט גענומען ריידן, אומפאַרשטענדלעך און אויף גיך, שווער געווען זיין שפּראַך צו פאַרשטיין. נאָר געוואוסט האָט מען, אַז דאָס גיסט ער גיפט, פולע צעבערים שמוץ, קרענקלעכן סאַדיסטישן האַס, וואָס סאַמט די פרייד פונעם נ:עסאַראַביער ברייטהאַרציקן פאָלק, פון זיין רייכקייט, וואָס פאַלט אַרונטער ווי אַ פּרוכט פון אַ צייטיקן בוים צו דער רומעניש ער הערשאַפט, געשוואומען האָבן דעם פאַרשווינדלס אייגעלעך, פון די געבונדענע פּויערים צום אָנגעטריבענעם אוילעם און צוריק.

— באָלשעוויש! סענדזשעל, דע פּישטי ניסטרו! — האָט ער מיט די לאַנגע הענטלעך זשעסטיקולירט.

פאַרענדיקט זיין הייסע פּאַטריאָטישע רעדע, האָט ער גענומען שפּרינגען ווי אַן אָפּגעבריטער פון איין שליטן צום צווייטן, געריטשעט ווי אַ כאַזער באַם בראָטן און געקנאַקט מיט דער נאַהייקע איבער די פּויערים־בערגלעך, איבער די לעבעדיק באַגראָבענע אומשולדיקע מענטשן.

— אַרויסט פון די שליטנס, בלוט פון איבערן דניעסטער!

צווישן אוילעם האָבן זיך אויגן צו אויגן אומרויק געצווינגן ברייט אויפגעריסענע און זיך שטום געפרעגט:

— וואָס וועט זיין?!...

דעם פאַרשווינדלס קוויטשען האָט געשטאָכן ווי הייסע נאָדלען אין

אייטערדיקע וואונדן און ארייגעדרונגען אין די נערוון, אינעם אויפגע־שטורעמטן בלוט.

די לעבעדיקע בערגלעך מיט פויערים האבן זיך א רודער געטון. דער שניי האט גענומען פון זיי אראפפאלן. די פארבלוטיקטע העמדער, האר־טע, ווי בלעכענע, צום לייב צוגעפרוירענע, האבן זיך באוויזן, א קאפ האט זיך אויפגעהויבן, פול מיט וואונדן און א פאר גרינע טויטע, פול מיט רעזיגנאציע, פויערשע אויגן. איינער נאכן אנדערן, קרעכצנדיק צווי־שן די ציין, האבן זיי זיך ווי די קאליקעס, פון די שליטנס ארויסגערוקט. געהויקערטע, ווי זקיינים, האבן זיי מיט די צעוואונדעקטע הענט צוגע־האלטן די נאכגעלאזטע אפגעשפיליעטע הויזנס אף זיך און נישט גע־פילט נאך די לויזקייט פון די אויפגעשלאסענע קייטן אף די הענט.

עטלעכע סאלדאטן האבן זיי צוגעבראכט נייע בליאסקעדיקע גראב־אייזנס און ברעכ־אייזנס. דאס פארשווינדל האט א קוויטשע געטון:

— גראבט! בלוט פון איבערן דניעסטער!

די פויערים האבן ארום זיך א קוק געטון. די אויסגעלאשענע אויגן זייערע האבן גענומען מאדנע פינקלען און זיך איינגעגעסן אין ווייב און קינדער, אין גוט באקאנטע אידן און שטאטישע קריסטן, וואס האבן דורך פיינלעכן אנגסט, דורך שטומען פראטעסט זיי צוגעשיקט דעם לעצטן פארבלוטיקטן ברודערלעכן גרוס.

שווייגנדיק האבן די פויערים לעבן די גראב־מאכשירים אפן שניי זיך אראפגעזעצט און פארגאנגען זיך אין א שטילן אינערליכן געיאמער.

דאס קליינע פארשווינדל, ווי פון א קויל געטראפן, האט גענומען שפרינגען ארום די פארזונקענע אין זיך פויערים און געקנאקט מיט די אפצאסן איבער זייערע צעוואונדעטע קעפ:

— וואס גראבט איר ניט? בלוט פון איבערן דניעסטער!

די פויערים האבן זיך שווייגנדיק אונטערן האגל פון קלעפ געבויגן, געזונקען אלץ טיפער אין שניי אריין און זייערע ברייטע אויפגעריסענע בליקן אין דער ערד פון זייער לעבנס פרייד און זין פון זייער לעבן...

עטלעכע פויערטעס האבן זיך אין שניי פאר די סאלדאטן א וואָרף געטון מיט אויסגעשטרעקטע הענט ווי צו א טפילע און געיאמערט:

— האָט ראַכמאָנעס אַף אונדזערע מענער, אַף די טאַטעס פון אונ־דזערע קינדער, זיי זיינען אומשולדיק, שענקט זיי אונדז צוריק!...

די קוילעס פון די ווייבער און קינדער האָבן אַפּנעם געווירקט, האָבן דערמאַנט די סאָלדאַטן אין זייערע אייגענע ווייבער און קינדער און די נאָהייקעס בא זיי אין די הענט האָבן זיך נאָכגעלאָזט און די ביקסן זיי־נען שוין ניט שטייף געזעסן אין זייערע הענט.

דאָס פאַרשווינדל האָט זידדערשראָקן. דאָס ווייכקייט פון די סאָל־דאַטן, זייער ראַכמאָנעס צו די פויערטעס מיט די קינדער האָט אַף אים אן איימע אָנגעוואָרפן. ער האָט אַ פרישע מאַכנע סאָלדאַטן געבראַכט און שטרענג אַ באַפעל געטון:

— שוין זאָלט איר אַ גרויסן טיפן גרוב אויסגראָבן!

די סאָלדאַטן האָבן געאַרבעט גיך און געטריי, און באַלד האָט אַ גרויסער פירקאַנטיקער גרוב אַ פאַרטיקער געוואָרט.

די פויערים זיינען געזעסן און זיך קיין ריר ניט געטון. נאָר די פּעניִמער זייערע זיינען געוואָרן אַלץ אויסגעלאָשענער, אַ כווישעבדיקע פיין האָט פונעם גרוב אַרויסגעקוקט צו זיי מיט אַ שוואַרץ קראָעדיקן גע־יאָמער.

פּלוצים איז צווישן אוילעם אוימרויק געוואָרן. אַ שטילער געמורמל האָט זיך דורכגעריסן, זיך געטראָגן פון איינעם צום צווייטן.

— דמיטרו, דער קאָמענדאַנט איז געקומען!

דער קאָמענדאַנט, אַ הויכער און ביינערדיקער, מיט שפּיציקע קינ־באַקן און אַ בלויע בריל אַפן רעכטן אויג, איז מיט ראַעש און דרייסטקייט אַף אַ שליטן אַרויפגעשפּרונגען. ער האָט אַ גרויס פּאַפּיר אַ צעעפן געטון און גיך, ווי געטריבן פון עמיצן, אָנגעהויבן לייענען:

— מיר, די נייע באַשיצער אייערע פונעם פּאָגראָמירטן און העפקער געבליבענעם בעסאַראַביע, האָבן אויפגעדעקט אַ נעסט פון באָלשעוויקעס און פאַרברעכער. זיי, די פויערים, די אַנאַרכיסטן און אַטענטאַטאָרס, האָ־בן געיואָלט אונדז, אייערע פריינט פון בעסאַראַביע פאַרטרייבן און צווינ־גען די באַפעלקערונג צו געהאָרכזאַמער אונטערטעניקייט. די באָלשעווי־קעס, — האָט ער מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ אַ געשריי געטון, — ווע־

לן לויטן געזעץ זייער פארדינטע שטראף באקומען און די פארמעגנס זייע־רע וועלן געזעצלעך קאנפיסקירט ווערן און צו דער מאכט איבערגעגעבן...

די מענטשן־מאסע, וואס האט מיט שרעק און שטוינען צום קאמענ־דאנט געקוקט, האט ארויסגעלאזט א שרעקלעכן געיאמער. די פויערטעס און קינדער האבן מיט זייער שרייען געמאכט גליווערן דאס בלוט אין די אדערן.

פלוצים האט איינער פון די פויערים דעם קאפ זיינעם א פארהויב געטון און מיט אלע זיינע אנגעזאמלטע קויכעס האט ער געשריגן:

— מערדער! באנדיטן! הוצליעס!

מוישעלע דעם פעלצנמאכערס האט צום מיידל וואס אפן צווייטן ביים א געשריי געטון:

— אוי, ס'איז דאך אנדריי! קענסט אים?!

— זאלן לעבן פויערים פון בעסאראביע! זאלן לעבן פויערים פון דער גאנצער וועלט! — האט וואסיל געשריגן.

— א טויט די רומענישע מערדער! — האט איפטעניע זיינע הענט אינדערלופטן געהויבן. — א טויט!

צווישן די צוקוקער איז דער געדרענג אלץ שטארקער געווארן. עט־לעכע צענדליק סאלדאטן מיט געלאדענע ביקסן, האבן זיי ארונגערינגלט. אנדערע זיינען געשטאנען ארום די פויערים לעבן דעם אפענעם גרוב.

פלוצים זיינען צוויי פרויען דורך דער שטרענגער וואך דורכגעדרונ־גען און מיט וואנזיניקער אומבאטראכטקייט לעבן אנדריים פיס א פאל געטון.

— טאטע! מיין טייערער אנדריי, מאן מיינער, מיר ווילן ניט זאלסט שטארבן, מיר ווילן ניט! — האבן די פרויען געיאמערט אפן קאל.

אנדריי האט דעם קאפ אויפגעהויבן און מיט טויטלעכער טעמפקייט אף זיין ווייב און טאכטער געקוקט. זיי האבן אים ארומגעכאפט, געקושט זיינע וואונדן אפן קאפ און אפן פאנעם. אנדריי האט די באקן זיינע צו זייערע געטוליעט און א ווייכער, ווארימער באנג, דער געפיל פון ניט אפגעשאצטן און שוין פארלוירענעם גליק, האט אין זיינע פארפייניקטע אויגן אויפגעטויכט.

# ג אָ ל ד ע  ק ר י מ ע ר

— נאָכוואָס יאָמערן, מאַריצאַ, לעבן מיינס, פּראָסיאַ טעכטערל מיינע איינציקע! — האָט ער גערעדט צו זיי ווייך און צאַרט. — דערנידעריק ניט דעם טאַטן דיינעם!... פאָרט אַ היים, ס'איז קאַלט, די פערד זיינען מיד און הונגעריק, די שטוב איז אַליין, די אויפּעם אָן עסן... אונטערן צוואַליק אין דער קאַסאַמאַראַ, אין אַ רויטער פאַטשיילע, זיינען עטלעכע גאָלדענע צענערלעך באַהאַלטן. וועלן זיי צונעמען די פערד אונדזערע, וועסטו אַנדערע קויפן. און שרייב, מאַריצאַ, נעשאָמע מיינע, צו קאָליטשקען, דעם זון אונדזערן, זאָל ער דאָס לערנען פאַרלאָזן, ער זאָל דיר העלפן דעם שנייִ פון די פעלדער אָפּשאַרן און זיי מיט מיסט באַשיטן. זאָל קאָליאַ, דער זון אונדזערער, די פויערישע זין אין זיינע הענט אַריינגעמען... זאָל ער זיי לערנען!...

צוויי סאָלדאַטן האָבן מאַריצאַן מיט פּראָסיאַן פון אים אוועקגעריסן און אַף גיך אַ טיכל אַרום אַנדרייס פּאָנעם פאַרבונדן. איפּטעניע מיט וואָכילן האָבן געשטאַמלט, גערעדט צו אַנדרייען:

— פאַרוואָס, ברודער, האַרגעט מען אונדז, פאַרוואָס?!

דער קאָמענדאַנט, אַ צעטומלטער, האָט אומרויִק אַפן האַנט זייגערל געקוקט:

— ראַפּידי!

פּלוצים האָט איפּטעניע אַ געשריי געטון:

— אַ טויט די רומענישע הינט! — און האָט זיך צעוויינט, הויך און היסטעריש ווי אַ פרוי און באַלד נאָך העכער און היסטערישער גענומען לאַכן. געלאַכט און די ווייסע געזונטע ציין זיינע האָבן אָפּן געבלענדט אין זיין ברייט אויפגעריסן מויל.

— כאַ־כאַ־כאַ!...

באַלד זיינען אַלע פויערים מיט טיכלעך אַף די אויגן אַרום דער גרוב געשטאַנען. די קוילעס, דאָס יאָמערן פון פויערטעס און קינדער האָט פאַרטויבט דאָס ראַשן און שרייען פון די סאָלדאַטן, פאַרטויבט די רעוואָלווער־קוילן, וואָס זיינען געפלויגן איבער אַלעמענס קעפּ. דער קאָמענדאַנט האָט ווידער אַ קוק געטון אַפן האַנטזייגערל, צוגעלייגט צוויי

פינגער צום מויל און מיט צונויפגעשנורעוועטע ליפן, ווי צום קושן זיך, א זאג געטון:

— פאקו (פייער).

אן אויגנבליקלעכער גערודער און פערציק פויערים האבן זיך א וואקל געטון. ווי אונטערגעהאקטעביימער זיינען די פויערים אין פארשידענע ריכטונגען, לעבן גרוב און ארום גרוב, געפאלן. זייערע קרעכצן און לעצ־טע הילף־רופן זיינען פארלוירן געגאנגען צווישן יאמערן און שרייען פון זייערע ווייבער און קינדער.

די סאלדאטן און די עלצטע האבן פריי געמאכט די וועגן פאר די געצוואונגענע צוקוקער, וואס האבן זיך באדארפט אראפנעמען א ביי־שפיל פון די צעשמיסענע פויערים.

— אלע אין די שטיבער! — האבן זיי גענומען שלאגן די מענטשן מאסע, וואס זיינען ווי מעשוגע פון ווייטיק און שרעק אין שטאט אריין צוריק געלאפן.

די סאלדאטן האבן זיך מיט פליים א נעם געטון צו דער ארבעט. מיט די פיס און מיט די גראבאייזנס האבן זיי אריינגעשארט די דערשאסענע פויערים אין דעם ברייטן גרוב, אין דעם געמיינזאמען קייווער, און צו־געטאפטשעט די ערד פון אויבן מיט די פיס, ווי מען וואלט דארט פאר־גראבן געפייגערטע הינט אדער קעץ. באם אריינשארן די געשאסענע, האבן זיך נאך אפגעריסענע קרעכצן געהערט:

— אוי ווייב, אוי קינד!

דער קויטיקער שניי אף דעם פריש פארשאטענעם בערגל איז באלד באדעקט געווארן מיט שארפע רויטע און שרייענדיקע בלוט־פלעקן. דאס האט דאס בלוט פון די דערהארגעטע דורכגענעצט... און פינף קראמפ־האפטע פינגער האבן ארויסגעשטעקט באם זוים פונעם קייווער, גע־גראבלט די בלאטע און זיך באוואויגן ווי זיי וואלטן עמיצן געזוכט און גערופן.

די הייסע פארע פון בלוט, וואס האט פונעם בערגל ארויסגעזעצט, די לעבעדיקע פינגער פון א פארשאטענעם געזונטן פויער וואס די קויל האט אים נישט גענומען, האבן די סאלדאטן אין א פינצטערן פאכעד

## ג אָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

אַריינגעטריבן. זיי האָבן זיך צעשראָקן אַרומגעקוקט ווי זיי וואָלטן ערשט איצט דערפילט אַף זייער געוויסן דעם פּילפּאַכן ברודער־מאָרד.

נאָר דאָ איז ווי פון אונטער דער ערד דאָס קליינע מיליטערישע פֿאַרשווינדל אַרויסגעשפּרונגען, האָט זיך אַ וואָרף געטון צום בערגל און געשריגן צו די סאָלדאַטן:

— שיסט אין גרוב אַריין! די פּויערים לעבן נאָך!

די סאָלדאַטן האָבן זיך גיך צו זייערע ביקסן געכאַפּט און געשאָסן אין קיווער אַריין.

דאָס בערגל האָט גענומען איינפּאַלן, נידעריקער ווערן. דער בלאָ־טיקער שניי איז אַלץ נאַסער און רויטער געוואָרן.

איבער דער שטאָט איז געהאָנגען אַ מין מאָדנע שיין, ווי בעיים אַ ליקע־כאַמע. פון די אַרומיקע סעדער האָבן זיך מאַכנעם גרויסע שוואַרצע קראָען אויפגעהויבן און מיט אַ געפּילדער אַפן פרישן פּויערס־קיוועד זיך אַראָפּגעלאָזט, געררויעט מיט די שפּיציקע נעגל אינעם פאַרבלוטיקטן שניי און געשטופּט די שנאָבלען אַלץ טיפער אין גרוב אַריין.

אין שטאָט איז געוואָרן אַלץ טונקעלער און שטילער און באַלד אַזוי שטיל, אַז מען האָט בלויז געהערט דאָס פלאַטערן פון דער גרויסער רו־מענישער פאָן אַפן דאַך פונעם קאָמענדאַנטס הויז.

---

## י. — שאַבעס אין דער בלאָטע

די שטאַרקע פרעסט און קעלטן האָבן שוין נאָכגעלאָזט. די זון איז ברייטער און שמייכלענדיקער. די טעג פאַר־פּייסעכדיקע, וואַרימע, באָדן זיך אין אָנקום־פרילינג. פון אונטערן צעלאָזענעם שניי, פון דער צעוואַ־רימטער בלאָטע, הויבט זיך אַ פּאַרע, אַ געדיכטע, אַן איפּעשדיקע און שפּרייט אַ נעפּל איבערן שטעטל. בלאָטיקע וואַסערן האָבן אויסגעגראָבן פאַר די שטיבער טיפע רינשטאָקן, קאַנאַוועס אויסגעמוליעט און פליסן זשומענדיק לענגאויס די גאַסן און שלעפּן מיט זיך שמוץ, שמאַטעס און אַנדערע אומריינקייטן, וואָס האָבן דעם גאַנצן ווינטער געפּוילט אונטערן שניי. די שטיבער קוקן אַרויס פון דער צעגאָסענער בלאָטע ווי קליינע אונטערגייענדיקע שיפלעך אויף אַ שוואַרצן קויטיקן יאַם.

סאַ'יז שאַבעס אין שטעטל. נאָר אַזעלכע שאַבאָסים זאָלן שוין מער נישט געזען ווערן און נישט געהערט ווערן!

אינמיטן דער בלאָטע, אויף ציילעם־וועג, פאַר אַ שיל, האָבן סאָלדאַ־טן אַ גרויסן שטעקן אַריינגעשטעקט מיט אַ שוואַרץ כסידיש היטל אויבן אָנגעטון און אַלטע פרומע אידן מיט די טאַלייסים אויף די שוואַרצע קאַפּאָ־טעס, שטייען אויף די קניען אין דער בלאָטע און בוקן זיך צום שטעקן מיט דעם היטל. הינטער זיי שטייען די סאָלדאַטן מיט נאַהייקעס אין די הענט און קייכן פאַר געלעכטער:

— זאָלן זיי בעטן צום שטעקן!

— אָט אָ דעם קליינעם דערלאַנג! נאָר גוט! זאָל ער זיך אויסוואַשן זיין לייזיקע באָרד! און יענעם, פון דער קרעטשמע, דערלאַנג אים דעם רוכישן אידן איבערן קאָפּ, דאָס טעכטערל זיינס באַהאַלט ער אוים!...

און סאָלדאַטן פירן אַרוים אַלץ נייע אידן, שלעפּן זיי פון דער שיל, פונעם מיטן דאַווענען.

# ג אָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

מוישעלע דעם פּעלצנמאַכערס איז פון ערגעץ אָנגעלאָפן, ווייס ווי א טויטער, נאָר פייערלעך בייטן זיך אין זיינע ברוינע אויגן. ער גיט א שפּרונג אריין אין סאַמע מיט צווישן די פארבלאָטיקטע אידן און גיט א כאַפּ אָן דעם סאָלדאט מיט דער אויפגעהויבענער נאהייקע פאר די אַקסלען:

— לאָזט אים אָפּ!

די סאָלדאטן האָבן אים מאָדנע אָנגעקוקט, באוואונדערט די גע־וואַגטקייט פון דעם יונגן זשידאָן, נאָר נאָכגעגעבן האָבן זיי נישט.

— גיי צום עלצטן! — האָבן זיי באַפוילן. — מיר טאָרן נישט ארויס־גיין פון די געזעצן, פונעם רעגלאַמענט!

— מייסעלע, טאַטינקע, זונדעלע מיינס, גיי ניט אהין! — איז אַרויסגעלאָפן באַנציע, מוישעלעס שטיפמוטער. — זיי וועלן דיך מיי־מיסן, צום טויט דערסלאָגן!...

די סאָלדאטן האָבן קאָמאַנדעווע געטון:

— ארויס פון דער סינאַגאָגע!

און דערשלאָגענע, אין בלאָטע און קויט דורכגענעצטע אידן, זיינען ווי היימלאָזע שאָף, ווי ווילדע ציגן איבער אַלע גאַסן אין א פּראָצעסיע געפירט געוואָרן. צוגעקומען צום קלויסטער, האָבן די סאָלדאטן ווידער א קאָמאַנדעווע געטון:

— טאַנצן דאַרף מען, רוכישע אידן, בלוט פון איבערן דניעסטער!

אַלטע דערנידעריקטע אידן, מיט לאַנגע גרויע בערד אין בלאָטע איינ־געקנאָטענע, האָבן זיך אין די טאַלייסים געהילט, זיך געוואָלט אויסבא־האַלטן פון דער שאַנדע, פון די הימלשרייענדיקע באַליידיקונגען.

דערזען האָבן די סאָלדאטן עטלעכע פויערטעס, וואָס זיינען פונעם דאָרף געקומען מיט בינטלעך פּראָדוקטן צום פאַרקויפן לעבן קלויסטער, מיט רויזן־קערלעך און קוואַס פאר די שאַבעסדיקע אינגלעך און מייד־לעך, און האָבן א באַפעל געטון:

— טאַנצן נעמט זיי, די פוילע, די וויינענדיקע זשידאָנעס! פריילעך דאַרף מען זיין!

און די פויערטעס מיט מוירע פאַר קלעפּ, האָבן זיך צו די אַלטע צע־

# בעסאַראַביע אין 1918

שראַקענע אידן צוגעשאַרט און געבעטן שטיל:
— זאָג נישט אָפּ, זשיפּוני טייערער, זיי וועלן שלאָגן, הארגענען צו טויט...

---

דער קאָמענדאַנט, דער גייער הערשער און באַשיצער פון טויזנטער אידן און פּויערים אין בעסאַראַביע, האָט געפייערט זיין זיג, דעם ניצחון איבער די... באָלשעוויקעס.

ס'איז טבילעם אָוונט און די בליץ־לאָמפּן אינעם קאָמענדאַנטס הויז ברענען שוין העל. אַף די פענצטער פונעם גרויסן זאַל, ברענען גרויסע ליכט אין אידישע זילבערנע לייכטער. דער קאָמענדאַנט מיט אַ פּאַר־וואָרפענעם קאָפּ אַף אַרונטער, איז געזעסן אַף אַ גרויסן שטול אינמיטן זאַל, פאַרלייגט איין פוס איבערן צווייטן און זיינע שיקערע, איבערגעקער־טע אויגן האָבן האַלב־מעשוגע געגלאָצט ארום זיך. געדיכטע וואָלקנס רויך האָבן זיך פון זיין גרויסן האַוואַנאַ ציגאַר געשלענגלט און זיך צעשוואָר־מען איבערן צימער און איינגעהילט אין אַ שלייער די וואַקכאַנאַליע, וואָס האָט זיך דורך די פענצטער אינדרויסן אַרויסגעשפּאַרט מיט שיקערע קווי־לעס, קוויטשערייען און געלעכטער פון אָפיצירן און מיידלעך, אויסגעלאַ־כטענע און אויך צוגויפגעשלעפּטע פונעם דאָרף און פון דער שטאָט. די מיידלעך האָבן מיט די הענט צוגעדעקט זייער געצוואונגענער נאַקעט־קייט. זיי האָבן זיך אַפּאָנעם כעשבן אָפּגעגעבן, אַז די בלויע שויבן, דורך וועלכע די נאַכט קוקט אַריין אַלס איידעס פון דער אַרגיע, מאַסערט זיי מיט בלענדענדער שיין אינעם טונקעלן דרויסן, און טאַקע געשעמט זיך פאַר די מאַנסבילן און באַזונדערס פאַר סטינגאַטשן דעם פידלער, דעם צי־גיינערישן קלעזמער, וואָס אונטער זיין פידעלע און אונטער זיינע ברענענ־דיקע ציגיינער־אויגן פלעגן זיי אַמאָל טאַנצן אַזוי הערלעך און פאַרליבט.

סטינגאַטש איז געקומען אַפּן „באַל" אין זיין פראַק מיט דער ווייַ־סער ברוסט און מאַנדזשעטן און אינעם צילינדער, ווי ער פלעגט קומען שפּילן אַף די בעלער צו די פריצים און אַף אַריסטאָקראַטישע באַסענעס.

## גאָלדע קרימער

דער קאָמענדאַנט דעמיטרו האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַ וואַקלדיקער צוגעגאַנגען צום מוזיקאַנט און אים גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטון אין פּלייצע:

— ביזט אַן אויסגעצייכנטער פידלער דאָמנו סטינגאַטש, אַ שאָד נאָר וואָס דו ביזט אַ ציגיינער...

סטינגאַטש האָט זיך אויפגעשטעלט, מיט זיין גאַנצער עלעגאַנץ. ער איז געווען מיט צוויי קעפּ העכער פונעם קאָמענדאַנט. זיינע שוואַרצע אויגן נאָר האָבן אויסגעדריקט געבעט. ער האָט זיך עלעגאַנט אַ פאַרנויג געטון:

— לאָזט מיך אָפּ, דאָמנו קאָמענדאַנט, איך בין מיד, שרעקלעך מיד!...

דער קאָמענדאַנט האָט אַ צערונענעם שמייכל געטון, זיינע איבערגעקערטע אויגן זיינען לעבעדיקער געוואָרן, כייעשער, שאַרפער.

— וויפל קאָסט דיין גאַלאַ־אַנצוג מיטן צילינדער־הוט? — האָט ער זיך געוואַקלט אויף די פיס און זיך אָנגעהאַלטן אָן סטינגאַטשן קעדיי נישט אומצופאַלן.

— פינף טויזנט לעי, דאָמנו קאָמענדאַנט. — האָט סטינגאַטש געענטפערט.

דער קאָמענדאַנט האָט אויפגעהויבן אַ גרויסן ביטל מיט רויטן בעסאַראַבער וויין.

— זיץ! — האָט ער אויף סטינגאַטשן אַ געשריי געטון און אויסגעביגן דעם בוטל איבערן קלעזמערס קאָפּ און דער רויטער וויין האָט זיך געגאָסן אויף זיין פראַק און אויף זיין ווייסן גאַלאַ־העמד.

— שפּילן און טאַנצן! — האָט ער שיקער געשריגן.

די מיידלעך זיינען זיך צונויפגעלאָפן נאַקעטע אַרום סטינגאַטשן מיט דעם קאָמענדאַנט, זיך אָנגענומען פאַר די הענט און געפּליושקעט מיט די באָרוועסע פיס אינעם אָנגערונענעם וויין.

— שפּיל!

און סטינגאַטש האָט געשפּילט אַ וואָלעך, וואָס האָט זיך געגאָסן דורך די פענצטער אין גאַס אַרויס, ווי דער געיאָמער פון טויזנטער פוי־

## בעסאראביע אין 1918

ערים און אידן, וואס אף זייערע רוקנס האט דער רומענישער ארייננדרינ־גער געפייערט זיין ניצאכן מיט מארד און מיט בויזעק, מיט פארשוועכונג פון אלץ וואס איז הייליק.

---

## יא. — אַ פּראָשעניע צום קייסער

יאָסקע, אַ בלייכער און אַ שטילער, האָט אויסגעמיטן עמיצן צו קוקן אין די אויגן, נאָכדעם ווי מען האָט אים געצוואונגען קריכן אין בלאָטע און טאַנצן מיט די פויערטעס פאַרן קלויסטער. ער האָט זיך אומגעדרייט אינעם אויפנאַם צימער מיט די הענט אַף הינטן פאַרלייגט און האָט קיינעם צו זיך נישט צוגעלאָזט. ער האָט זיך געשעמט פאַר ווייב און קינד, פאַר אוליאַנאַן, וועלכע זיינען געזעסן מיט פאַרוויינטע אויגן אין די ווינקלען צימער, ווי די אַוויילים. זייערע בליקן וואָס האָבן אים נאָכגעפאָלגט, האָבן אים געבריט און געשטאָכן. וואָלט אין יענעם אָווגט אַ גרוב זיך פאַר אים געעפנט, וואָלט ער זיך אַ לעבעדיקער אַהין אריינגעוואָרפן, דאָרטן פאַרגעסן די בושע. אַלץ איז אים געווען שווער און איבעריק. דער שטילער דאָרפס־איד, וואָס האָט ביערושע, ווי אַ הייליק געבאָט אויסגעפאָלגט די טוירע, אַז גוטס איז דער וועג צו גוטסקייט, אַז „אַ ווייכער ענטפער ווענדעט אָפּ דעם צאָרן”, האָט זיך דעם מויעך געבויערט: — איז ווי קען עס אַזוי אָנהאַלטן? אַ פאַרשעמט און באַליידיקט לעבן איז ווערטלאָז און שווער...

אין דעם האָט זיך די טיר געעפנט און אַריינגעקומען איז א הויכער ברייטער איד, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד.

— אַ גוטע וואָך אייך! — האָט דער איד געגריסט און איז צוגעגאַנגען צום טיש, האָט אַליין גענומען אַ בענקל און זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט אַ קוק געטון אַף די אַרומיקע און זיין ווייס דורכלויכטיק פּאָנעם איז נאָך ווייסער געוואָרן, זיך אויסגעטיילט פונעם שוואַרצן ברייטן סאַמעטענעם היטל אָפּן קאָפּ.

געזעסן איז ער און געשוויגן, ווי ער וואָלט זיך געקליבן צו זאָגן עפּעס זייער מעיושעוודיקס, וואָס דאַרף קומען נאָך אַ לאַנגן איבערדענ־

קען. נאָר ווי ער האָט שוין, דאַכט זיך, גענומען ריידן, איז אריינגעקומען אַ צווייטער, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיק, זייער אַ הויכער, מיט אַ ברוין ענערגיש פּאָנעם און טיף שוואַרצע אויגן, אין וועלכע עס איז געלעגן ווייטיק. דער אַלטער האָט זיינע מילדע אויגן אויפן יונגן אָנגעשטעלט:

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, בערל, זאָלסט נישט קומען באַלד נאָך מיר! גאָט זאָגט, היט דיך מענטש, וועל איך דיך אויך היטן!...

בערל האָט זיך שווייגנדיק באַם טיש אַוועקגעזעצט, האָט אריינגענומען דעם קאָפּ איןביידע הענט אריין און מיט אויראַם האַקאָוועד גענקוקט אַף דעם אַלטן. אין שטוב איז געוואָרן שטיל. קיינער האָט זיך נים דערוועגט אַ וואָרט אַרויסצורעדן. אַלע האָבן געוואַרט דער אַלטער זאָל אָנהייבן, און דער אַלטער האָט נישט געוואוסט פון וואָס אָנצוהויבן. אַזוי פּאַרקלעמט איז אים דאָס האַרץ געווען יענעם שאַבּייטענאַכט.

דער אַלטער איז געווען רעב מוישע. רעב מוישע ווײַנשטיין, אַ איד פון טוירע און כאָכמע און אויך פון גוטסקייט. רייך איז דער איד נישט געווען, נאָר קאָוועד האָט מען אים אָפּגעגעבן ווי אַ רייכן אידן און צו זיינס אַ וואָרט האָט מען זיך צוגעהערט. פלעגט אַמאָל טרעפן אַ צאָרע אין שטאָט, אַ בילבל, אַ גזיירע, האָט רעב מוישע געשריבן בריוו, העברעישע בריוו, צו די גרויסע אידישע מענטשן אין קעשענעוו, אין אַדעס, אין פּייטערבאַרג... טעלעגראַמעס געקלאַפּט, מען זאָל לויפן, טון, וועקן ראַכמים אין די הויכע פענצטער. און אידן אין שטעטל האָבן אים ליב געהאַט דעם קלוגן געלערנטן אידן, וואָס האָט זיי טרייסט און האָפענונג געגעבן, גערעכטיקייט איז דער יעסאָד פון דער וועלט. — האָט ער ווי געלערנט מיטן אוילעם אידן, וואָס האָבן געשלונגען זיינע ווערטער. — און אַלץ וואָס איז אומגערעכט וועט כאָרעוו ווײַניכרעוו ווערן... נאָר ביטאָכן, אָן דעם וועלן אונדזערע צאָרעס אַ סאַך שווערער און אומדערטרעגלעכער זיין...

בערל איז געווען אַ באַלעבאַטישער זון, אַ אינטעליגענט, האָט אַמאָל געלערנט אין דער קעשענעווער יעשיווע, איז שוין אַפילע געווען אַמאָל אין אַדעס, זיך געקענט מיט די גרויסע ציאָניסטן און האָט געהאַט אַ צע־

פלאמט הארץ, אַ קעמפּעריש ן טעמפּעראַמענט געהאַט. ער האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן: ביז ווי לאַנג וועט מען שווייגן? נאָר... אמאָ־ליקע וועגן זיינען אים באַקאַנט געווען: קעשענעוו, אַדעס... היינט איז אים אַלץ פרעמד. בוקאַרעשט! ווי אַ מויער וואָלט געשטאַנען. אַ הויכער מויער, צווישן אים און בוקאַרעשט.

און בערל האָט ניט אויסגעהאַלטן דאָס שווייגן.

— וואָס הייסט מען שווייגט! אפן יוישער ווילט איר זיך פאַרלאָזן פון דער סאָלדאַטעסקאָ? די סאָלדאַטעסקאָ — האָט ער איבערגעכאַזערט דאָס וואָרט, ווי זייער אַ געלונגנס, וואָס ער האָט ערגעץ אויסגעלייענט און פּאַסט זיך אַהער וואָס בעסער דאַרף מען ניט. — די סאָלדאַטעסקאָ שלאָגט און האַ־געט און דערנידעריקט אונדזער מענטשלעכע און אונדזער אי־דישע ווירדע, די שטאָט זינקט אין אַ פינצטערן טעהאָם, דער מיסחער איז טויט, אָפּגעשטאָרבן, קיין פויערים קומען נישט אין שטאָט אריין, אַלץ איז כאָרעוו און מיר — פּאַכדאָנים...

רעב מוישע, וועלכער האָט די גאַנצע צייט וואָס יענער האָט גערעדט, פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגענומען, האָט באַזאָרגט מיטן שטערן גע־קנייטשט:

— בערל, מיר האַנדלען מיט ראָצכים... צען מאָל זאָלסטו מעסטן און איין מאָל שניידן...

— וואָס נאָך, רעב מוישע, ווילט איר מעסטן? זיי שניידן דערווייל! וואוהין נאָך קענען זיי דערגיין מיט זייערע מאַיסים טאַאַטואים, וואוהין;!

רעב מוישעס פּאָנעם האָט זיך פאַרוואָלקנט. אָפּגעשוואַכט איז גע־וואָרן זיין זיכערקייט און זיין גלויבן אין דער גערעכטיקייט. נאָר באַלד האָט ער אַ מילדן שמייכל געטון. קענטיק, ער האָט זיין שליכעס אין גאָטס הענט איבערגעגעבן. ווידער האָט אין אים דער ביטאָכן אויפגע־לעבט.

— איר האַלט, — האָט דער אַלטער פעסט און זיכער גענומען ריידן, אַז אַזוי ווי רעב יאָסל... יאָ, וואָלט בעסער געווען, אַז רעב יאָסל זאָל פריי־ער מיטן אָדן אַ שמועס טון... מירן פּרואוון נאָכאַמאָל... אַ לעבעדיקער איי־דעס, רעב יאָסל...

## בעסאראביע אין 1918

יאָסקע האָט קיין וואָרט נישט גערעדט. בערל איז פונעם בענקל אויפגעשפרונגען. ער האָט גענומען שפּאַנען איבערן צימער אַן אויפ־געבראַכטער, זיך געהיצט און גערעדט מיט די הענט, מיט אַלע אייוורים:

— ווער מיר אָדן, וואָס מיר אָדן! אַ טיגער, אַ ווילדער דעגענעראַט! מען מוז אָננעמען מיטלען אים פון דער שטאָט באַזייטיקן, איידער עס וועט צו שפּעט!...

יאָסקע האָט שוואַך ארויסגערעדט:

— בערל האָט רעכט, רעב מוישע.

— אידן, — האָט זיך רעב מוישע אַ שטעל אויף געטון און זיינע הענט צענומען, ווי צו די מאַלאָכים פונעם פּריוויטיקצונאַכטיקן „שלום עליכם”, מיר טאָרן איצט צום מאַלכעם קיין פּראָשעניעס נישט שיקן. מ'מאַלכעם זעט איצט אין יעדן איינעם אַ סוינע. דער רעצייעך און דער רויבער ווייסט דאָך, אַז ליב האָבן קען מען אים נישט, ברענט ער נאָך מער אין דער רעציכע און ער פאַרנעמט גיט קיין הארטע רייד, ביפראָט פון אידן, און ער וועט זיין קאָס אויסלאָזן צו אונדז. וועלן מיר דעריבער פּרואוון מיט געבעט, וועקן ראַכמאָנעס. עפּשער וועלן מיר זיין הארץ דערוואַרעמען. מיט ווייכקייט און געבעט קען מען באַם ערגסטן טיראַן עפּעס פּויעלן. זאָלן מיר גיין אַלע צום אָדן און גאָט זאָל דעם וועג אונדזע־רן באַגליקן.

בערל האָט זיך נאָך שטאַרקער צעשריגן און געקלאַפּט מיטן פויסט אינעם שפּיץ טיש.

— גייט נישט אָף קידעש האַשעם רעב מוישע! מיר האָבן זיך שוין אַ סאַך אָנגעלערנט פון ד רעשפּאַנישער אינקוויזיציע און פון כמעלניצקים צייטן. באַ אַ כייע בעט מען נישט קיין ראַכמים. מיר דאַרפן פּראָטעסטירן. אָנקלאָגן, פאָדערן מען זאָל אונדז רעספּעקטירן! זאָל די וועלט וויסן! אַ וועלט איז נישט העפקער! פאַראַן אַ וועלט־געוויסן, וואָס קען נישט דער־לאָזן מען זאָל אַ שטאָט מיט אידן אַזוי פּייניקן, שענדן און פאַרומווירדיקן.

רייזל איז פון איר ווינקל אַרויסגעקומען און איז צוגעגאַנגען צום טיש. דעריקער האָט זי זיך געווענדעט צו בערלען:

— עפּשער וואָלט טאַקע פּאַרט בעסער געווען שיקן אַ פרישע דעלע־

גאַציע? קיין זאך דויערט נישט אייביק, צום שלעכטן נעמט אויך אמאָל אַ סאָף. מען דאַרף פּרואוון.

בערל האָט מיטן קאָפּ געשאָקלט:

— גייט איר, מאַדאַם ראָזאַ, פאַלט אים צו די פיס, מאַנט יווישער באַם טיגער, וועט ער פרישע, נייע קאָרבאָנעס אין זיינע לאַפּעס אַריינכאַפּן. שפּילט זיך ניט מיט פייער, אויב איר ווילט ניט זיין אָפּגעבריט. און איך װעל נאָך די וואָך קיין בוקאַרעשט אַוועקפאָרן. איך וועל מיך דערשלאָגן. פאַראַן דאָרט אַ ראָוו אַ ציאָניסט און אַ ראָש האַקאָהעל איז פאַראַן. עס מוז אָנקומען צו דער רעגירונג. זי וועט דאָך ניט דערלאָזן אירע קאָמענדאַנטן זאָלן מאַכן צו שפּאָט דאָס לאַנד!

רעב מוישע איז צו אים צוגעגאַנגען און האָט אים פאַר די לאַצן אָנגענומען און מיט געבעט אין די אויגן אַריינגעקוקט:

— בערל, זון מיינער, — האָט דאָס קאָל זיינס געציטערט. — דו ווייסט דאָך, אַז איין הונט ציט פאַרן צווייטן. מיינסטו, אַז די אויבערשטע מאַכט ווייסט ניט וואָס די אונטערשטע טוט? זיי זיינען אַלע פון איין כייל געקנעטן. דער סוינע האָט פאַרכאַפּט דאָס לאַנד און ליידיקט עס אויס פאַר וועמעס וועגן? און דער סוינע זיצט דאָרט אין בוקאַרעשט. דאָס האָט ער דאָך צעשיקט זיינע שליכים רויבן. רויבן זיי און מאַכן אַז מען זאָל קיין פּיפּס ניט טון. וועמען מען צעשיסט, וועמען מען צעטרעט אין דער בלאָטע... און זיי האָבן דען ניט מוירע? זיי באַלעמט זיך ניט עפּעס אַנדעריש ווי נאָר אויפשטאַנד. וועסט זיך באַקלאָגן, וועלן זיי דאָס שוין באַטראַכטן פאַר אויפשטאַנד. און זיי וועלן האָבן אַ נייעם טערעץ פאַר אַ נייער שכיטע. די היגע וועלן נאָך נעקאָמע נעמען פאַר אונדזערע באַקאָשעס צו די העכערע...

בערל האָט זיך פאַרטראַכט. אַ שווינדיקער איז ער שטיין געבליבן אינמיטן צימער. און פּלוצים אַ דערלייכטערטער זיך אַ ווענד געטון צו רעב מוישען:

— מאָרגן פאָר איך קיין בוקאַרעשט! איך וועל מיך צום מיילעך אַליין דערשלאָגן! באַ אים וועל איך בעטן ראַכמים פאַר מיינע אומגליקלעכע ברידער. אַן ענדע מוז נעמען צו אַזאַ פּיין! ווי די מייז שטיקן זיי

אונדז אוים, ווי די קרעציקע הינט וועלן זיי אונדז דערשלאָגן! איך שטעל
איין מיין לעבן און זאָל זיין וואָס סע וועט זיין!

רעב מוישע, וואָס האָט די גאַנצע צייט פונעם שטילשווייגן געפירט
אַ אינערלעכן וויקועך, האָט אָפּגעאָטעמט. — ראַכמים, דאָס איז עפּעס
אַנדערש. — ער האָט אַרויסגענומען אַ בויגן פּאַפּיר פון דעם בוזים קע־
שענע און אים אויסגעשפּרייט אַפן טיש אונטערן הענג־לאָמפּ און מיט אַ
בלייפעדער גענומען שרייבן אין העברעיש. אין דער היילי‌קער שפּראַך
פון די אידן, אין דער שפּראַך וואָס מען זאָגט אין די שילן דעם „הנותן
תשועת למלכים", ווערטער, וואָס בערל זאָל זיי דערנאָך איבערשרייבן
מיט זיין שיינער האַנטשריפט אַף רומעניש.

„זאָל אונדז דער איידעלער הויכגעבוירענער מײלעך פון כעסעד",
אונדז זיינע אידישע אונטערטאַנען פון דער שטאָט נ. וואָס אין בעסאַראַ־
ביע, מויכל זיין פאַר דער געוואַגטקייט צו שיקן אים אָט די באַקאָשע:
אין נאָמען פון אַלע שטאָטישע אידן און אויך אין אונזער אייגענעם נאָ־
מען, בעטן מיר גנעדיק און אונטערטעניק דעם איידלגעבוירענעם קעניג,
דעם באַשיצער פון דער גרויסער רומענישער מעדינע, שיקן אַן אויס־
פאָרשער צו אונדז אין שטאָט. די מיספּאַרשטייעניש צווישן פאָלק מיט
דעם קאָמענדאַנט זיינען שרעקלעכע... זיי קענען נאָך כאָלילע זיך אָפּ־
רופן צום שאָדן פון דער מעלוכע און פון דער זיגערישער מאַכט...

בערל האָט פּראָטעסטירט:

— אויב מען שלאָגט שוין פאַרן עמעס, איז זאָל מען אים שוין
אַרויסזאָגן! ניט בלייבן קיין נאַראָנים באַ זיי...

דאָ האָט זיך שוין יאָסקע אויך אַריינגעמישט:

— בערל! צי זיינען מיר דען די איינציקע אין שטאָט; מיר שפּילן
זיך מיט פייער, מיט מענטשלעכע לעבנס שפּילן מיר. און פאַר אַ צווייטנס
לעבן איז אַן אָרנטלעכער מענטש אַסאַך מער אָרעוו ווי פאַר זיין אייגע־
נעם... און צי שרייבט רעב מוישע די ערשטע פּראָשעניע? פאַרלאָז דיך,
בערל, אַף אַ מענטשן וואָס טוט נאָר צום גוטן...

בערל האָט זיך פאַרקלערט, מאָדנע געקנייטשט מיטן שטערן, עפּעס

גאָלדע קרימער

גערעדט צו זיך אַליין און צום סאָף, שוין אינגאַנצן אַ באַרויקטער, צו־גגעבן:

— גוט, מיר'ן אָפּוואַרטן די טשואַווע אויף דער פּראָשעניע. נאָר טאָ־מער איז דער ענטפער נישט קיין באַפרידיקנדיקער, פאַר איך קיין בוקאַרעשט!

די ביטע איבערגעשריבן אויף רומעניש, האָבן אונטערגעשריבן אַלע דריי מענער: דער ערשטער רעב מוישע, אונטער אים יאָסקע און דער לעצטער בערל. רעב מוישע האָט מיט ציטערדיקע הענט די פּראָשעניע פרום אַריינגעלייגט אין אַ לאַנגען קאָנווערט, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך, און האָט אָפּגעזיפצט:

— מאָרגן, בעלי נעדער, וועל איך זי אויף דער פּאָטשט אָוועקטראָגן.

# יב. — ס'איז פייסעך אין שטאָט

אַ רויקער פרימאָרגן דעם ערשטן טאָג פייסעך. די געסלעך זיינען יאָנטעוודיקע, אויסגעקערטע, פריילעכע און באַלעבטע. אף די זוניקע געסלעך האָט ארויסגעשאָטן דאָס קליינוואַרג, ווי די טויבן ווען מען לאָזט זיי ארויס פונעם געשלאָסענעם טויבנשלאַג. די קאַנאַוועס באַ די שטיבער זיינען מיט גראָז באַוואַקסן. גרין און פריש האָבן די ווילדע גראָזן ארויסגעשפּראָצט און דאָס קליינוואַרג האָט זיך אינעם גראָז אויסגעזעצט מיט די נייע יאָנטעוודיקע מאַלבושים.

— מיינע קאַמאַשלעך מיט רעזינע זיינען די בעסטע. פון כראָם זיינען זיי — האָט אַ צען יאָריקער באָכער, מיטן אָפּצאַסן פונעם נייעם שוך אין דער פייכטער ערד געדרייט. — און דאָס היטל מיינס, דאָס שענסטע...

— אַ מעציע פון אַ וואָגן אראָפּ! — ענטפערט אים אַ צען יאָריקע מויד. — מיין שוסטעריש פאַרטעכל וואָלט איך ניט אָפּגעגעבן פאר דיינע קאַמאַשן מיטן היטל אינאיינעם.

— סע מאכט דיך פאַר אַ קאַצאַפּקע!

— און דיין היטל מאכט דיך פאר אַ שייגעץ...

— קינדער, אום יאָנטעוו טאָר מען זיך ניט קריגן! — מישט זיך אריין אַ צוועלף יאָריקע מויד מיט שיינע בלויע אויגן און בלויע לענטעס אין די צעפּ.

— אָט האָב איך גאָרניט קיין נייע מאַלבושים. מיין טאַטע זאָגט, אז אף כאַלעמויעד שוואוס, וועט ער מיר קויפן אַ קלייד מיט שיך און וועט מיך שיקן צו גאַסט צו מיין פעטער קיין ליפקאַן. מיר איז בעסער פון אייך, אַז אייערע מאַלבושים וועלן שוין זיין אַלט, וועלן מיינע נאָך זיין ניי און שיין...

כאַים סטעלמאַך מיט דער לאַנגער בעזים-באָרד, וואָס איז געווען

## ג אָ ל ד ע  ק ר י מ ע ר

יאָנטעוודיק אויסגעוואַשן און צעקעמט, איז מיטן טאַלעס אַף די אַקסלען אָנגעטון געשטאַנען פאַרן קליינעם שיידעריישן שילכל. ער האָט געוואַרט אַף די אידן די פּאָליטיקער און האָט זיך דערוואַרט.

לייזער־פישל דער בלינדער מיט דעם רויטן אויסגעקראַכענעם בערדל, אין אַ נייעם שוואַרצן קאַשקעט און אין אַ ריינער אויסגעוואַשענער קאַפּאָטע, איז אָנגעקומען מיט אַ טאָרבע מאַצעס פון דער באַלעבאַטישער, פון דער רייכער גאַס.

— גוט יאָנטעוו אייך, רעב לייזער־פישל! — איז אים דער סטעלמאַך אַנטקעגן געגאַנגען און זיך אים אין וועג אַוועקגעשטעלט. — וואָס הערט זיך עפּעס נייס? איך מיין מיקויעך דער וועלט. פּאָליטיקע ווייסט איר אַ סאַך, איר קומט דאָך צווישן די גרויסע מעפּ פּאַסאַליעס, זיי קויפן דאָך דעם „אַדעסקע נאָוויסטי"!

לייזער פישל דער בלינדער האָט אַריינגעשטעקט דעם שטעקן זיינעם אין דער ערד און זיך אָנגעשפּאַרט אָן אים, און מיט אַ שמילן געמאַרע־ניגן זיך גענומען גלעטן דאָס בערדל.

— כ'האָב טאַקע געהערט, זייער ניט פיינע נייס, ניין! דער ציגיינער, האָב איך געהערט, האָט גאָר ניט בעדייע אַרויסצוקריכן פו בעסאַראַביע. מען זאָגט בודטאַבי, אַז די פּריצים, צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, האַלטן מיט אים, מיטן ציגיינער... געפעלט עס מיר ניט... מיילע דער טערק, — האָט ער גענומען אַ העכערן טאָן — זאָל וועלן זיך אַריינכאַפּן צו אונדז און צונעמען בעסאַראַביע, בע! פּאַרט אַמאָל געוועזן זיינס! פאַרפאַלן! נאָר ער, דער ציגיינער, אַ פייג! דערוויף גיי איך ניט איין!...

— מען שמועסט בודטאַבי, אַז דער יעקע קערט זיך אום קיין בעסאַראַביע. זיי צאַפּלען, דער רועך נעמט זיי אַוועק נאָך אַ קליין שטיקעלע בעסאַראַביע כאָטשע!...

— און איך מיין, אַז די גאַזעטן דאַרטן פעלט עפּעס אַ קלעפּקע. — האָט דער אַלטער סטעלמאַך די בעזים־ באָרד אויסגעגלעט. — ווען דער יעקע האָט בעדייע צו פאַרנעמען בעסאַראַביע, קריכט ער ניט ווי אַ וואַנץ, ער וואָלט זיך אונטערגעאיילט אַ ביסל.

מאָטיע שאַדכן, אַ זשוואַווער אומרויקער איד מיט אַן אַלטן צע־

פלויגנעם סערדעט, וואָס פאַרט אום אַף זיין אויסגעטרוקנטן גוף, איז אויך פון שיל ארויסגעלאָפן. ער איז אין קאָעם אַף די נעגידים. זיי גיבן אים ניט צו פארדינען. די קינדער זייערע האָבן שוין היינט כאַסענע אָן אים, אָן דעם שאַדכן, נאָר „פאָ ליובאָוו״, פון ליובקעם גאָר קומט עס באַ זייט ארוים...

— אדעראַבע רעב לייזער־פישל — נעמט ער זיך נאַכעסדיק אָן פארן שפּיץ בערדל און דאָס יאַרמעלקעלע באַ אים אפן שפּיץ קאָפּ גיט אַ ציטער — איז וואָס זאָגן דאָרטן די גרויסע פענצטער דאָרטן? איר האַלט זיי דאָך פאר גאַנצע זנאַכערס!... איר הערט, אַ נאָגיד מעג אָנווערן דאָס לאָשן, איז אים אויך גאָרניט, זיין געלט וועט שוין ריידן פאר אים...

— געהערט האָב איך, אז דער דייטש מיט זיין כאַיל באַהאַלט זיך אוים אונטער דער שטאָט, אין די אַרומיקע וועלדלעך, און אַ ליאַדן טאָג וועלן מיר זיך לייגן שלאָפן אין רומעניע און זיך אויפכאַפּן אין יעקעלאַנד....

מאָטיע דער שאַדכן האָט זיך גענומען קאָכן און געפּאָכעט מיט זיינע טרוקענע הענט פאר לייזער - פישלס נאָז.

— וואָס ווייסן זיי דאָרט אייערע גרויסע טעפּ מיט צימעס! קלאַפּן אָן אַ פולן טשעמאָדאַן מיטן יעקע!... אַ נאָר וועט דער יעקע זיין און אומברענגען זיינע מענטשן פאר אַ שטיקל פארדריפּעט בעסאראַביע דאָרטן. אויך מיר אַ לאַנד!...

לייבעלע דער פּראָצענטניק, וואָס איז קיילעכדיק און קליין, ווי אַ גרויסע אוגערקע, האַלט ניט פון קיין פּאָליטיקע, נאָר דאָרט וואו עס גייט אין בעסאראַביע, איז שוין עפּעס אַנדערש... ער האָט אַ קארגן שמייכעלע געטון און דער שמייכל איז אים געבליבן שטעקן אין די מויל־ווינקלען. ערשטנס רעדט ער ניט מיט קיין קאַבצאָנים, צווייטנס וואָס רייסן זיי זיך די העלדזער. וואָס? וואָס האָט מען דערפון? איין פּאָיעזד זיינער דעם יעקעס, איין וואָקזאַל זיינער, פארדריפּעט אייך גאַנץ בעסאראַביע!... געהערט האָב איך — זאָגט ער ווייטער — אָן אַנדער סוואָרע: פראַנץ יאָסל, דער עסטרייכער, האַלט זייער שטאַרק פון אידן, אוילעם אומלויע. ער עסט, זאָגט מען, אידישע פיש און אַלע שאַבעם צונאַכט הערט ער האַוו־

## גאָלדע קרימער

דאָלע און פּראָוועט אַפּילע אַ מלאווע מאַלקע... איז ער, פּראַנץ יאָסעלע, אַ סוואָרע, געזונט און שטאַרק זאָל ער זיין, האָט ניט דערלאָזט דעם יעקע מילכאָמע צו האַלטן מיטן ציגיינער, קעדיי קיין אידיש בלוט זאָל ניט פאַרגאָסן ווערן...

— האַקט ניט קיין טשייניק, רעב לייב! — האָט זיך שמועל־הערש באַלגאָלע צווישן די אידן אריינגעשטעלט. — איר ווייסט זיך אין אייערע זאַכן... אָבער פּאָליטיקע, אַקאַטע פון דער זויערמילך! אויב דער יעקע האָט אָפּגעצויגן פון בעסאַראַביע, איז אַ סימען, אַז ער האָט געמוזט אָפּ־ציען... און שלעפּט מיר ניט פּראַנץ יוזעפן פון יענער וועלט. ווי אין פּאַ־סעק שטייט: אומרעש דידקו אי ס... נע פּאָבאַטשעשע!...

— היי אידן! — האָט סראָל־לייביקל דער שאַמעס דעם קאָפּ פונעם פענצטער אַרויסגעשטעקט. — כילעל האשעם! טפו. צו מיינע סאָנים!

אידן האָבן דערזען אַלטער דעם פעלצנמאַכער. אַ גאַנצער וויצלער געווען אַמאָל און היינט האָבן זיי אים פאַר ראַכמאָנעס נישט געקענט אָנ־קוקן און האָבן זיך גענומען רוקן אין שיל אריין. נאָר לייבעלע דער פּראָ־צענטניק, מיטן ווײַנשל־שטעקעלע אָף דער האַנט אויפגעהאַנגען, איז אים דעם וועג פאַרלאָפּן:

**טאַקע מעס, רעב אַלטער, אז דער טאַכשעט אייערער וויל אראָפּ־וואַרפן דעם ציגיינער פונעם בענקל? איך האַלט, רעב אַלטער, אז דאָס איז אָן אַרבעט פאַר אַן אַנדערן, ניט פאַר אייער מוישעלען. נאָר איך האָב געהערט, אַז קאָליע, אַנדריים זינדל, מיט נאָך עטלעכע אידישע גויעצן גייען אים צו הילף...**

דער פעלצנמאַכער האָט דעם יעבידנעם אידן אָנגעקוקט און געוואָלט זאָגן עפּעס שאַרפס. נאָר לייבל האָט נאָך ניט געהאַט פאַרענדיקט.

— זעט איר יאַדאַכאַס קעגן דעם ציגיינער איז בעפּיירעש אַ טייערע מאַרקע...

געזען אז דעם ניוווזעדיקן אידנס כויזעק קען ווערן געפערלעך, האָט ער אים אָפּגעהאַלטן:

— לאָזט מיך געמאַך, רעב לייבל, מיין זון מישט זיך נישט אין קיין פּאָליטישנע געשעפטן!

ריווע דוואוירע די גאבעטע, א ברייטע פרומע אידענע מיט א ווייסן טשיפּיק אפן קאָפּ, איז אוועק צום העקדעש־געסל. ווייבער אף די גאניק־לעך האָבן איר מיט קינע נאָכגערעדט:

— כיילעק אוילעמאבע וועט זי האָבן... שוין דעם דריטן קויש מיט עסנווארג טראָגט זי צו די קאבצאָנים.

כאווע די רימערקע, א גרינגע אויסגעטרוקנטע אידענע מיט איינגע־פאלענע באקן, האָט א קליין טעפל מיט באָרשט אונטערן פארטוך גע־טראָגן:

— פארבליבן פונעם נעכטיקן סיידער! זאָל אן אָרימאן נעבעך ווי־סן... איך וויל אויך האָבן א כיילעק אוילעמאבע... — און האָט ווייטער נאָכגעשפּאנט ריווע דוואוירען צום העקדעש־געסל.

ריווקעלע דעם בעקערס, אן אכצניאָריקע באלעבאָסטע, וואָס האָט געפּראוועט דעם ערשטן סיידער בא זיך, איז ווי אף ספּרוזשינקעס גע־שטאנען אף דער ארומגעשמירטער פּריזבע לעבן איר שטוב און אירע ברוינע לעבעדיקע אויגן האָבן געשיינט פאר גליק. די בעקעלעך האָבן געפלאמט בעשאס זי האָט קאָקעטירט מיטן רויט־געקעסטלטן בלוזקעלע און דעם נייעם ווייסן געשטיקן פארטעכל. יונגע באלעבעסלעך מיט קליי־נע ציגענע בערדלעך, וואָס זיינען פארבייגעגאנגען צום דאווענען, האָבן געקוקט אף איר. א אינגערע כאווערטע, שוין אויך א באלעבאָסטע פאר זיך, האָט פון א גאניקל אריבערגעשריגן:

— ריווקע, קרוין, שטייסט שוין אינדרויסן שוין צוגעשטעלט ס׳עסן?

— יאָ, — דאָברישל, אלץ זיצט שוין בא מיר אין אויוון, די פיש, די קאפּטעלעם דאָס קעזל מיט די ברעמזלעך... אלץ, דאָברישל איז טאם גאניידן...

— זאָג נאָר, ריווקע, קרוין, וויפל אייער האָסטו אריינגעלייגט אינעם קארטאָפליע־קעזל? נעכטן צום סיידער איז דאָס קעזל ארויס בא מיר פלאטשיקלעך אביסל, ניט פאר דיר געדאכט...

ריווקע איז די גאס אריבערגעלאָפן און געפלאמט פון די גוט יאָנטעווס, וואָס יונגע באלעבעסלעך האָבן איר צוגעשריגן.

— אָט וועל איך דיר דאָברישל א ווייז טון, וועסטו זען, אז א גוי

אין פּאָסטעלעס קען זיך אויך די טוירע אויסלערנען.

כּאַנציע דעם פּעלצנמאַכערס, מיט אַ נייער פּאַטשיילע אפן קאָפּ און מיט אַ ניי לייוונטן פאַרטוך, פּייסעכדיק אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך, איז אַריינגעלאָפן צו רייזלען.

— ליט מיר, רייזל סוועסטערקע, אייער טטופּער, מיינער, טויזנט מאָל ניסט פאַר אייך געדאַכט, איז טשעבראָכן געוואָרן.

רייזל האָט איר דערלאַנגט אַ לאָפּעטע און געשמייכלט:

— אָט דאָס מיינס איר? אַ לאָשן האָט איר, כּאַנציע, אַף אַלע פּוסטע פעלדער געזאָגט געוואָרן...

מאָרקע האָט זיך פאַרפּוצט אין אַ ניי גרין וואָלן קלייד מיט אַ ווייסער מאַטראָסענער בלוזע און אַף די פּיס נייע הויכע געשנירעוועטע שטיוועלעך מיט פּלימקע קאַלאָשלעך. זי איז אַראָפּגעגאַנגען פונעם גאַניק אין געננומען שפּאַצירן אפן מיט גאַס.

אוליאַנאַ האָט צו איר דורכן פענצטער אַרויסגעשריגן:

— קום נאָר אַהער, סאָרע, גרויסע מויד מיינע! ווער דאַרף איצט קאַלאָשלעך, נאַרעלע, קליין קינד!

רייזל האָט זיך געבייזערט:

— לאָז אָפּ, אוליאַנאַ! זי וויל באַנייען די קאַלאָשן, זאָל זי. זאָל איר וואויל באַקומען.

רייזל איז געווען פאַרנומען באַם צוגרייטן דעם יאָנטעוודיקן טיש. זי ווייסט אַז דער מאַן אירער וועט ברענגען מיט זיך עטלעכע אידן אַף קידעש. זי האָט צוגערייט דעם בראָנפן מיט דעם פּייסעכדיקן וויין אין קאַרטאָפליע־לאַטקעס צום פאַרבייסן.

אוליאַנאַ האָט סאָרקען די צונג אַרויסגעשטעלט:

— אַ גרויסער נאַר ביזטו! טו דיך אָן און פאַרקעם דיך. דער טאַטע וועט ברענגען אידן צום קידעש, זאָל כאָטשע קיינער ניט וויסן ווער דו ביזט...

יאָסקע איז פונעם אַלקער אַרויסגעקומען, אַ פרישער, אַ בליענדיקער. אָנגעטאָן אין אַ נייעם שוואַרצן סורטוק מיט אַ נייעם הוט אפן קאָפּ, האָט ער אויסגעזען ווי אַן עלטערער כאָסן־באָכער. רייזל האָט זיך אָוועקגע־

שטעלט אים אַנטקעגן מיט די הענט אַף די היפטן, אַ גלייכע און אַ שמיי־בלענדיקע און געקוקט אַף יאַסקען. זי איז צוגעגאַנגען צו אים און האָט אים דעם שניפּס צורעכט געמאַכט און צוריק אָפּגעטראָטן און אים אָפּגע־מאָסטן מיט שטילע וואַרימע בליקן.

— אוליאַנאַ, גיי נאָר אַהער, וועסטו עפּעס זען!...

אוליאַנאַ איז פון דער קיך אַריינגעקומען, געווישט די פאַרשמאַלצע־וועטע הענט אינעם לייוונטענעם פייסעכדיקן פאַרטוך און אירע אַלטע אויגן איינגעשטאָכן אין רייזלען מיט יאַסקען:

— אַ מעציע אַ גרויסע! מיינער, די ערד זאָל אים ניט זיין צו שווער, איז אַביסעלע מער אַנטיקל געווען... נאָר איך, גלייך ווי גאָרניט... אַז מיר ווייבער זיינען אַליין קיין מענטשן ניט, איז ווער איז אונז שולדיק!...

רייזל האָט דערלאַנגט דעם מאַן אירן דאָס רויטע סאַמעטענע טאַ־לעס־זעקל און האָט אים אינדרויסן אַרויסבאַגלייט. אוליאַנאַ איז אויך אַרויסגעקומען. זי האָט אַרויפגעלייגט איין האַנט אַף רייזלס טאַליע און ביידע פרויען האָבן נאָכגעקוקט דעם יאָנטעוודיקן יאַסקען, ביז ער איז אינגאַנצן פון זייערע אויגן פאַרשוואונדן.

אין גאַס האָט זיך פון דער העלער הויט אַריינגעריסן דאָס פייפן און זשומען פון אַן אויטאָמאָביל. דאָס קליינוואַרג האָט זיך ווי אַ מאַכנע טויבן, ווען מען וואַרפט צווישן זיי אַריין אַ שטיין, אַ הויב אויף געטון פון די קאַנאַוועס. מיט געפּילדער זיינען זיי געלאָפן צו דער פּאָטשט־פּאַס, פון וואַנען דאָס אָנקומען פונעם אויטאָמאָביל האָט זיך געהערט. אַ צען־יאָריקער קונדעס האָט מיט זיין קאַשקעט דעם רויך אַ צעטרייב גע־טון און געשפּרונגען פון פרייד.

—איך האָב געזען. צוויי עלצטע אינעם אויטאָמאָביל. די שפּיצן היט־לען האָב איך געזען.

— און איך האָב געזען די גאָלדענע פּאָלעטן. — האָט אַ צווייט אינגל געשריגן.

די אידן פאַר די שילן האָבן געצויגן מיט די אַקסלען.

— זאָל עס זיין דער פּאַרעץ פון דער מיל, צי טאַקע די אויספּאַרשער?

ווער ווייסט אים דאָרטן, דעם ציגיינער!... פונקט אום יאָטעוו זיך אויס־געקליבן!...

רעב מוישע וויינשטיין איז אָנגעלאָפן. די פּאָלעס פון זיין קאַפּאָטע זיינען געווען צעפלויגן, די באָרד און פּייעס צעפּלאָטערט פונעם גיכן גיין, ווי ווייסע זיידענע פעדים. אייליק, מיט אַ לייכטקייט, ווי דער ווינט וואָלט אים געטראָגן, האָט דער זאָקן דער אין דער גרויסער שיל אריינגע־שוועבט. אידן און ווייבער, יאָנטעוודיקע, מיט קאַשקעטן און טיכלעך אויף די קעפּ, מיט סידורים און מאַכזיירים אין די הענט, זיינען פון די ארו־מיקע שילן ארויסגעלאָפן. ווי פון אַ וויכער געטריבן, האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן אין דער גרויסער שטיינערנער שיל אריין. שרעק האָט זיך אויף זייערע פּנימער געמערקט.

רעב מוישע, ארומגערינגלט פון אַן אוילעם מענער און ווייבער, מוידן און באָכערים, אָנגעשטעלטע ארום דעם בעלעמער, אָנגעשאַנגענע פון דרויסן אויף די פענצטער פון דער שיל, האָט זיינע הענט צענומען און מיט אַ זאנפט קאָל פון אַ באליידיקט און צעשטורעמט האַרץ גערעדט:

— קנעכט זיינען מיר געווען צו פּאַרע אין מיצראַים. מיר האָבן עס ערשט נעכטן באַם סיידער איבערגעכאַזערט פאַר אונדז און פאַר אונדזע־רע קינדער. גאָט האָט אונדז ארויסגעצויגן פון קנעכטשאַפט, ווייל מיר האָבן נישט געוואָלט זיין קיין קנעכט. קנעכט זיינען די וואָס ווילן לעבן אין קנעכטשאַפט, און מיר אידן האָבן דאָס קיינמאָל ניט געוואָלט. און יעדעס מאָל ווען עס וועט אויפשטיין אַ פּאַרע און וועט אונדז וועלן פאַר־קנעכטן און דערנידעריקן און זיך איבער אונדז איזדיעקעווען, וועלן מיר זיך נישט לאָזן. מיר האָבן זיך געקלאָגט צום מיילעך קיין בוקארעשט אויף די נעגישעם און אויף די רעדיפעס, וואָס מיר שטייען אויס און דער מיי־לעך האָט אונדזער געבעט געהערט און אראָפּגעשיקט צוויי שליכים וואָס זאָלן אויספּאָרשן אונדזער אומגליק...

רעב מוישע איז שטיל געבליבן. זיין ווייס טמימעסדיק פּאָנעם האָט אויפגעשיינט. ער זעט איצט די גערעכטיקייט פון די מעלאָכים, אין וועל־כער ער האָט אזוי שטאַרק געגלויבט. ער האָט שוין איצט גערעדט וועגן

דער גערעכטיקייט. און די מאַסע אידן ארום אים איז געוואקסן אין שיל און ארום דער שיל.

אפן צוויי רא‏ָג גא‏ַס, הא‏ָט א צווייטער מענטשן־שטראָם, א גרעסערער און א אומרואיקער זיך אַרומגעשטעלט ארום א צווייטער וויכטיקער פּער־זענלעכקייט פונעם שטעטל: עליקל דער שרייער.

עליק דער שרייער, א הויקער מיט אַן אויסגערונען אויג, האָט גע־קלאַפּט אַף א פייקל, וואָס איז בא אים געווען אָנגעהאנגען אַף א רימען און מיט א קלינגענדיקער געאיבטער שטימע, וואָס האָט זיך געהערט אין האַט אָפּקעהילכט אַף די אַרומיקע געסלעך, אויסגעשריגן:

„אכאַס, מודיא האקאָמענדאַנט: ווער סע האָט זיך אַף עפּעם צו באַ־קלאָגן, זאָל גלייך ארויפגיין צום אָדן. דער מיילעך פון בוקארעשט האָט צוויי גענערעלים אויספּאָרשער אין שטאָט אראָפּגעשיקט”.

פון אַלע גאַסן און געסלעך זיינען זיך צונויפגעלאָפן קינדער און גרוי־סע. אידן מיט טאַלייסים אַף די פּלייצעס, ווייבער פון די קיכן, מאַמעס מיט קינדער אַף די הענט, אַלץ האָט זיך אינעם שטראָם צונויפגעגאָסן.

רעב מוישע איז פון דער שיל אַרויסגעקומען און פאַר דער גרויסער איידע אידן, פאַריסן די גלויביקע אויגן צום הימל און האָט איבערגע־שריגן דעם אַלגעמיינעם טומל:

— אידן אידישע קינדער, פאַרלירט ניט דעם ביטאָכן! אין זכוס פין יאָנטעוו, אין זכוס פון אונדזערע אָוועס, אין זכוס פון אַלע אידן, וואָס זיינען געגאַנגען אַף קידעש האַשעם. וועלן מיר מאַצליעך זיין און נויסע כיין זיין בא די אויספּאָרשער.

---

## י״ג. — קידעש האַשעם באַם טייך

דער קאָמענדאַנט דימיטרו, אויסגעפּוצט אין אַ גרינעם פרענטש, דרייט זיך אַרום זיינע געסט, די אויספאָרשער, בא זיך אינעם קאַבינעט. די אויספאָרשער זיינען צוויי מיטליאָריקע מענער, הויכע און ברייטביינערדיקע, מיט שאַרפע קריגעריש שטריכן אויף פּנים און אויגן שוואַרצע ווי קויל. דימיטרו גיסט אונטער די האַלב אויסגעליידיקטע גלעזלעך. ער האָט איינגעלאַדן צום קיבעד זיינע צוויי „פּריוואַטע סעקרעטאַרן", וואָס האָבן גוט פאַרשטאַנען זייער ראָל און האָבן פאַרוואַנדלט דעם קיבעד אין אַ רייצנדיקער מעסובע פון ווייַן, ווייב און געזאַנג...

מען האָט געטרונקען ניט נאָר פאַרן געזונט פון די שיינע אויגן פון די רייצנדיקע „סעקרעטאַרקעס" און פאַר זייערע שיינע פיסלעך וואָס די הערן „גענעראַלן" האָבן געשאַצט ווי עכטע מעווינים, נאָך אויך פאַרן געזונט פונעם קעניג, פאַרן קאָמענדאַנט דימיטרו און פאַר די „גענעראַלן" גופע, וועלכע זיינען געווען אַזוי אַנטציקט פון דער פיינער געזעלשאַפט. און ווען די ציגנער זייערע האָבן זיך שוין געפלאָנטערט האָבן די „סעקרעטאַרקעס" זיי אונטער די אָרעמס גענומען און זיי אַוועקגעפירט זיך אָפּרוען...

ווען דער דינער, אַנגעטון ווי אַן אָפיציר, אַ שמאָלער און אַ שוואַרצער, אַ גלייכער ווי אַ ווירע און אַ בייזער, אַ שווייגנדיקער ווי אַ מומיע, איז אַריינגעקומען אָפּראַמען די ליידיקע פלעשער פונעם טיש, האָט ער דעם קאָמענדאַנט, וועלכער איז פאַרבליבן רוען אין אַ טיפן געבעטן שטול, אַ וויַיז געטון אפן פענצטער:

— מיין האַר, הונדערטער זשידאַנעס האָבן אונדזער הויז באַלאַגערט!

דימיטרו האָט שווער צוגעשפּאַנט צום פענצטער:

— מירן זיי ווייזן די רוכישע אידן! — האָט ער שיקער געשטאַמלט.

# בעסאַראַביע אין 1918

און דאָס הויז איז טאַקע באַלאַגערט געווען מיט דעם גרויסן אוילעם, אידן און ווייבער, גרויס און קליין, וואָס קען זיך ניט דערוואַרטן אַף דער אויספאָרשונג און טומלט זיך און דרענגט זיך:

— וואו זיינען זיי, די אויספאָרשער, די גענערעלים?

דער „אָפיציר" האָט זיך אפן באַלקאָן באַוויזן ווי אַ סאָטן אַ שוואַר־צער, גלייך ווי אַ שטיק שטאָל און קאַלט האָט ער מיט זיינע אומבאַוועג־לעכע אויגן געקוקט, ווי דער טויט וואָלט צום אוילעם אַראָפגעקוקט און אַ שרעק איז די אידן באַפאַלן. אידן האָבן מיט ביטאָכן צום הימל געקוקט און די אויגן פונעם הימל צום „אָפיציר" אַריבערגעטראָגן.. זיי האָבן אין זיינע אויגן דערזען דעם אָנזאָג פון עפּעס שרעקלעכעס, און דער ביטאָכן און דער גלויבן אינעם מיילעכס גערעכטיקייט, האָט מיטאַמאָל געמוזט פאַלן, ווי עס נעמט מיטאַמאָל פאַלן אַ געוויסער, פאַר וועלכן עס האָט זיך דער וועג געעפנט...

נאָר אַנטלאָפן איז מען ניט. די מענגע אידן און ווייבער האָבן זיך אַרום טויער איינס צום צווייטן געדריקט און אַ געמורמל האָט זיך צווישן זיי דורכגעטראָגן:

— ווער וועט ריידן מיט די אדוינים?

ר׳עב מוישע איז ווי אויסגעוואַקסן פון צווישן דער מאַסע. ער האָט דעם קאָפּ זיינעם פאַרהויבן, ווייס און אויסגעמאַטערט איז זיין פּאָנעם געווען:

— אידן, אידישע קינדער, שרעקט אייך ניט, גאָט איז מיט אונדז...

ער האָט זיך אַ וועג געמאַכט, מיט די עלנבויגנס זיך דורכגעשלאָגן און זיך אָנגעכאַפּט מיט די הענט באַ די אייזערנע אויערן פונעם גע־שלאָסענעם טויער.

— איך וועל ריידן!

בערל מיט יאָסקען, אויפגערוימטע, אין זיך פאַרשלאָסענע, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען אונטער די פליגלען פון טויט, האָבן זיך באַם אייזערנעם טויער, ווי הויך זיי זיינען געווען, נאָך העכער, דאַכט זיך, אויפגעשטעלט. געוואַרט דער „אָפיציר" זאָל זיי רופן צו די אויספאָרשער. שטיל און אומויפגערעגט, מיט אַ געצווימטן געוויש, ווי אַף אַ כאָשעווער לעווייע,

האָט דער מענטשן־שטראָם רעב מוישען ארומגערינגלט. נאָר פּלוצים, ווי קענן אייגענעם ווילן, האָט די שטילקייט געפּלאַצט און אַ געשריי האָט זיך ארויסגעריסן:

— מיר ווילן ריידן מיט די אויספאָרשער!

דער „אָפיציר" איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן, ווי פאַרשלונגען אין דעם בריימן פענצטער.

דער אוילעם האָט שוין גענומען שטורמען:

— וואו זיינען די אויספאָרשער?

— מיר ווילן ריידן מיט די אויספאָרשער!...

פון הינטערן הויף פון אַ גאַס וואָס פירט צו אַ פרייען וועג, צום וואַלד, האָט זיך מיטאַמאָל דערטראָגן דאָס זשומען און דאָס פייפן פון אַן אויטאָמאָביל.

די מענטשן־מאַסע האָט אויפגעשוידערט. אַ שטילער גערודער, אַ אומרו האָט זיך אַ צעוויג געטון, ווי אַ גרויסע אונטערגייענדיקע שיף אויף אַ צעשטורעמטן יאַם.

— אידן, זיי האָבן אונדז פאַראַטן! די עלצטע זיינען אָפּגעפאָרן!...

בערל מיט מוישען האָבן מיט די הענט געפאָכעט:

— אידן, ברידער, אַנטלויפט ניט ווי פאַכדאָנים!...

— מיר דאַרפן צו די אויספאָרשער! — האָט יאָסקע אין הויף אריין געשריגן. — וואו זיינען זיי!...

אַ מאַכנע סאָלדאַטן אויף די פערד מיט געלאַדענע ביקסן און בלויזע שווערדן האָט זיך פון הינטערן הויף אַ באַוויז געטון און האָט זיך אויף די מענטשן אַ לאָז געטון, אריינגעשפּרונגען אינמיטן ווי צווישן גראָז און גענומען שלאָגן מיט נאַהייקעס און טרעטן מיט די פערדישע פיס ווי מען טרעט אויף גליטשיקער ערד.

אַ מענטשלעכער קנויל מיט טאַלייסים און יאַרמעלקעס, שוואַרצע און גרויע בערד, אַלטע מאַכזיירים און פערגעלטע טאַלייסים, האָט זיך גע־ראַנגלט אונטערן האָגל פון נאַהייקעס און שווערע פערדישע פיס. שאַרפע און כוואַליענדיקע קוילעס האָבן זיך געטראָגן איבער דער גאַס און דער־גרייכט אין אַלע שטיבער און אין אַלע הערצער:

## בעסאראביע אין 1918

— אידן, ראטעוועט זיך, א פאגראם, פאגראם!

אינגערע, פלינקערע, זיינען אונטערן האגל פון קוילן געשפרונגען איבער הויכע שפיציקע פארקנס. אין פרעמדע הייפן, אין גערטנער זיך אריינגעווארפן.

יאסקע האט זיך דורך דער מענטשן מאסע דורכגעריסן און מיט די הענט אין דער הויך א געשריי געטון:

— ברידער, ראטעוועט זיך, אנטלויפט!

א סאלדאט האט זיין שווערד איבער יאסקעס קאפ אראפגעלאזט. יאס־קע האט זיך א וואקל געטון, האט דעם קאפ פארווארפן אף ארונטער און א פאל געטון אף דער ערד פאר דער איידע אידן א באגאסענער מיט בלוט.

א כוואליע יאמער און געשריי פון ווייבער און פון קינדער האט דאס קנאקן פון די קוילן איבערשטיגן:

— ראטעוועט זיך! מען שיסט! מען הארגעט אידן! א פאגראם!

און באלד דארויף די קוילעס פון די סאלדאטן:

— אלץ אין די שטיבער! די גאנצע וועלט אין די שטיבער!

רעב מוישע מיט בערלען, וויים ווי די מייסים, זיינען הארט לעבן טויער געשטאנען און א מאכנע אידן אין די טאלייסים איינגעוויקלט, ווי זיי וואלטן אפן טויט געווארט, האבן מיט אויפגעהויבענע הענט צום הימל זיך געקלאמערט ארום בערלען און רעב מוישען.

— בלוט פון איבערן דניעסטער! באלשעווישעלי! — האבן די סאל־דאטן מיט מער וואוט זיך געווארפן אף די אידן, האבן די פארבליבענע אין צוויי רייען אויסגעשטעלט און מיט א זייטיקער גאס צום טייך אוועק־געטריבן.

זיגעריש און שטאלץ איז באלד דימיטרו אליין צום טייך צוגעריטן.

— טיכלעך אף די אויגן! — האט ער א קאמאנדעווע געטון.

די ארעסטירטע מאכנע, וואס האט מיטאמאל באנומען וואס ס'קומט פאר, האט אויפגעציטערט, מיט פאכעד זיך ארומגעקוקט.

— גאט! ראכמאנעס אף ווייב און קינדער!...

רעב מוישע האט פעסט א דריק געטון דעם טאלעס צום הארץ און זיך פון דער ריי ארויסגעשטעלט:

## ג אָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

— אין נאָמען פון גאָט, אין נאָמען פון גערעכטיקייט, זאָגט, וואָס ווילט איר מיט אונדז טון?!

— דערשיסן ווי די הינט, באָלשעוויקעס!...

דער קאָמענדאַנט האָט ארויסגעכאַפּט א פּאַפּיר פון דער קעשענע.

— ווער האָט דאָס געשריבן?

בערל, א קאַלטער און אַ אַלין א ברייטער, האָט געענטפערט:

— איך, הער קאָמענדאַנט! — און די אויגן האָבן גענומען בלאָנדזשען אויף די ארומיקע גרינע בערגעלעך, אפן וועלדל און אפן טייך, די איידעם פון זיין יוגנט און פון זיינע שיינע חלומעס און פון דארטן באַלד פארבלאָנדזשעט צו זיך אהיים, וואו זיין יונג ווייב און זיין קינד ווארטן אף אים באַם יאָנטעוודיקן טיש... און די אַלטע מאַמע! און די שוועסטער און ברידער, וואָס וועלן זיי זאָגן; די פּיס זיינע האָבן זיך גענומען בּרעכן, ס'האָט אים צו דער ערד געצויגן. נאָר בערל האָט זיך געשטאַרקט: — ניין ער מוז שטאַרבן ווי א אידישער העלד!... זאָלן די סאָניטן נישט זען קיין אידישע פּאַכדאָנעס!...

בערל האָט א קוק געטון אף דער אויידע אידן און זיין האַרץ איז צעריסן געוואָרן פון ראַכמאָנעס צו זיי.

— הער קאָמענדאַנט! — האָט ער א זאָג געטון און דאָס קאָל זיינס האָט געקלונגען מיט א מאָדנער לויטערקייט און געצוואונגען אים אויסצוהערן:

—איך שענק אייך אוועק מיין הויז, מיין פּארמעגן, נאָר שטראָפט נישט מיינע אומשולדיקע ברידער, איך בין דער שולדיקער!

אין איך אויך! — האָט רעב מוישע א מורמל געטון.

פּלוצים איז דער שווארצער „אָפיציר", דעם קאָמענדאַנטס דינער אנגעלאָפן. ער איז געווען אומרויק און דערשראָקן. ער האָט דעם קאָמענדאַנט אָן א זייט אָפּגעפירט און שטיל צו אים גערעדט:

— מען טאָר נישט, דאָמנו קאָמענדאַנט אַף איין מאָל אזוי ביל זשידאָנעס דערשיסן. זייערע ברידער, די זשידאָנעס פון דער גאַנצער וועלט, וועלן נישט שווייגן. מען וועט אונדז פארמכטן, עס קען שאַדן ברענגען דער מעלוכע און אייך אויך, הער קאָמענדאַנט!...

## בעסאַראַביע אין 1918

— מיר מוזן זיי אָבער אָנלערנען, די בעסאַראַבצעס, מיר מוזן זיי באַהערשן!

— דערשיס די אונטערגעשריבענע אַליין!

די אַרעסטירטע אידן, טויט בלייכע האָבן וויינענדיקע אין זיך אריינגערעדט, געזאָגט ווידע, געבעטן גאָט זאָל זיי מויכל זיין אַף זייערע באַגאַנגענע זינד.

דער קאָמענדאַנט האָט פון אַ ווייסן ליידיקן פּאַפּיר גענומען עפּעס אַף גיך לייענען, ווי ער וואָלט דאָס שוין פון אויסנווייניק געקענט:

— אין נאָמען פון גאָט, אין נאָמען פון דער גערעכטיקייט און פון דער רומעניישער פאָן, אין נאָמען פון דער ליבע צו אונדזער גרויסן פאָטערלאַנד, באַשטראָפן מיר די באָלשעוויקעס, וואָס פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען וועגן אונדז. אָפּן גרונד פונעם אויסעראָרדנטלעכן באַפעל פון זיין מאַיעסטעט פון דעם כוידעש און יאָר, באַקומען זיי זייער פאַרדינטע שטראָף דורך צעשיסן.

די אידן האָבן אַ שווערן זיפץ געטון.

— גאָט אין הימל, באַווייז אַ נעס! אין זכוס פון אונדזערע אומשולדיקע אויפעלעך, אין זכוס פונעם הייליקן יאָנטעוו...

רעב מוישע, אינגאַנצן אַן אָפּגעטויטער, האָט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן אַ מורמל געטון:

— מיך נעמט דעם ערשטן!

דער סאָלדאַט וואָס איז צוגעקומען ארומבינדן רעב מוישען די אויגן, איז לעבן אים ווי אַ געליימטער שטיין געבליבן. דאָס ווייסע פּאָנעם וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פונעם שוואַרצן ברייטן יאָנטעוודיקן היטל, די ווייסע צעפלויגענע באָרד און די מילדע, פרומע בלויע אויגן, וואָס האָבן אינעם הימל געקוקט, האָבן דעם סאָלדאַט אין אַן אומרו אריינגעוואָרפן: צי איז עס ניט דער אידישער גאָט, וואָס מיר פּייניקן און ברענגען אום, ווי זיי האָבן אונדזערן, דעם קריסטלעכן גאָט, געפּייניקט און אומגעבראַכט, און ער וועט אריינפליען אין הימל און אָנשיקן זיין צאָרן, זיין גערעכטע שטראָף אַף די רומענישע סאָלדאַטן און אַף זייער קאָמענדאַנט דעם רעצייעך... — דער סאָלדאַט האָט צום קאָמענדאַנט אַ קוק געטון און

די הענט און פיס האָבן אים געציטערט.

דער קאָמענדאַנט האָט זיין געלאָדענעם רעוואָלווער אַפן סאָלדאַט אָנגעשטעלט:

— טו וואָס מען הייסט דיר, אויב דו ווילסט ניט שטאַרבן!

דער סאָלדאַט האָט דעמאָלט זיין רעוואָלווער אַרויסגעכאַפּט פונעם לעדערנעם טעשל און אים צוגעשטעלט צו רעב מוישעס ברוסט.

— שמאַ איסראָעל, אַדוינאָי עלויהיינו, אַדוינאָי עכאָאָד!

און רב מוישע איז פונעם בערגל אַראָפּגעפאַלן, לייכט ווי אַ טויב מיט אַ דורכגעלעכערטער ברוסט צווישן די שטיינער וואו די ווייבער וואַשן דאָס וועש אַ גאַנצע וואָך.

בערלען האָט דער קאָמענדאַנט אַליין פאַר די לאַצן פון זיין יאַנ־טעווודיקן סורטוק אַ שלעפּ געטון און מיט רעציכע אים אין פּאָנעם אַריינגעשפּיגן:

— נאַ, דו רוכישער איד, באָלשעוויק!

צוויי רעוואָלווער שאָסן האָבן אַ הילך געטון און זיך צעשוואומען אַרום.

אַ יונג אויסגעבלייכט באָכערל, מיט אַ שוואַרין זיידן כסידיש קאַ־פּאָטקעלע, האָט זיך פון דער ריי אַרויסגערוקט.

— איך בין דער דריטער!...

און ער האָט אַ גליקזעליקן קוק געטון אַף איינעם אַן עלטערן אידן, וואָס איז געשטאַנען הינטער בערלען און געיאָמערט:

— וואָס וועלן טון מיינע זעקס יעסוימימלעך אָן אַ מאַמען און אָן אַ טאַטן?

דימיטרו האָט דעם באָכער פון דער ריי אַרויסגעשלעפּט און פאַר־געסנדיק אַפילע אַז מיט אָפענע אויגן טאָר מען לויטן געזעץ קיין מענטשן ניט דערשיסן, האָט ער אים אַ קויל אַריינגעשאָסן.

— נאַ!

— שמאַ איסראָעל, אַדוי...

און ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל איז דער באָכער אַ פאַל געטון

# בעסאראביע אין 1918

צווישן בערלען און רעב מוישען און די פּאָלעס פון זיין קאפּאָטקעלע האָבן זיך ווי צוויי שווארצע פליגלען אויסגעשפּרייט, ווי ער וואָלט אונ־טער זיין שוץ גענומען די קאָרבאָנעס פונעם רומענישן פארברעכן, אוועק־צופליען מיט זיי ווייט אין די אידישע וזימלען אריין...

---

# יד. — פּאָליטיקע אפן פעלד

די זון, א הייסע און א פריידיקע, ווארימט די הויכע פול־זאנגיקע פעלדער און גרייט זיי צום שניט.

אין א ווייס לייוונטן העמד, א צעכראַטעטעטער, מיטן רוקן ארויף, הענט און פיס צעשפרייט אינעם גראָז, ליגט קארוצא בא זיך אין גאָרטן. ער ווארימט זיך אף דער זון און שוויצט. גרויסע, קיילכיקע טראָפּנס שוויים שטייען בא אים אפן רויטן קארק.

פון הינטערן שטיבל באַם גאָרטן לויפט אָן פּאראסקע, זיין קאלע, א יונגע שיקסע מיט א ווייס קיילכיק פּאָנעם. די קלייען־שפּרענקלעך ארום דער נאָז און אף דער אויבערשטער ליפּ זיינען פּארטרונקען אין דער רויטקייט וואָס די זון האָט אף דעם פּאָנעם אירן אָנגעברענט. די הויכע גראָזן האָבן זיך געבויגן בעשאַס זי איז איבערן פעלד געלאָפן, זי אָפּגע־ווייעט פון דער היץ און א פרישע שמעקעדיקע קילקייט מיט א געמיש פון גראָז און קאָרן־רייעך האָט זיך געטראָגן פון איר. די לאַנגע און שי־טערע פלאקסענע האָר זיינען איבער אירע ברייטע קימאַט מענערשע פלייצעם צעוואָרפן געווען. די פיס, הויכע און גלייכע ווי בא א הירש, זיינען אָנגעשמיסן געווען פון קראָפּיווע און ווילדע גראָזן. זי האָט א שפּרונג געטון צו קארוצאַן, זיך א וואָרף געטון מיטן גאַנצן גוף צו אים אפן רוקן און ארומגעוויקלט אירע ווייסע שטייפע הענט ארום זיין האַלדז:

— אָט וועלן דיך מיינע הענט אָפּקילן.

קארוצא האָט א ציטער געטון. אירע הענט, איר שווערער גוף מיטן געזונטן שיינעם בוזים, וואָס איז אויפגעהאַנגען און זיך אויסגעטיילט פונעם לייוונטענעם העמד אויבן, האָט אים גערייצט און געלאָקט. ער האָט זיך איבערגעדרייט און זי אראָפּגעוואָרפן פון זיך. זיינע גרינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן און ווי צוויי ליכט זיך איינגעשניטן אין איר צע־

וואָרפֿענעם בוזים. זי האָט אַ כאַפּ געטון דעם קאָפּ זיינעם און אים פֿאַר־גראָבן צו זיך אפֿן שויס, האָט אָפּגעבלאָזן דעם שווייס פֿון זיין פֿאַר־שוויצטן קאָפּ, געקושט און געגלעט זיין שטערן און פֿאַרפֿירעריש אים אין די אויגן געקוקט:

— האָסט מיך ליב, קארוצאַ? זאָג, איך מוז דאָס וויסן.

ער האָט געפֿינקלט מיט די ברייטע אויגן זיינע, אירע בליקן האָבן אים געעבריט און דעם קאָפּ פֿאַרדרייט.

— לאָז מיך אָפּ, צויג, צויגעלע מיינס! — האָט ער שווער געאָ־טעמט און זיך געפּרואווט פֿון אירע הענט באַפֿרייען.

פֿאַראַסקאַ האָט אים געזען אַ באַזיגטן און האָט דעם זיג אירן אויס־גענוצט.

— איך וויל נישט, קארוצאַ, — האָט זי אירע פֿולע ליפּן צו זיין הייסן שטערן צוגעלייגט, — איך וויל נישט דו זאָלסט טראָגן פֿרישע פּאַפּעשויעס צו דיין פּאָרכאַטן איד יאָסקאַ!... זאָלן זיי אויך אַרבעטן אין פֿעלד אַזוי ווי מיר, וועלן זיי האָבן!...

קארוצאַ האָט בייז אַ בורטשע געטון און האָט אַראָפּגענומען אירע הענט פֿון זיין ברוסט.

— ביזט אַ נארישע צויג, אַ בייזע שלאַנג, נישט מער!

— איך קארוצאַ, האָב דיר אַזאַ גרויסן נאַדן געגעבן און ערשט... ליב האָסטו זיי, די פּאַרכאַטע אידן דיינע, נישט מיך!

מאַנקע, קארוצאַס מאַמע, האָט צוגעבראַכט אַ גרויסע מאַקריטע מיט שאַוועל־באָרשט און אַ באַליידיקטע אין זיך אַריינגערעדט.

— אַ בייזע שלאַנג איז די מויד, אַ פּאָהיבעל אף איר! ווי זי מאַכט פֿון אים אַ טעל, רייסט אַוועק פֿון אייגענע און פֿון גוטע פֿריינט...

מאַנקע האָט די מאַקריטע מיטן באָרשט אַוועקגעשטעלט לעבן קאַ־רוצאַן מיט דער קאַלע און איז אַוועק צום ציגלנעם אייוועלע, באַם זוים פֿונעם פֿעלד, הינטער דער פּריזבע וואָס באַם שטיבל. מיט אַ גרויסן היל־צערנעם גאָפּל האָט זי עטלעכע אָפּגעזאָטענע פּאַפּעשויעס פֿונעם אייזער־נעם טאָפּ אַרויסגעשלעפּט, אין אַ קליין לייוונטן האַנטיכל איינגעוויקלט און

אין בוזים אונטער אירע טרוקענע ברוסטן באַהאַלטן. — פאַר פאַני אַל־טערקע.

פּאַראַסקאַ האָט זיך אויפגעהויבן. אַ שווייגנדיקע איז זי צו מאַנקען צוגעלאָפן און באַרויגעז אַ זאָג געטון:

— מאַמאַ, איר׳ט עפּשער צוגרייטן עפּעס צום באָרשט, די פּאַראָב־קעס לייגן שוין אוועק די אַרבעט...

— אָט שוין, טאָכטער מיינע! — האָט מאַנקע דעם גרויסן טשוהון אָפּן אײַוועלע מיט פּייער אַרויפגעשטעלט. — אָט וועל איך אײַך מאַכן אַ מאַמעליגע!

זי האָט אַ טאַפּ מיט קעז און סמעטענע אַוועקגעטראָגן און באַלד איז שוין אַ גרויסע הייסע מאַמעליגע אָפּן ווײַסן קײַלעכיקן מאַמעליגע־ברעטל געלעגן.

קאַרוצאַ האָט זיך אויפגעזעצט אינעם גראָז און אַרײַנגענומען דאָס ברעטל מיט דער מאַמעליגע צווישן זײַנע צעשפּרייטע פיס. מיט אַ ווײַסן פאָדים האָט ער גראָבע רייפטלעך מאַמעליגע געשניטן און זיי אויסגע־לייגט אָפּן ברעטל:

— היי, כלאָפּצי! — האָט ער די גרינגע אויגן זײַנע ווי צוויי אָנגע־צונדענע פּראָזשעקטאָרס אײַנגעשטאָכן אין דער גרינער ווייטקייט און אַ לאַנגן סווישטש אַרויסגעלאָזט.

פון אַ זײַטיקער סטעזשקע זײַנען צוויי יונגע פּויערים אַרויסגעקומען. ברייטע און פעסטע, מיט רויטע טשאַפּרינעס און מיט שטויב און שווייס דורכגעזאַפּטע און די פּעני‌מער שוואַרץ, פון דער זון פאַרברענטע.

שווייגנדיקע האָבן זיי זיך אַראָפּגעזעצט אינעם גראָז לעבן קאַרו־צאַן, אַ שפּיי געטון צווישן די שטאַרקע און גרויסע ציין זייערע און אָפּ־געווישט זיך די פאַרשוויצטע פּעני‌מער מיט די אַרבל פונעם קויטיקן לײַוונטענעם העמד. קאַרוצאַ האָט אָף זיי אַ באַפעלערישן קוק געטון:

— אָפּוואַשן זיך צום עסן!

די פּויערים האָבן זיך אויפגעהויבן און אַוועק צום ברונעם זיך וואַ־שן. צוריקגעקומען, האָבן זיי פרישע און מונטערע, מיט אַ וועלפישן אַפּעטיט געקוקט צו דער הייסער מאַמעליגע מיט באָרשט.

## אין בעסאראביע 1918

פאראסקע האָט אריינגעוואָרפן עטלעכע רייפטלעך מאַמעליגע אין דער מאַקריטע מיטן באָרשט און האָט זי דערלאַנגט גרויסע הילצערנע פּאָלאָנעקעס.

— עסט!

— האָסט געהערט, פאראסקייא, — האָט איינער פון די פּאראָבקעס זיינע טאַמעוואַטע אויגן אַף איר אָנגעשטעלט און דאָס שטיק מאַמעליגע האָט אים געגומען בריען און ווארגן איז האלדז, — איך האָב נעכטן געהערט אין דאָרף, אַז די אידן ווילן נישט גיין דינען דעם רומען. אייניקע קויפן זיך אויס מיט געלט פון דער דינסט און אנדערע אנטלויפן אין אַ לאַנד, וואו ס׳וואַקסט געלט... מע דאַרף דאָרט נישט אַרבעטן, אַט וואָס!... פּריצים זיינען זיי, די אידן, האָבן מוירע פארן פּראָסט און פאר קלעפּ, פּוילניאַקעס!...

פאראסקע האָט אויפגעלעבט.

— און דעם צאַר האָבן זיי דען געוואָלט דינען? פּאַכדאָנים זיינען זיי, האָבן בעסער געלאָזט זיך די אויגן אויסשטעכן און די פיס אויסקריימען, כאַ־כאַ!

— בראַוואָ, פאראסקאַ! — האָט דער צווייטער פּאַראָבעק זיך פארכלינעט און דער באָרשט מיט דער צעווייקטער מאַמעליגע האָט אים דורך די נאָזלעכער און דורכן פארשטשעמעטן מויל ארויסגערונען.

קאַרוצאַ האָט אַף זיי אַ שטומען און הארטן קוק געטון און דאָס עסן פון מויל ארויסגעשפּיגן. די צוויי פּאַראָבקעס האָבן דאָס באַמערקט און אומבאַהאָלפן זיך איבערגעקוקט. איינער האָט אַף גיך גענומען אָפּווישן די נאַס געוואָרענע מאָרדע מיטן אַרבל פונעם העמד און דער צווייטער האָט פויל געקייעט און געוואָרפן דעם ביסן פון איין באַק צו דער צווייטער.

— אַז אַלע צאָרעס פון דער וועלט ברענגען זיי, די אידן. אונדזער גאָט יעזוס האָבן זיי אומגעבראַכט און קיין בראָנפן ווילן זיי שוין אויך ניט פארקויפן, טרינקען אים אַליין אויס, אַט וואָס!

קארוצאַ האָט אַ שמייכל געטון.

— זיי פארקויפן נישט קיין בראָנפן, ווייל מען לאָזט זיי נישט, מען באַשטראָפט זיי. און דער זשיפּוני יאַסקאַ איז אַ קריסט!...

— דיין יאַקסאַ און דיין מאַמעס אַלטער! שיינע קריסטן זיינען זיי! אַזוינע קריסטן דאַרפן עסן כאָליערע, ניט קיין פרישׂ געזאָטענע פּאַפּע־שויעס פון מיין פעלד! זעסטו, מיין פּאַני מאַשקאַ, איז עפּעס אַנדעריש! ער גיט אומזיסט רעפּועס פאַר די אָרימע פויערים פונעם דאָרף! מיינעט־וועגן מעג מען אַלע אידן ווי די קעלבער אויסשניידן, נאָר מיין פּאַני מאַשקאַ, אַ, אַ! אים וועל איך באַהאַלטן אַט אָ דאָ! — און פּאַראַסקע האָט דעם זוים פון איר ברייט לייוונטן העמד אַ פאַרהויב געטון. — אַהער וועט קיינער נישט צוקומען!...

די טעמפּע אַזיגן באַ די צוויי יונגע פויערים האָבן זיך מיטאַמאָל ווי איבערגעקערט, זיי האָבן זיך איינגאַנצן פאַרגעסן און פון צאָרן אָנגעהויבן פאָכען מיט די גרויסע פּאָלאָניקעס אין דער לופטן און פאַראַסקען אין פּנים אַריין:

— אַלע זיינען זיי גלייך, די אידן! אַלע דאַרף מען זיי אויסהענגען, זיי זיינען גאַנאַווים, שווינדלער, וואוכערניקעס... זיי זיינען דער רוען וו ־יסט זיי וואָס!...

קאַ־יצאַ, וואָס האָט די גאַנצע צייט געקוקט אויף זיין קאַלע און אויף די צוויי פּאַראָבקעס, האָט אַ כאַפּ געטון אַ שטיק הייסע מאַמעליגע און גלייך אַ וואָרף געטון איינעם פון זיי אין פּנים אַריין.

— נאַט, באָלוואַנישע קעפּ, כוליגאַנעס!

דער פּאַראָבעק מיט דעם פלאַסטער מאַמעליגע אויפן פּנים, האָט זיך אַ וואַקל געטון. זיינע טעמפּע גרינע אויגן האָבן דערשראָקן פונעם פלאַס־טער אַרויסגעפינקלט און געלאָפן פון איינעם צום צווייטן. פּאַראַסקע האָט אַ פּאַטש געטון מיט ביידע הענט אינדערלופטן און צוגעוואָרפן אַ שטע־כיקן בליק צו קאַרוצאַן.

— זע, ווי ער איז פון זינען, דער כאָטן מיינער! אַ כישעף האָבן אים די פאַרכאַטע אידן אָפּגעטון. איינעם פון אונדזערע, אונדז אַלע, איז ער גרייט דעם טויט צו מאַכן פאַר זייערן אייגעם...

אינדעם איז מוישעלע דעם פעלצנמאַכערס אָנגעקומען. איבערן ראַש און געשלעג האָבן זיי נישט געזען ווי ער איז דאָס פלויטל אַריבערגע־קראָכן. מאַנקע איז אים נאָכגעגאַנגען.

— שעמט אייך אין אייער וויטן האַלדז אריין! האָט גייט פּאַני אַלטערקעס זון! נו, שווייגט שוין דאָרטן בעסער!

מוישעלע האָט זיך אראָפּגעזעצט צווישן די פּויערים און זיי מיט די בליקן דורכגענומען. ער האָט גענומען אַ פּאַלאַניק און אין דער מאקריטע מיט באָרשט אריינגעשטעקט.

— גוט איז דער באָרשט דיינער, מאַנקע, אַ מעכייע! — האָט ער גענומען זופּן און אַף קיינעם פון די ארומיקע זיך נישט אומגעקוקט.

מאַנקע האָט אים אַ קליין טעפּעלע סמעטענע אונטערגעטראָגן און אָנגעקוואָלן פון אים:

— עס, מאַשקא, זון מיינער! איי, איי, וואָלט נאָר די מאַמע דיינע געלעבט! אזא ביק, קיין בייז אויג, אויסגעוואקסן אזא בוהיי!...

מוישעלע האָט דעם קאָפּ פון איבער דער מאקריטע מיט באָרשט אויפגעהויבן און ברייט און ווארים זיך צעשמייכלט.

— אין וועמען מאַנקע, בין איך געראָטן? האָ?

מאַנקע האָט מיטן רעכטן אויג אַ קוועטש געטון.

— אינגאַנצן דער טאַטע מיט די ביינער! קיין גאַל האָט דאָס ניט!

— הייסט עס מאַנקע, דער טאַטע מיינער איז אַ ביק, אַ בוהיי? גיי וויים! —

פּאראַסקע מיט ביידע הענט אַף אירע רונדע היפטן האָט אַ בייסיקן שמייכל געטון:

— נישט אומזיסט, מאַשקא, האלט פון דיר אזוי די מאַמע אונדזערע, די פּרעסט אזוי פיין דעם באָרשט פון כאזער־פּיסלעך, ווען אַנדערע אידן זיינען גרייט צו מיימיסן איינעם פון אונדזערע, ווען ער וועט אַ שטיקל כאזער־פליייש אָדער שמאַלץ צו זיי איז שטוב אריינברענגען...

מוישעלע איז ערנסט געוואָרן. שטילע פייערלעך האָבן אין זיינע אויגן גענומען אויפטויכן. זיינע קינבאקן זיינען שאַרף און קריגעריש געוואָרן. ער האָט געקוקט פּאראַסקען ווי אַלע אַנדערע פּויערים פון שטאָט און פון דאָרף. מוישעלע האָט זיך געפילט צו זיי אייגן. מיטן טאַטן שטענדיק באַ זיי פּעלצן גענייט און זיי באַם טאַטן אין שטוב געזען און מיט זיי זיך געכאַווערט. פון אייגענע האָט ער נישט געוואָלט אזוי שלעכט

פארשטאַנען ווערן. און נישט אזוי פאר אים, פאר זיין אָנגערירטן קאָוועד, האָט אים געארט. מוישעלע האָט דערין אן איבעריקן מאָל דערזען די אייזערנע וואנט, די נישט פארשטענדעניש צווישן אידן און פויערים אין בעסאראביע, און דאָס האָט אים ווי געטון. ער האָט דערזען ווי די מער־סטע פויערים זעען נאָך נישט דעם עמעסן כוינע זייערן, דעם אומברענ־גער פון בעסאראביע, פון די פויערישע און אידישע לעבנס און פאר־מעגנס. נאָר געשראָקן האָט ער זיך ניט. ווער עס קען די נעשאָמע פונעם פויער, דער וועט אים שטענדיק געווינען, מאַכן פון אים דאָס וואָס ער וויל. ער האָט ארויסגענומען א פראָקלאַמאַציע פון בוזים און זי דערלאַנגט קארוצאַן.

— נאַ, קארוצא! דאָס האָבן געשריבן אייגענע באָכערים, אזעלכע ווי דו, ווי איך, לייען!

די צוויי פאַראָבקעס האָבן ווידער א כאַפּ געטון די פאַלאַנקעס אין די הענט:

— מירן צעשפּאַלטן יעדן איינעם וואָס וועט אונדז קומען איינריידן די אויסגעטראַכטע מייסעס, פון אונדז כוויזעק מאַכן! אויך דעמאָלט, ווען דער צאַר איז פונעם בענקל ארונטער, האָט מען אונדז, די פויערים, גליקן צוגעזאָגט, מיט פּאַפּירלעך אונדז גענארט. און איצט, שוין ווידער מיט די פּאַפּירלעך?... מיר דארפן זיי נישט! מיר ווילן צוריק די באָלשעוויקעס, אָט וואָס!

זיי האָבן מוישעלען די נעז אין פּאָנעם ארייננגעשטעלט און מיט ציינקריצעניש געשריגן:

— מיר ווילן נישט גיין דינען דעם ציגיינער! דו וועסט גיין, זשי־דאָן, מיט דיינע פּאַפּירלעך! אָט וואָס!

קארוצא האָט אראָפּגעכאַפּט דעם גארטל פון די הויזן.

— שווייג, דו כאַזערישער אויער, באָלוואַן!

מוישעלע האָט אָנגעכאַפּט קארוצאַן פאר די הענט און אים גענומען בארויקן.

— זיי נישט בייז אף זיי, קארוצא: זעסט דאָך, זיי פארשטייען נישט, מען דארף זיי אויפקלערן, די נאַראָנים, וועלן זיי אויך אָנהויבן

פארשטיין, אז די פויערים און די אידן זיינען זיך ברידער און ברידער דארפן זיך פארשטיין...

די פארזבקעס האבן צו פאראסקען א קוק געטון און געווארט אף איר קלוג ווארט. זי האט גאליק געשמייכלט און צווײדײטיק צו מוישע־לען געקוקט.

— און אז מיר, די נארישע פויערים, וועלן דיך פארשטיין, מאשקא, וואס וועט זיין?

— פאראסקא! נישט איך און נישט מיין טאטע דער פעלצנמאכער, און נישט אלע ארימע אידן און באלמעלאכעס האבן בא די פויערים עפעס צוגענומען און אויך נישט דער איד וואס פארקויפט די פויערים זאלץ און הערינג און בראנפן און א גלאז טיי מיט קוילעטש. פארשטייסט? און פארקערט? בא אונדז אלעמען, באם אידן ווי באם פויער, נעמט מען צו וואס מיר פארהארעוועון. נעמסטו, פראסאקא, און מאכסט אן א סינע און לערנסט די פויערים פיינט האבן די אידן, דעמאלט וועט זיי דארפן זיך ארויסהעלפן און צוזאמען זיך פארטיידיקן. טוט דאס אזוי א מענטש מיט געוויסן; גלויבסט דאך אין גאט, אין יעזוסן!...

פאראסקא איז רויט געווארן. זי האט פארלוירן געקוקט ארום זיך און האט אויסגעמיטן די פויערים אנצוקוקן. זי האט מער קיין ווערטער גיט געהאט, ניט פאר מוישעלען, ניט פאר די פויערים, אירע שילער. די צוויי פויערים זיינען אויך געווארן ערנסט. ווי אפגעשמיסענע קינדער האבן זיי אונטערטעניק געקוקט אף מוישעלען און אף קארוצאן.

מוישעלע האט ארויסגענומען די פראקלאמאציע פון קארוצאס הענט, ווייל ער האט זי סיי ווי ניט געקענט איבערלייענען, און האט זי גענומען פארלייענען פאר די פויערים. ער האט געלייענט און צוגעגעבן באדייטונג יעדן ארויסגעזאגטן ווארט. ער האט זיך באמיט, אז די רייד זאלן אנקלאפן אין די פארסאמסטע הערצער או אין די טעמפע מויכעס. זיי האבן געשוויגן און מוישעלע האט געלייענט:

„פויערים און אידן, ארבעטער און בירגער! גייט ניט צו די וואלן. די קאנדידאטן, וואס די רעגירונג האט באשטעטיקט, זיינען אונדזערע

סאָנים, סאָנים פונעם פאָלק, מיר דאַרפן אייגענע דעפּוטאַטן...

די פּויערים האָבן אַ כאַפּ געטון די פּראָקלאַמאַציע און זי צעריסן אַף שטיקלעך.

— מיר דאַרפן ניט קיין דעפּוטאַטן! — האָבן זיי גענומען ליאַרעמען און הייבן די פויסטן אין דער לופט. — די באָלשעוויקעס דאַרפן מיר, אָט וואָס! און ניט קיין פּאַפּירלעך עפּעס, אָט וואָס! מיר דאַרפן...

קאַרוצאַ האָט זיך אויפגעשטעלט אַף די קניען און גענומען דעם גרויסן פּאַלאָניק אין די הענט אַריין, דעם פּאָלאָניק וואָס מען מישט מיט אים די מאַמעליגע.

— זעט, פּויערים! — האָט ער דעם פּאָלאָניק מיטן הענטל אַראָפּ אַ שטעל געטון. — פריער, ס'הייסט איצט, איז דער לעפל געווען מיטן הענטל אַרויף און מיטן שעפּער אַראָפּ, שפּעטער וועט זיין דאָס פאַרקערטע!...

די פּויערים האָבן אומצופרידנלעך אונטערגעבורטשעט:

— ווער ווייס אים דאָרטן, מיט זיינע שוואַרצע קונצן, אידישע שטיק...

פּאַראַסקאַ האָט יאָ פאַרשטאַנען דעם כאָסן אירן און זי האָט דאָס טאַקע באַלד באַשטעטיקט.

— דאָס הייסט, אַז מיר, די פּויערים, וועלן אַראָפּוואַרפן דעם ציגיינער, וועט ער ליגן פון אונטן...

די פּויערים האָבן זיך גענומען איבערקוקן. זייערע טעמפּע אויגן האָבן אַ מענטשלעך וואַרימען גלאַנץ באַקומען. די פאַרביסנקייט אַף די פאַרברענטע און אָנגעשטרענגטע פּנימער האָט גענומען נאָכלאָזן. זיי האָבן זיך מיטאַמאָל פונעם גראָז אַ הייב געטון, אַריינגעכאַפּט מוישעלען אין זייערע הענט, צו זיך אַף די אַקסלען אַרויפגעזעצט און גענומען טאַנצן מיט אים איר גראָז.

— בראַוואָ, מאָשקאָ, בראַוואָ, מירן אַראָפּוואַרפן דעם ציגיינער פונעם בענקל און מיר אַף דעם זיצן. אָט דאָס איז אַן אַרבעט! אַ קלוגן קאָפּ האָסטו אַף זיך, מאָשקאָ, ברודער!

— איז וועמען, מאשקא, וועלן מיר אפן בענקל ארויפזעצן? טאקע איינעם פון אונדזערע, האָ?!...

מאנקע איז מיטביידע הענט אפן הארצן פאר זיי שטיין געבליבן. איר געל, טרוקן פּאָנים איז נאָך קלענער און איינגעשרומפּענער געוואָרן. זי האָט מיטן קאָפּ געשאָקלט:

— א זינד א גרויסע ווילט איר באגיין, קינדער מיינע! אך, קארו־צא, זון מיינער, פארשווארץ ניט דער מאמע אירע אלטע פינצטערע יאָרן נעבעך! גיי ניט אראָפּוואַרפן דעם קייסער, מען טאָר ניט, זון מיינער, זיך מישן צום קייסערס געשעפטן!... מישן זיך צום קייסער, אים זאָגן דייעס, הייסט גיין קעגן גאָטס באַפעלן!... די קיסרים זיינען פון גאָט געזאלבט זיי זאָלן האלטן די וואשקעס אין די הענט און אונדז ווי ווילדע פערד ניט לאָזן בריקעווען...

פאראסקע האָט געהאלטן מיט מאנקען, מיט איר צוקונפטיקער שוויגער.

דו, קארוצא, פאָלג מיך, זאָלן די אידן דעם ציגיינער אראָפּווארפן, שפּעטער וועלן מיר זען וואָס מיר האָבן צו טון... אונדזע פאראבקעס וועלן זיך מיט די אידן אן אייצע געבן... פארלאָז דיך אף מיר!...

מוישעלע איז געווען פארנומען. ער האָט געהאלטן אין איין איינ־מיינען מיט די פויערים, גערעדט צו זיי און געמאכט פארשידענע צייכנס מיט די פינגער און מיטן גרויסן פּאָלאָניק געמאכט קרייזן אינעם גראָז. די פויערים האָבן מיט די אקסלען געהויבן און צעגענומען בא מוישעלען א גרויס פעקל פראָקלאמאציעס און אים מיט פויסטן געוואָרנט:

— נארסטו אונדז אָפּ, זשיפּוני מאָשקא, וועלן מיר דיך צעקוועטשן ווי א וואָרים...

קארוצא האָט אין זיין גויעשן אידיש גערעדט און געוואונקען צו מוישעלען:

— דו ניט האָב מוירע, מאָשקאָ, איך האָב שטארקע הענט. דו מיך מאך שעה, איך שנייד קאָפּ אלע רומענישע הונט!...

פלוצים האָט זיך דערהערט עפּעס א פרעמד שאָרכן ארום פלויטל. דער גרויסער הונט, וואָס האָט די גאנצע צייט גערוט אונטער א סטויג

## גאָלדע קרימער

היי, האָט אַ שפּרונג געטון און מיט אַ געבריל זיך געלאָזט לויפן איבערן גאָרטן צום פּלויט. מאַנקע האָט די פינגער פאַרבראָכן.

— צוויי אָפּיצירן, עלצטע, האָב איך געזען לעבן פּלויט. ווי גאַנאַ־ווים האָבן זיי זיך געדרייט...

מוישעלע האָט געוואוסט, אַז דאָס היט מען אים, אַז מען שפּאַנירט אים נאָך. ער האָט זיך אויסגעצויגן אינעם גראָז און אַלע, די פויערים, מיט מאַנקען ארום איר. נאָר פאַראַסקע איז אַ בייזע, אַ דערצאָרנטע, פון דער גרופּע אַנטלאָפן. זי, דעם אַמאָליקן רייכן פויערס טאָכטער.

זינט דער פאָטער אירער איז אומגעקומען אין דער מילכאָמע פאַרן צאַר, איז זי געבליבן אַ יעסוימע און איר איז גוט ווי די וועלט. די מאַמע אירע, וואָס איז באַלד נאָכן מאַנס טויט פאַר צאַער געשטאָרבן, האָט זי שטאַרק געפּיעשטשעט און אויך מאַנקע, קאַרוצאַס מאַמע, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן די גאַנצע באַלעבאָסטע אין שטוב, פּיעשטשעט זי, די קיילעכדיקע יעסוימע. אויך קאַרוצאַ, דער שיינער לעבנסלוסטיקער שייגעץ, דער גלאַנץ פונעם דאָרף און דער שפּיגל פון אַלע שיקסעס און יונגע אַלמאָנעס, האָט פאַראַסקען געשאַנעוועט. ער איז אָפּט צו איר געקומען, אַכטונג געגעבן צי די געדונגענע פויערים באַאַרבעטן גוט דאָס פעלד און צי די פערד און בעהיימעס זיינען זאַט און געזונט. זי האָט אָבער פאָרט געהאַלטן די בייטש אין די הענט, דעם רייכן פויערס טעכטערל. איר האָט פאַרדראָסן וואָס מוישעלע איז מיטאַמאָל געוואָרן דער טאָן־געבער צווישן אירע פויערים, די פאַראָבקעס, און זי פלעגט אַלץ גראָבן אַף אים פאַר איר כאָסן, דעם שיינעם קאַרוצאַ:

— זיי, די אידן, גייען ניט אין דער מילכאָמע, אַזוי ווי מיין טאַטע איז געגאַנגען, ווי אַנדערע פויערים זיינען געגאַנגען, נאָר צום פאַרטיקן קומען זיי, אָט אַ די אָ!...

---

## טו. — די אונטערגעוואַקסענע סאַרקע

דער האַלב־טונקעלער ווײנקעלער יאָסקעס איז געשטאַנען אָפן. די זון האָט אהין פּאַסן ליכט אַרײנגעשיקט ווי זי וואָלט אָנגעוויזן אַף די אָנטלען ווײן, וואָס זײנען דאָרט געשטאַנען קאַלטע און שווערע, אײנס אינעם אַנדערן.

הינטער אײנע פון די ברײטע דעמבענע טירן איז געזעסן אַ פּאַרוקטער אין אַ ווינקל, ווי אַ גאַנעוו באַהאַלטן, אַ בלײכער באָכער פון אַ יאָר צוואַנציק. ער איז געזעסן אַף די פיס, גרײט צו שפּרינגען, צו אַנטלויפן פאַר יעדן פרעמדן מענטשן וואָס וועט אינעם קעלער אַראָפּקומען. מיט אַ מאָדנער שרעק זײנען קלײנע טונקל־בלויע אויגן פאַרגאָסן געווען. אַף אײנעם פון אונטערשטע טרעפּלעך אין קעלער איז געזעסן סאַרקע און געהאַלטן אַף די קניען אַ גרויסן טעלער מיט בלינצעס, וואָס זי האָט פאַרן באַהאַלטענעם באָכערס וועגן געבראַכט. זי איז געזעסן שטיל און אויפגערוימט, אין זיך פאַרשלאָסן. דעם באָכערס שרעק האָט אַף איר געווירקט. זי האָט אים געוואָלט טרײסטן, אויסרײדן אים. איר איז שווער געווען צו זען אַזאַ פאַרצווײפלטן מענטשן און אים מיט גאָרנית קענען באַהילפיק זײן. זי האָט דעם טעלער מיט די בלינצעס אויפגעהויבן און אים, דעם באָכער, אַנטקעגנגעטראָגן.

— עסט, כײעמל! — האָט זי מיט אַ צעווײטיקט פּאָנים און מיט טרערן אין די אויגן דעם באָכער געבעטן. — שרעקט אײַך ניט פאַר זײ. דער טאַטע זאָגט, אַז צום אָפענעם קעלער וועלן זײ זיך ניט צורירן. אַ סאַך פון די רוסישע האָזלעך זײנען וואָכנלאַנג געליגן באַ אונדז אין קעלער צווישן די פעסער מיט ווײן. זײ האָבן זיך אַפילע צו אַ פעסל ווײן צוגעכאַפּט און — אוי, ווי זײ האָבן זיך עס פאַרסאַסיעט! געטאַנצט און געווײנט... דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זײ קוים אײנגענומען. שפּע־

# גאָלדע קרימער

משער האָבן זיי געלאַכט, זיינען שיר ניט געשטאָרבן פאַר געלעכטער. נאָר אוליאַנאַ איז געווען בייז: — קיינער ווע דיך ניט אראָפּשלעפּן צום אָפּגרונט, —— האָט זי געזאָגט, — ווי די וואָס דו האָסט זיי געוואָלט פון אים אַרויסשלעפּן. — האַם! אַ מאָדנע גויע, די אוליאַנאַ אונדזערע!... זי וויל דער טאַטע זאָל אויסבאַהאַלטן די האָזלעך, ווי זי היט אונדז אָפּ, די גויע!...

זי האָט דעם טעלער מיט די בלינצעס אַף אַ פעסל מיט ווייך אוועקגעשטעלט און איז האַסטיק אַריינגעלאָפן אינעם ליאָך. זי האָט אָפּגעזוכט אין דער פינצטער אַ גרויס ליידיק פאַס און גענומען פון דאָרט רופן דעם באָכער:

— כייעמל, קומט נאָר אַריין, וועט איר עפּעס זען!

ער איז אַריינגעקראָכן און האָט גאָרניט געזען פאַר זיך אין דער פינצטערניש, סאָרקען אויך ניט. ער האָט אָנגעטאַפּט די ליידיקע פינצטערניש און גערופן:

— סאָרעלע! פרייליין סאָרקעע! וואו זיינט איר?

סאָרקע איז צו אים צוגעלאָפן און אים ענטוזיאַסטיש פאַר די הענט אַ כאַפּ געטון:

— איר זעט שוין, כייעמל, ווי אייער שרעק איז אַן אומזיסטע! אַט זיינט איר דאָ לעבן מיר און איר האָט מיך ניט געפונען. אין אַ ווינקל הינטער יענעם פאַס בין איך געווען. קומט, קריכט אַריין אין פאַס!

כייעמל האָט זיך געלאָזט פון איר פירן. ער איז אין פאַס אַריינגעקראָכן און דאָרט זיך אוועקגעזעצט.

— איצט קריכט אַרויס, כייעמל, האָט זי אים באַפוילן. איך וועל אייך אויסבעטן דאָרטן. און טאָמער וועט מען אייך זוכן, וועט איר דאָרטן זיצן. איך וועל שוין זען, אז אַלץ זאָל זיין ווי מיר געפעלט.

סאָרקע האָט אים ווידער אָנגענומען בא דער האַנט און ביידע האָבן גענומען אַרויסקריכן פון דער באַהעלטעניש, זיך געגליטשעט און געפאַלן, זיך אויפגעהויבן און געקראָכן ווייטער. ווען זיי זיינען ווידער אַרויפגעקומען פונעם ליאָך אין קעלער אַריין, איז כייעמל געווען רויקער. זיין בלייך פּאָנים איז פאַרגאָסן געווען מיט אַ דינער פאַרב. ער האָט איינ־

געהאלטן געשמייכלט און געשוויגן. סאָרע האָט אים צוגעטראָגן אַ בלינ־צע צום מויל און, אַ פּאַרכאַפּטע פון איר דערפינדונג, האָט זי מיט אַ צע־פלאמט פּאָנים גערעדט:

— מיר האָבן זיי באַקלערט, די ציגיינער, די מערדער, די גאַזלאָנים. יעדער קלוגער טרעפט אַף אַ קליגערן פון זיך...

דער באָכער איז געווען אַ רומעניִשער דעזערטיר. נאָך דער רעוואָלו־ציע איז ער אַנטלאָפן קיין בעסאראַביע. בעסאראַביער אידן האָבן קיין מי ניט געזשאַלעוועט און רומעניִשע באַכערים האָבן באַקומען בעסאראַבער ראַקומענטן, טייל זיינען אַוועק קיין אַמעריקע, טייל האָבן כאַסענע גע־האַט מיט בעסאַראַבער מיידלעך, מען האָט טייל אַפילע פאַר זון צו זיך צוגעשריבן, קעדיי זיי ארויסצוראַטעווען פון טויט. כייעמל איז געווען פון די וואָס זיינען אַמשפּעטסטן געקומען פון רומעניע קיין בעסאראַביע. באַלד נאָך אים איז שוין די רומעניִשע הערשאַפט געקומען, און בעסאראַ־בער אידן אַליין זיינען שוין געוואָרן פרעמדע בא זיך אין דער היים און אַליין געלעבט אין שטענדיקער שרעק. ער האָט געוואַרט אַף אַ נייעם דע־קרעט, אַף אַ מאַניפעסט פון דער רומעניִשער מאַכט, אַף אַן אַמנעסטיע, פאַר די דעזערטירן. אַנטלויפן אין אַן אַנדער לאַנד, אין אַ פרייערס, וואו מענטשן קענען אומגעשטערט לעבן און אַרבעטן, האָט ער זיך ניט גע־איילט. נאָר געקומען איז אַנשטאָט דעם אַ שטרענגער באַפעל אויפצוזוכן די דעזערטירן און אַ וואָרענונג, אַז דער בא וועמען מען וועט געפינען אויסבאַהאַלטן אַ דעזערטיר, וועט דערשאָסן ווערן. יענעם טאָג איז ווידער געווען אַן אַבלאַווע אין שטאָט. עטלעכע דעזערטירן האָט מען געכאַפּט און זיי ערגיץ אַוועקגעפירט געשלאָסענע אין קייטן. כייעמל איז געווען פאַרצווייפלט, ער האָט געוואוסט וואָס אים דערוואַרט. גוט איז אים גע־ווען צו הערן סאָרקען אַזוי ריידן, בא יאָסקען אין שטוב וועט אים קיין בייז ניט געשען... נאָר די שרעק פאַרן טויט, איז שטאַרקער געווען.

מיט אָנגעשפּיצטע אויערן האָט ער גענומען עסן די בלינצע, וואָס סאָרקע האָט אים צום מויל צוגעטראָגן. ער האָט געגעסן און די אויגן פון דער טיר ניט אַראָפּגענומען. פּלוצים האָט ער אַ קוק געטון אַף סאָר־קען. ווי אַ קליין ווייבעלע האָט זי אויפגעזעצן, ווי אַ יונגע מאַמע. זי האָט

אַזוי געטריי געהאַלטן די אויגן אַף אים. כייעמלען איז וואָרים געוואָרן באַם האַרצן. ער וואָלט זי אַרומגעכאַפּט און אויסגעקושט... ער האָט דאָס אָבער גײַסגעמיטן. צוואַנציק יאָר איז ער אַלט. ער האָט שוין געקענט די באַנעמונג צו מיידלעך. זי וועט זיך באַליידיקן, זי וועט דאָס שלעכט אויסטײַטשן און דעמאָלט איז אַלץ פאַרלוירן, פאַרלוירן איר געטרייקייט צו אים און די געטרייקייט פון יאָסקען מיט רייזלען, וואָס באַהאַלטן אים אויס אין שטוב בײַ זיך און אין קעלער אָדער אין די שפּייכלער שוין וואָכנלאַנג...

סאָניקע איז פון קעלער אַרויסגעלאָפן און איז צוריקגעקומען מיט אַ טעפּיך און אַ קליין פּירקאַנטיק קישעלע.

— אָט אַ דאָ לעבן אייך, כייעמל, וועל איך מיר מאַכן אַ געלעגער. איך וועל מיך אײַנוויקלען און איר וועט זיצן אַפן בענקעלע און מיר עפּעס דערציילן. איר זיינט דאָך פון אַ גרויסער שטאָט. דאָרט דאַרפן זיין זייער שיינע זאַכן. דערציילט!

זי האָט גערעדט אַזוי ערנסט און צוטרויליך ווי אַ קליין קינד און אויסגעזען האָט זי ווי אַ רייפע פרעכטיקע דאָרפס־מויד. כייעמל איז איבערראַשט געוואָרן ווען סאָניקע האָט זיך מיט ביידע הענט אונטערן קאָפּ אין קעלער אַפן טעפּיך אויסגעצויגן.

— שטייט אויף, דאָמנאַשאָראַ סאָראַ! — האָט ער דערשראָקן אַ זאָג געטון און איר אויסגעשטרעקט אַ האַנט צום אויפשטיין.

סאָ־ע האָט אירע גרויסע אויגן ברייט צעעפנט. קלאָר און ריין האָבן זיי אַף כייעמלען געקוקט.

— איר קענט ניט אַזוי ווי קאָליכשקאַ! ניין, איר ווייסט גאָרניט!...

זי האָט אַף אים אַ פרעמדן קוק געטון, געצויגן מיט די אַקסלען און אַ באַליידיקטע געגומען פונעם קעלער אַרויסגיין. כייעמל איז שטיין גע־בליבן אַנטקעגן דער אָפענער טיר. ער האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס זי האָט זיך אַזוי בלייך־שנעל געענדערט און ער האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט איר אַף ווייטער.

---

# בעסאראביע אין 1918

איין קיך, לעבן גרויסן ווייסן טיש, האָט שוין געוואַרט אויף סאָרקען דער מעלאַמעד. זי האָט זיך אָן כיישעק אוועקגעשטעלט לעבן אָפּענעם קויטיקן סידער מיט די האַלב אָפּגעריבענע אויסיעס, און מיט נאָך ווייני־קער כיישעק א פיר געטון מיט די גרויסע טרויעריקע אויגן אויפן רעבן אירן מיט דער לאַנגער ברייטער טאַבעקע־באָרד און רויטע איבערגעקערטע אויגן, וואָס זיינען געשוואומען איבער איר ווי ווערים.

— קום אהער, סאָרקע! — האָט ער א פיר געטון מיטן פיש־ביי־נערנעם טייטל איבער די אָפּגעריבענע אויסיעס. — א מויד ווי א צי־מעס, א... קאַלע־מויד און קען נאָך אפילע קיין טראַף ניט. גוי גאָמער!

סאָרקע האָט אויף אים א אומפארשטענדלעכן בליק געטון. פאר איר איז נאָך געשטאַנען כייעמס צעשראָקענע מינע און געהערט ווי ער הייסט זיך איר אויפהייבן. און פארוואָס האָט ער זי ארויסגעטריבן פונעם קע־לער?... זי האָט אים געוואָלט פרייליך מאַכן, אים העלפן פארגעסן אין דער שרעק, אים געטריי זיין ווי א שוועסטער, ווי א מאַמע! און ער, טפו! ער קען נישט דערציילן קיין שיינע זאַכענישן אזוי ווי קאַליאַ קאָ־ליטשקאַ!...

— גיי אהער, סאָרעלע, שטעל דיר אָט דאָ נעבן מיר! א מיידעלע דאַרף פאַלגן!...

סאָרקע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון איר טראַכטן. זי האָט א צעשטריי־טן קוק געטון ארום זיך און באַלד דעם בליק אירן אפן מעלאַמעד אירן אָפּ־געשטעלט.

— איך וויל היינט ניט לערנען, רעבע, לאָזט מיך היינט פריי!

— גיי, לערן, דו ווילדע זאַך, א מויד... צו לייטן און קען נאָך נישט אַלעפבייז אפילע!...

סאָרע איז בייז געוואָרן.

— איר זאָגט ניט דעם עמעס, רעבע, איך בין ניט קיין גוי גאָמער!

—האָט זי באַליידיקט צו דער ערד געקוקט. — אַליאָשאַ דעם סיטניקס האָט געזאָגט, אז איך האָב א גאָלדענעם קאָפּ.

— אָט האָסטו דיר א נייעם מייוון צום טיש! — האָט זי דער מע־לאַמעד א שלעפּ געטון צו זיך און זיינע קליינע פישן־אויגן האָבן אָפּע־

מיטנע אויפגעשיינט, זי אינגאַנצן אויפגעשלונגען. — א נייער מיווון, דעם סיטניקס שיינגעין! אַ פעגירע אף זיין גויעשן קאָפּ!...

דאָ האָט שוין סאָרקע אינגאַנצן פארגעסן, אז דער מעלאַמעד איז עלטער פון איר און אז גאָט שטראָפט פאר מעוויישע שטעלן אן עלטערן מענטשן און האָט אַרויסגעלייגט איר צייגנפינגער אפן מעלאַמעדס לאַנגער פּאַרבלייטער נאָך און מיט אַ קינד׳ערישן ערנסט און צעפּיעשטשעטן צעלאָכעט דעם קאָפּ אַ פּאַריים געטון און מיט אַ ניגן פון אַ ווילד ביידער־אינגל האָט זי אַ זאָג געטון:

— אַט קען איך דעם אַלעפבייז אף אויסווייניק: פּאַסעך אַלעף — אָ; פּאַטעך בייז — באַ; קאָמעץ אַלעף — אָ; קאָמעץ בייז — באָ!...

דער מעלאַמעד האָט פון איר די אויגן נישט אראָפּגענומען.

— מען טאָר ניט, סאָרעלע. אַ אידישע טאָכטער טאָר אין זיך קיין כוצפּע ניט האָבן. גאָט שטראָפט...

זי האָט אריינגענומען דעם שפּיץ פּאַרטוך אין מויל אריין, אים גע־קייט און צופרידן פאַרצויגן דעם שטערן מיט די ברעמען:

— רעבע, אָבער איך וויל ניט לערנען! איך וויל ניט!... איבל באַלד רופן אוליאַנאַן, דעם טאַטן! — האָט זי אים געוואָרנט מיטן ווייזפינגער.

— אַ! טאַטעעעע!...

יאָסקע איז באַלד אריינגעקומען. שוואַר און נאַכלעסיק, מיט אַ גע־זונקענעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, איז ער אנטקעגן זיין טאָכטער שטיין געבליבן. אַ ווײַלע האָבן זיך פאָטער און טאָכטער איבערגעקוקט. סאָרע האָט אַ פּאַרלווירענע גענומען דעם שפּיץ פונעם פּאַרטוך אין מויל אריין און איר האָט גלייך ווי געטון וואָס זי האָט געררופן דעם פּאָטער. פאַר אַ טאַטן דאַרף מען דאָך ערשט האָבן דרעכערעץ!... יאָסקע האָט זיך גע־בייזערט:

— שוין ווידער, סאָרע, מיט דיינע ווילדע שטיק!... סאָרעעע!!

סאָרקע האָט זיך באַליידיקט. דעם מעלאַמעד אין די אויגן האָט זי דער פּאָטער מעוויישע געשטעלט. אַליין זאָגט ער, דער טאַטע אירער, אז אין דער אַנוועזנהייט פון פרעמדע מענטשן טאָר מען אַפילע דעם גרעבּ־טן סוינע ניט מעוויישע שטעלן. און דאָ גאָר! זי הייבט אים ניט אָן צו

פארשטיין... און גערעכט איז זי פאַרט!... זי האָט אירע קלאָרע רויזן-אויגן אפן פאָטער אָנגעשטעלט:

— אָבער, טאַטע! איך קען שוין! איך קען דעם גאַנצן אַלעפבייז אַף אויסנווייניק!... יאָ, יאָ!...

יאָסקע האָט דעם געזונקענעם קאָפּ זיינעם פון די אַקסלען ארויסגעהויבן און אין זיינע מאַטע אויגן האָט אַ שיין אויף געטון אַ פונק, אַ שטילע באהאַלטענע פרייד.

— גוט, סאָרע, איך ווייס אַז דו נאַרסט מיך ניט אָפּ. אָבער, אַ אידישע טאָכטער, מיין קינד, דאַרף קענען דאַווענען, ליכט־בענטשן און נישט דעם הוילן אַלעפבייז!...

בעיים יאָסקע האָט גערעדט האָט די טאָכטער זיינע פון אים קיין אויג ניט אַראָפּגענומען: דער טאַטע רעדט!... פול מיט אכטונג און ליבע צו איר פאָטער, האָט זי געוואָלט ער זאָל זי פארשטיין, ער זאָל זי ניט איבערלאָזן אינמיטן מיט אירע ניט דעזאָגטע ווערטער אָבער פארלאַנגען. און זי האָט זיך דערוואַרט. יאָסקע איז צו איר צוגעגאַנגען און אַ גלעט געטון אירע לאַנגע שטייפע צעפּ.

— גיי, סאָרע, לערנען, גיי!...

סאָרע האָט די הענט אירע ארום פאָטערס האַלדז ארומגעפלאָכטן און זיך שטעלנדיק אַף די שפּיץ פינגער, האָט זי אים אריינגערוימט אין אויער:

— טאַטע, פונעם רעבן פילט זיך... שטינקט, ווי דער צאַפּ אונדז פאַסטערס. פע!...

דער מעלאַמעד איז אויפגעשפּרונגען פונעם בענקל. מיט צעפלויגענע פאָלעס פון זיין אַלטער פארשמאַלצעוועטער קאַפּאָטע, האָט ער זיך גענומען דרייען ארום איר ווי אַ קאַץ ארום אַ פארמאַכט שאַפקעלע מיט פּוטער.

— אַזאַ מויד, קיין בייז אויג, מוז קענען דאַווענען, לייענען קרישמע... אַ אידישע טאָכטער...

יאָסקע האָט זיך אויך געבעטן:

— גיי, סאָרעלע, לערנען, אַ אידישע טאָכטער דאַרף פאָלגן...

## ג אָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

סאָרקע האָט ווידער דעם פאָטער ניט פאַרשטאַנען. זי האָט אף אים אַ בעטנדיקן קוק געגעבן:

— טאַטע, איך קען ניט אָנקוקן דעם רעבן, איך קען ניט! ער... ער... טאַטע!...

דאָס פאַרגליווערטע און פאַר דער צייט צעקנייטשט געוואָרענע פּאָ־נים יאָסקעס איז נאָך טרויעריקער און פינצטערער געוואָרן. ער האָט ארויסגענומען דעם לעדערנעם בייטל מיט געלט פון די הויז־קעשענעס און אומגעדולדיק אַ זאָג געטון:

— וויפל קומט אייך, רעב איסראָעל?

דער מעלאַמעד איז ווי געפּלעפט געבליבן. ער האָט אומפאַרשטענד־לעך אָנגעהויבן שטאַמלען:

— אָבער, רעב יאָסל, גאָט איז מיט אייך! איך האָב דאָך צייט פאַר־לוירן, זי געלערנט. גוי גאָמער!...

יאָסקע האָט ארויסגעכאַפּט אַ פינפהונדערטער פונעם בייטל און מיט איינגעהאַלטענעם צאָרן ארייגעשטעקט דעם מעלאַמעד אין דער האַנט אריין.

— נאַט, רעב איסראָעל, גייט געזונטערהייט!

דער מעלאַמעד האָט מערוצעדיק געקוועטשט דאָס געלט אין זיין האַנט, האָט דאָס געצערטלט ווי מען צערטלט אַ קליין ליב קינד און מיט האַכנאָע געקוקט אף יאָסקען.

— נאָר ניט בייז, רעב יאָסל! מען דאַרף דאָך לעבן, מען מוז דאָך! וואָס שייעך אייער טאָכטער, אַ בריליאַנט, אַן עמעס קאָשערע אידישע נעשאָמע...

— מיילע, זאָל שוין גאָט וויסן! די קינדער, די היינטיקע, זיינען טאַקע גרויסע אַזעסניקעס, אָבער... אָבער...

יאָסקע האָט ארונגענומען סאָרקען און אַ שווייגנדיקער מיט איר פון שטוב ארויסגעגאַנגען.

## בעסאַראַביע אין 1918

פֿאָטער און טאָכטער האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַף דער פּריזבע פֿון דער הינטערשטער שטוב און אַ אומהיימלעך שטילשווייגן האָט זיי ביידן באַהערשט. ארום איז שטיל און רויק.

סאָרע קוקט אפֿן פֿאָטער און האָט מוירע אַ וואָרט אויסצורייד. ער איז אַזאַ טרויריקער. אַזאַ שווייגנדיקער געוואָרן, דער טאַטע... און וואָס קיקט ער אַזוי שטענדיק צום בייסעוילעם? טאָמיד קוקט ער נאָר אַהינצו!...

זי זעט ווי אַף זיין פֿאַרגליווערטן פּאָנים שניידן זיך איין צייכנס פֿון פּיין, און די אויגן... אַ!... יאָסקעס גערדאַנקען האָבן מיטאַמאָל אַוועקגעשוועבט אַהין וואוהין זיינע בליקן זיינען געווענדט געווען. אפֿן גרויסן שטיין וואָס אַפֿן געמיינזאַמען קייווער, וואו מען האָט מעקאַבער געווען רעב מוישען מיט בערלען מיט דעם יונגען באָכער, אין אַזאַ ליכטיקע פֿרייד, אַזאַ רויקע שיין... גלייך נישט קיין קייווער איז דאָרט, נאָר דער הימל און דער גאַניידן, וואו די אידישע נעשאָמעס רוען... און ער הערט פֿון דאָרטן:

— פֿאַכדן, פֿאַכדן! קענסט נישט גיין אַף קידעש האַשעם!...

יאָסקע האָט אַ זיפֿץ געטון. ער האָט זיך צוגערוקט צו דער טאָכטער און דאָס האַרץ האָט גענומען קלאַפּן אַלץ שטאַרקער. סאָרע האָט אַוועקגעלייגט דעם פֿאָטערס קאָפּ בא זיך אַפֿן שויס און שווייגנדיק האָט זי געקושט דעם ברייטן צייכן אפֿן מיטן קאָפּ, וואָס האָט אויסגעזען אַ שרונט צעקעמטער.

— דערצייל מיר, טאָכטער, נאָכאַמאָל, ווי אזוי האָב איך אויפגעזען אין יענעם טאָג? געדענקסט נאָך?

— יאָ, טאַטע, אַלצדינג געדענק איך. — האָט אים סאָרע געגלעט די גרוי געוואָרענע האָר. — יענעם טאָג, פּייסעך איז עס געווען, ווען דו ביזט ניט אַהיימגעקומען פֿון דער שיל... זיינען מיר אַלע, איך און די מאַמע און אוליאַנאַ, איבער די גאַסן געלאָפֿן, אין אַלע ווינקלען פֿון שטאָט... זיי האָבן געשאָסן און געשלאָגן די מענטשן ביז טויט... איך און די מאַמע זיינע מיר אריינגעלאָפֿן אין בולוואַר, מיר האָבן זיך באַהאַלטן... שפּעטער, שוין קימאַט אין אָוונט, איז מוישעלע דעם פֿעלצנמאַכערס מיט קאַרוצאַן אַהין געקומען. זיי האָבן אונדז גערופֿן און געהייסן ארויסקריכן. ווען מיר זיינען אַהיימגעקומען איז די שטוב פֿול געווען מיט מענטשן.

אַלע שכיינים מיטן פעלדשער זיינען געשטאַנען אַרום דיר. ווי טויט ביזטו געווען. דער קאָפּ איז געווען בא דיר אויפגעשפּאָלטן. אוליאַנאַ האָט דיך אַף די פּלייצעס אין שטוב אריין געבראַכט. דער פעלדשער האָט געזאָגט, אַז ווען דו האָסט ניט אַזאַ שטאַרקן שאַרבן מיט אַזוי פיל געזונט בלוט...

— סאָרע האָט אירע פאַרטרערטע אויגן אַפן פאָטער אָנגעשטעלט: — טאַטע, פאַרוואָס זיינען די מענטשן אַזוי ווילד? האַ;

יאָסקע האָט אַ קוק געטון אַף זיין טאָכטער. אים האָט געוואונדערט איר קלאָרער פאַרשטאַנד. אָט, די קינדערישע סאָרע זיינע!... און ער האָט זי פּלוצים אַ פרעג געטון:

— האָסט דיך געבאָדן אין טייך דעם זומער? זאָג, סאָרקע, דעם עמעס!

סאָרע האָט מיט אַ מינע פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכן מענטשן געקוקט פאַר זיך:

— ניין, טאַטע, איך קען מיך ניט באָדן אין טייך. מיר דאַכט זיך אַז דאָס בלוט פון די דערשאָסענע דריי אידן שרייט פון דאָרט ארויס. מיך פאַרדריסט אפילע וואָס אידישע מיידלעך און ווייבער וואַשן דאָרט דאָס וועש...

בא יאָסקען האָט די אויבערשטע ליפּ געגומען ציטערן. די טאָכטער זיינע איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן. אים האָט זיך געוואָלט אויסריידן זיין אָנגעווייטיקט האַרץ פאַר איר, זוכן טרייסט און האָפענונג בא זיין סאָרען, דער אַלט געוואָרענער טאָכטער...

נאָר סאָרע האָט אים פונעם טראַכטן ארויסגעשלאָגן. זי האָט אים אַ צווייטע ניים אונטערגעטראָגן. אַ ניים וואָס האָט זיין דערדריקטן געמיט נאָך מרויעריקער און שווערער געמאַכט.

— דו ווייסט, טאַטע, דעם אינגלס מאַמע איז פונעם זינען אַראָפּ. זי לויפט אום איבער די גאַסן, אַ פאַרשמירטע, מיט צעפלויגענע האָר און צעריסענע קליידער. איינמאָל האָט זי מיך דערזען אין גאַס, איז זי צו מיר צוגעלאָפן, האָט מיר אַ כאַפּ געטון פאַר דער האַנט און גענומען טאַנצן און לאַכן: — ווערסט זיין מיין שנורעלע, מיידעלע שיינס!... און באַלד האָט זי אָנגעהויבן וויינען, אַזוי יאָמערן, אַז איך האָב שיר ניט געכאַ־

לעשט פון שרעק: — זון מײַנער, קאַדיש מײַנער, זײַ האָבן דיך דער־האַרגעט...

יאָסקע איז מיטאַמאָל שטאַרק בלײַך געוואָרן. ער האָט צונויפגע־פּרעסט זײַנע ליפּן און ווי אַ פאַרגליווערטער צו סאָרקען זיך צוגעשפּאַרט. סאָרקע האָט זיך אויפגעהויבן. אירע אויגן האָבן אויסגעדריקט שרעק:

— קום, טאַטע! קום אַוועק פונדאַנען! קוק ניט אָפּן הײליקן אָרט, מען טאָר ניט!

— ווער קוקט דען, סאָרקע, ווער?

— טאַטע! — האָט סאָרע מיט שרעק אַ זאָג געטון. — דו האָסט אויך מוירע פאַר מיקסים?

— שווײַג, סאָרע, דו נאַרישע מויד. פאַר גאָרנישט דאַרף מען ניט מוירע האָבן. פאַר דעם וואָס מען שרעקט זיך, דאָס וועט דיך פאַרפאָלגן. שרעק, טאָכטער מײַנע, איז אַ לאַנגזאַמער טויט... הערסט, סאָרעלע, אי־דישע קינדער דאַרפן קענען גײן אַף קידעש האַשעם...

יאָסקע איז שטיל געבליבן. אים איז אַליין מאָדנע געוועזן דער גע־שפּרעך, זײַן טאָכטערס פראַגעס און זײַנע ענטפערס. ער און סאָרקע — די זעלבע ביטערקייט... פון דער גרויזאַמער באַציונג צווישן מענטשן, פון גוי צו איד... ער האָט זיך טיפער געבויגן אונטער דער לאַסט פון שווערע געדאַנקען, וואָס האָבן אים באַהערשט אין די לעצטע כאַדאָשים, זינט דער רומען איז אַרײַן קײַן בעסאַראַביע. אויך פריער זײַנען דאָך אידן גע־ווען נישט זיכער, עס האָט איבער זײ געשוועבט דער גײַסט פון קעשענע־ווער פּאָגראָם, פון „קלוג געוואָרענע" גויעס, נאָר... אַזוי רוידעפן! אַזוי צעטרעטן! אַזוי פאַרשפּײַען!... יאָסקען איז שווער געוועזן צו ריידן מיט זײַן קלײנער און שוין גרויסער טאָכטער זײַנער. נאָר סאָרקע האָט געהאַט זייער אַ סאַך וואָס צו פרעגן בײַ איר טאַטן. שוין לאַנגע וואָכן ווי זי וויל אים פרעגן און פרעגט ניט. איצט וועט זי אים פרעגן:

— זאָג מיר טאַטע, נאָך וועמען טוט דיר מער וויי דאָס האַרץ, נאָך אַנדרייען צי נאָך רעב מוישען?

יאָסקע האָט אַ ציטער געטון. אין זײַן טאָכטערס פראַגע האָט זיך געהערט אַזוי פיל צאַר און טיפער ערנסט. זי גלויבט אין איר פאָטערס

ווײַטן און פאַרשטיין. יאָסקע האָט זיך פאַרטראַכט. אַסאַך, זייער אַ סאַך דערינערונגען זײַנען מיט אַמאָל אין מויעך בײַ אים אַרויפגעשוואומען: ער, יאָסקע, דעם אַרענדאַרס זון, אַ געבוירענער אין דאָרף, לעבן אַ גרויסן וואַלד מיט עטלעכע קליינע פּויערישע שטיבלעך און אַ סאַך פעלדער און סע־ער. צווישן די פּויערים איז ער געוואַקסן, מיט זיי געלעבט, זיי זײַנען געווען גוט צו אים און צו זײַנע טאַטע־מאַמען, די רײַכע אַרענדאַרן, און אַז מען האָט זיי פונעם דאָרף אַרויסגעטריבן, ווײַל דעם צאַרס געזעצן האָבן אַזוי געפאָדערט און ער איז אַוועק אין שטאָט, האָט ער געבענקט און געליטן, אים איז שווער געווען צו לעבן אָן זיי... אַנדריי? אַ שטוב לעבן אַ שטוב, שכיינים זײַנען זייערע טאַטעס געווען. מיט אַנדרייען האָט ער זיך געשפּילט, געשלאָגן, געוואָרפן שטיינער און געשריגן אינער דעם אַנדערן „זשידאָן”, „צאַראַן” און דאָך זיך געווען אייגן, באַדאַרפט איינער דעם צווייטן... רעב מוישע — שוין גאָר אַן אַנדער פּראַגע... יאָסקען איז שווער געווען צו ענטפערן דער טאָכטער זײַנער, וואָס האָט נאָך אַלײן שווייגנדיק געוואַרט אויף אַן ענטפער. איינס איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער איד וואָס איז אומגעקומען, איז אומגעקומען ניט פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר א סאַך אידישע דוירעס און פאַר אַ סאַך אידן אַרום אים. און ער האָט דאָס דער טאָכטער געזאָגט:

רעב מוישע, טאָכטער מײַנע, און די אַנדערע צוויי אידן האָבן קעגן דער מאַכט קיין שום זינד נישט באַגאַנגען. מען האָט זיי דערשאָסן דערפאַר וואָס זיי זײַנען אידן. זיי זײַנען הייליקע מענטשן. די פּויערים, פאַרקערט האָבן זיך טאַקע געבונטעוועט. די ערשטע טעג ווען די רומענישע זשאַנדאַרן זײַנען אַרײַן אין די דערפער האָבן די פּויערים זיך אַקעגן זיי געשטעלט, ניט געוואָלט דער ציגיינער זאָל איבער זיי באַלעבאַטעווען... ס׳קומט אויס ווי מענטשן שלאָגן זיך און קומען אום אינעם געשלעג... מער נישט, זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט די הוילע הענט. די פּויערים, ווען דער רומען איז געגאַנגען מיט דער ביקס...

אים איז שווער געווען אַרויסצוברענגען זײַנע געדאַנקען און ער אַליין האָט באַדאַרפט עמיצער זאָל אים אויפקלערן וואָס דאָ טוט זיך. אַ מענטש אַ גרעסערער פון אים, וואָס ווייסט אַ סאַך... אים איז פּלוצים אײַנגעפאַלן

# בעסאַראַביע אין 1918

אַריינגיין צום שאָכן זיינעם, צו רעב אַלטער פעלצנמאַכער. מען שמועסט, אַז מוישעלע, דער זון זיינער, קומט זיך צונויף מיט גאָר געלערנטע לייט... איננאַנצן פרעמד זיינען אים נישט אָט די געלערנטע לייט. דער קעלער זיינער, וואו כייעמל דער רומענישער ליגט איצט באַהאַלטן האָט אַ סאַך מאָל געדינט אויך פאַר זיי... נאָר דעמאָלט, ווען עס איז אָנגעגאַנגען, אינגע שנעקעס, מיידלעך מיט באָכערים, וואָס האָבן דאַקווע געוואָלט שרייען „דאַלוי ניקאָלאַי״ און אָנמאַכן גרויסע צאָרעס אין שטאָט, איז שוין גלייכער געווען אָפּצוגעבן זיי דעם פינצטערן קעלער דאָרטן און שרייט אייך, קינדערלעך וויפל אייער האַרץ גלוסט, אַבי קיין אַנדערע, קיין אומשולדיקע זאָלן דערפון נישט ליידן... איצט ציט אים צו זיי, עס ציט אים צום קליינעם אַלקערל מיטן פאַרמאַכטן לאָדן, מוישעלעס צימער... מען זאָגט ער שרייבט אַף אַ מאַשין, אַז איינער אַ דאַרער באָכער מיט ברילן אַף דער נאָז האָט אים אויסגעלערנט, און דער דאַרער באָכער איז בעפיירעש אַ שניידער־יונג... גיי וויים שניידעריי!... נאָר עס הערט אים באַלד אויף צו וואונדערן; באַלד נאָך דער רעוואָלוציע, דערמאָנט ער זיך, זיינען די שניידער־יונגען מיט די אַנדערע באַלמעלאָכישע געזעלן גאַנצע קנאַקערס געוואָרן, געהאַט אַן אייגענע קאַנצעלאַריע און געגעבן באַפעלן, נישט געלאָזט אַרבעטן מער ווי אַכט שאָ אין טאָג, אַפילע די דינסט־מיידלעך און די מעשאָרסים פון די קלייטן האָבן זיי געהייסן שליסן יאַדאַכעם מיט זיי, מיט די רעדל־פירער... ווייזט אויס, נישט אַלע זיינען זיי זיך צעלאָפן פאַר דער רומענישער פלאָג... אָ, אָ! זאָלן זיי וויסן, די ציגיינער!... יאָסקען האָט פלוצים גענומען קלאַפּן דאָס האַרץ פון פרייד: — ס'זיינען נאָך פאַרבליבן, הייסט עס, אַ פאָר פון יענע לייט!... נישקאָשע, ס'עט נאָך נישט העפּקער אַ וועלט!...

---

## טז. — ברידערלעך און שוועסטערלעך

סאָסקע דעם סטעלמאַכס, אַ יונגע נאָר ברייט צעוואַקסענע קרעפטיקע מויד, מיט ברייטע אַקסלען און שטאַרקע הענט און פיס ווי באַ אַ באָכער, זיצט אַף די קראָקוועס פון איר טאַטנס נאָך נישט אַרויסגעענדיקטער שטוב און קלאַפּט שינדלען. זי קלאַפּט זיכער און פריידיק. זי העלפט דעם פּלאָטניק, אַן אַלטן פּויער, דעקן דעם דאַך אַף דער נייער שטוב. זי מיט איר עלטערער שוועסטער האָבן אַליין די שטוב איינגעוואַלקעוועט. זי איז אַ מויד אַ ברען. זי קלאַפּט די צוועקעס און זינגט. זיך פאַרגעסן אַ פּאָ־נעם אַז אונטן, לעבן דער נייער שטוב זייערער, איז נאָך דאָ אַ גאַס, מיט מענטשן, און אַז מענטשן האָבן אַ טעווע אָפּצושטעלן זיך און צו קוקן. איר יונג געזונט לעבן שטראָמט פון איר:

„אייזנבאַנען סטרויען מיר, סטרויען וועלן מיר טאַקע.
„וואָס דער אַרבעטער־פאַרבאַנד פאַרשטייט,
„פאַרשטייט דער ציאָניסט אַ מאַקע..
„אוי דו נאַרישער ציאָניסט, מיט דיין קליינעם מייבל,
„קום צום אַרבעטער, צו דעם בונדיסט,
„וועט ער דיך לערנען סייכל...
„מע וויל אונדז נעמען קיין ציען, מיר זאָלן ווערן ציאָניסטן,
„מיר ווילן בעסער זיין אין בעסאַראַביע,
„מיר ווילן זיין קאָמוניסטן!...
„מע וויל אונדז נעמען קיין יערושאָלאַים, מיר זאָלן דאָרטן גאָלאָדייען,
„מיר ווילן בעסער זיין רומענער לייט,
„מיר ווילן זיך באַפרייען...״

## בעסאראביע אין 1918

דאָס מיידל האָט זיך צעוואָרימט פונעם לידל אירן און גענומען דעם טאָן אַלץ העכער און פרייַלעכער.

— היי סאָסקע! — האָט צו איר אַלטער דער פעלצנמאַכער ארויס־געשריגן. — שוין א ניי יאַדאַכעס־לידל האָסטו אויסגעטראַכט? ווי קומט עס צו דיר, סאָסקע קרוין;

— כ'האָב עס געהערט אין דער אולינע*), וואו איך אַרבעט. איך האָב עס נישט געמאַכט, נאָר אַלע מיידלעך או זאַלע באָכערים פון דער אולינע זינגען עס. נעכטן האָבן מיר אָנגעהויבן א ניי לידל, נאָר אַף וואָ־לעכיש. די שקאָצים האָבן עס געמאַכט. די אולינע גייט אַף רעדלעך מיט דעם נייעם לידל. ווען מען כאַפּט אונדז, איז א גוטן טאָג רעב איציק! אוים לידלעך, אוים אולינע!...

— דאַרף מען האַלטן מויל, סאָסקע, פערד! נארישע מויד! — האָט רעב אַלטער צו איר אַרויפגערעדט מיט געבעט אין זיינע ברוינע אויגן. סאָרסקע האָט געלאַכט און גענומען זינגען:

„רומעניע, וויי צו דיר,
האָסט פאַרכאַפּט בעסאַראַביע אָן ווידערשטאַנד.
האָסט געבראָכן אונדזער לעבן און פאַרסאַמט.
נאָר קומען וועט דער טאָג,
מיר וועלן צאָלן מיט דעם זעלבן,
מיר וועלן צאָלן מיט דער פולער האַנט.
זאָלסט נישט מיינען מערדער, ציגיינער,
אַז מיר, אַרבעטער, פויערים און די אידן,
זיינען פּאַכדאָנים און נעמען אַלץ פאַר גוט!
מיט די הוילע הענט,
מיט דעם פייער פון אונדזער גלויבן, דערטרעטנקען וועלן מיר דיך
אין דיין אייגן בלוט!...“

מוישעלע איז פונעם קאָרידאָר אַרויסגעקומען און מיט א פעסטן בליק

*) אולינע — אַ פאַבריק וואו מען פּרעסט אייל פון קערנער.

צו סאָסקען אויפן דאַך אַריבערגעקוקט. ער האָט דעם בליק זיינעם אויפן פֿאָטער איבערגעטראָגן.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי צעוואָרימט, טאַטע?

דער פּעלצנמאַכער האָט מיט דערעכערעץ אַ קוק געטון אויפן זון און קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. סאָסקע האָט אויפֿגעהערט זינגען. זי איז פֿונעם דאַך אַראָפּגעקראָכן און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, מיט די פּנים אין דער פֿאַרוואָקסענער קאַנאַווע מיט גראָז פֿאַרן פּעלצנמאַכערס שטיב. די אַנטבלויזטע הענט אירע, דער ווייסער געזונטער האַלדז מיטן לויטערן פּנים, זיינען מיט טראָפּנס שווייס באַדעקט געווען.

— פֿוי! — האָט זי געבלאָזן פֿון זיך. — הייס!

— זאָג נאָר, סאָסקע, ביז ווען וועסטו אַרבעטן אין דער אולינע? — האָט זי דער פּעלצנמאַכער אַ פֿרעג געטון. — געהערט דו גייסט דאָרט אין שפּאָן, טרייבסט די ראָד דאָרט בײַ דער מאַשין...

— ס'קומט אַמאָל אויס דאָס אויך, — האָט סאָסקע זיך געגלעט דעם פֿאַרשוויצטן האַלדז אירן. — ס'זיינען דאָ אַנדערע, בעסערע פֿערדלעך פֿאַר מיר. איך האָב ליב צו אַרבעטן אין פֿעלד, אַ מעכייע! די פּלאַנטאַציע אונדזערע איז דאָס יאָר אַרויס נישט צו פֿאַרזינדיקן, זייער גוט.

סאָסקעס עלטערע שוועסטער, אַ מיידל פֿון אַ יאָר אַכצן, איז צוגע־קומען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אין דער קאַנאַווע, לעבן דער שוועסטער, און פֿול מיט דערעכערעץ אַ פֿאַרברענטן קוק געטון צו מוישעלען. די גע־זונטע ברוסט אירע וואָס האָט זיך געהויבן פֿון אינערלעכער רעגונג, די ברוינע רויקע אויגן אירע, די צעפּ אַרום קאָפּ פֿאַרלייגט און דאָס ווייסע דעקאָלטירטע פֿויערישע קאָפּטל, אַלץ האָט איר צוגעגעבן אַן אויסזען פֿון פֿאַרליבטקייט.

— קומט אַרויף קינדער, אויפן גאַניקל אַ ביסל! — זיינען די אויגן בײַם פּעלצנמאַכער פֿריילעכער געוואָרן. — קומט, וועלן מיר טרינקען אַ גלאָז טיי, דער סאַמאָוואַר זידט! כאַנציע! מאַך נאָר אַ גלעזל טיי און גיב עפּעס פֿאַרבייסן... די קינדער זיינען אַריבערגעקומען, סאָסקע מיט ברײַנדלען...

געזען, אז דאָס ווייב איילט זיך נישט ארויסצוברענגען דעם סאמאָ־וואר און ווידער גענומען שרייַען:

— כאַנציע! אָבער כאַנציע, וואו ביזטו דאָרטן, סע קען זיך דאָך אי־בערגלוסטן!

די צוויי שוועסטער האָבן זיך אומבאַקוועם איבערגעקוקט. זיי האָבן געקענט כאַנציען, די קאַרגע ליטוויטשקע. נאָר סאָסקע, דער ברען, די וואָס מען רופט זי דער באָכער, פאַר איר דרייסטקייט, פאַר איר קענען רייטן גוט אַף א פערד און טאַקע פאַר איר געזונטן פיזישן אויסזען, איז אריין צו דער ליטוויטשקע אין קיך און זיך צוגעכאַפּט צו דער טאָרבע מיט גע־בעקס וואָס האָט געהאָנגען אַף דער וואַנט צווישן אויוון.

— איכל אייך העלפן ארויסטראָגן אינדרויסן, כאַנציע טייערע! — און אירע גרינגע שעלמישע אויגן האָבן געלאַכט, זיך געפרייט מיטן ניצאָכן איבער כאַנציען.

דער פעלצנמאַכער האָט א געל מעשן טעפּל ארויסגעבראַכט.

— נעם, סאָסקעלע, לייג אָן וויפל ס'האַרץ גלוסט.

סאָסקע האָט ארויסגעשלעפּט גרויסע שטיקער שטדרודל מיט גע־טרוקנטן קאַמיש־ברויט פון דער טאָרבע ארויס. זי האָט אָנגעפילט דאָס טעצל מיט געבעקס און געשמעקט צו דעם, ארייַנגעצויגן דעם געשמאַקן רייעך:

— געוואָרן א באַלעבאָסטע, כאַנציע אייערע!...

דער פעלצנמאַכער האָט געריבן איין האַנט אין דער צווייטער און געקוואַלן.

— געבענטשט זאָלן זיין די הענט וואָס נעמען זיך אַליין...

מען האָט געטרונקען און גערעדט פילאָזאָפיע, פון קליינלעכקייט און גרויסקייט, פון געבערס און נעמערס, פון רייכע און אָרימע, פון קלוגע און נאַראָנים...

— גענוג שוין, סאָסקע, מיט דיינע פילאָזאָפיעס! — האָט ברײַנדל צום סאָף אָנגעשריגן אַף סאָסקען, — גיי בעסער אהיים, מ'עט באַלד דאַרפן די קו אויסמעלקן, גיבן איר עסן...

— און דו וואָס וועסט טון, מאַכטענעסטע מיינע?

## גאָלדע קרימער

— איך וועל קריכן אפן דאך און וועל זינגען די לידלעך פון דער אור־לינע.. — האָט די עלטערע איר א שטאָך געגעבן.

מוישעלע האָט אַף איר א ווארעמען קוק געטון און די ווארעמקייט האָט זיך איר אין האַרצן צעגאָסן. זי האָט א זיפץ געטון און האָט הייסע קישעף־בליקן ארייגעשטאָכן אין מוישעלען.

באַנציע האָט זיך געדרייט ארום די מיידלעך און איז געווען העפ־לעך צו איר מוישעלעס באַווערטעס.

—טרינקט, מיידלעך, און בייסט צו און זאָל אייך זיין צום געזונט!...

עס זיינען צוגעקומען נאָך עטלעכע אינגלעך. זיי האָבן זיך אויסגע־זעצט אפן ווענטל פונעם גאניק און זיך גענומען נאָכפרעגן בא מוישע־לען.

— געהערט דו פּאָרסט ארום מיטן טאַטן איבער די דערפער. דער טאַ־טע מיינער וויל אויך ארויספאָרן אין דאָרף אריין, זוכן א ביסל ארבעט בא די פויערים. איך ראָט אים אָפּ פון דעם. ס'איז אַף געהאַקטע צאָרעס בא די פויערים, האָב איך געהערט... און וואָס מאַכט קאַליאַ? און מאַרי־צאַ מיט דער טאָכטער?

מוישעלע האָט גערעדט שווער און ערנסט. פונקט מיט אזא שווערן און ערנסטן בליק האָט ער דעם שניידער יונג, דעם שאָכן זיינעם אָפּגע־מאָסטן.

— קאַליאַ איז שוין געוואָרן אוים סטודענטל... ער וויל פון דעם נישט הערן אפילע. א פויער איז ער, און א באַוואוסטזיניקער. מעגסט אים שוין אָנקוקן...

— זעסט אים אָפּט, מוישע, דעם שייגעץ? א וואוילער גוי...

מוישעלען האָט גלייך באַנג געטון וואָס ער האָט גערעדט אזוי פריי און אָפן צו דעם באָכער, דעם שאָכן זיינעם. ער איז רוי, מען דאַרף אים עמוּענען דעם מויעך...

נאָר דער באָכער האָט אים נישט אָפּגעלאָזט.

— און דאָס וואָס מען זאָגט, אז קאַליאַ מיט פּראָסיניען לערנען די פויערים לייענען און שרייבן, איז עס עמעס, מוישע? א גוי זאָל זיך אזוי איבערקערן!

## בעסאראביע אין 1918

מוישעלע האָט גלייכגילטיק געשמייכלט:

— און אז איך זע אים אַמאָל, דעם „גוי", מיינסטו אז אלצדינג דער־ציילט ער מיר דער „גוי", — האָט מוישעלע איראָניש געקוועטשט אַף דעם באָכערס פרעמדקייט און אָפּגעשטאַנענקייט. — פון זינט מען האָט זיין פאָטער דערשאָסן, ווייס איך, איז ער אַן אנדער מענטש געוואָרן... נאָר צוריקגעהאַלטן, פארשלאָסן, שווייגט ווי אַ שטומער...

— און דו, מוישעלע, — האָט אַ צווייטער באָכער, מיט אַ פּאָנעם אָנגעשמיסן פון זון און ווינט, אַ זאָג געטון, — לייענסט, זאָגט מען צי־ציליסטישע ביכער, אַ ציציליסט ביזטו געוואָרן!...

מוישעלע האָט ערנסט אַ זיפץ געטון:

— און דו בורדיע איינער, קענסט אפילע קיין וואָרט איוורע ניט. קיין אידישע בראָשורקע קענסטו ניט איבערלייענען. שעמסט דיך גאָרניט אין דיין ווייטן האלדז אריין!

דער באָכער מיט דעם פאַרברענטן פּאָנעם האָט זיינע נאַיווע אויגן ברייט צעעפּנט, קיילעכיקע אויגן און ווייסע ווי בא אַ קאַלב.

— קליינערהייט האָט מען מיך ניט געלערנט און איצט.. בא! — האָט ער מיט דער האַנט אַ מאַך געטון. — די פעלד אַרבעט, די מיידלעך, די שיקסעס, עד!...

— קיינמאָל איז ניט שפּעט, קינדער. מירן טאַקע גרינדן אַ שולע, אַ באַנאַבטיקע. פארוואָס זאָלן מען ניט לייענען? און פארוואָס זאָל מען ניט וויסן?...

דאָס יונגוואַרג אַפן גאַניקל און כאַנציע מיטן מאַן, וואָס האָבן זיך געצופּט פאַר די הענט און אָנגעקוואָלן פונעם זון, האָבן געקוקט אַף מוי־שעלען מיט דערעכערעץ. מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן האָבן זיי אים באַוואונדערט.

— ביזט אַ מאָלאָדיעץ, מוישעלע! — האָט דער באָכער מיט די קעל־בערנע אויגן אַ זיפץ געטון. — האַלעוויי אָן דיין שאָדן אַף מיר געזאָגט געוואָרן!...

מוישעלע האָט אַרויסגעשלעפּט אַ פּאָר געדרוקטע פּראָקלאַמאַציעס פון די הויזן־קעשענעס.

## גאָלדע קרימער

— נאַט, מיידלעך, וועט איר לייענען מיט זיי, מיט די גויעצן!... נאָר, אָפּגעלייענט און — אין פייער אריין! קיין איוורי טאָר ניט וויסן!...

אינמיטן האָט זיך דערהערט אַ געזאַנג מיט אַ געוויין, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אַן אַנדער גאַס. און באַלד האָבן זיך אַ שאָט געטון קליינע קינדער און גרויסע מיידן. זיי האָבן געשפּאַנט פאָרויס פאַר אַ מאַכנע יונגע פּויערים און פּויערטעס, וואָס זיינען אָנגעקומען פון דער פּאַטשנאָס, פּונעם וואָלעסט.

י פּויערים זיינען געגאַנגען ארומגענומען פאַר די העלדזער און צו געלייגט די קעפּ איינער צום צווייטן. טייל האָבן געטאַנצט פאַר דער מאַכנע מיט לייידיקע פלעשער פון בראָנפן, געזונגען און אויסגעקלאַפּט מיט די פיס אַ ציגיינעריש. אַ געדיכטער וואָלקן שטויב האָט זיך פאַר זיי געהויבן און פאַרשטויבט די ווייסע פּויערישע העמדער איבער די הויזן. יונגע פּויערטעס האָבן זיך אָנגעהאַנגען מיט די הענט בא די מענער אויף די העלדזער און שיקער געקושט זיך און געוויינט. אָפּגעשטעלט האָבן זיי זיך אינמיטן גאַס און פאַרצויגן אַ מאָלדאַוואַניש מילכאַמע־ליד:

יעס הויבן אָן די מענער:

„אָף, פימעצ, אָף מי רעאָ, נאַם לאַ סופליט ניש און לעאַ.
„אַם לאַסאַט פימעאַ שי קאָפּטי, שי יעו מאַ דוק לאַ באַטאַלי.
„אָף, פימעאַ, ווינדי קאַי. שי מאַכקאַטי דין באַטאַי.
„אָף פימעאַ, ווינדי באַי, שי מאַסקאַטי די ניוואַי.
(אוי, ווייב, ס'איז מיר שלעכט, כ'האָב ניט בא זיער נעשאָמע קיין טאָלער.
(איך האָב געלאָזט ווייב און קינד און גיי אין מילכאָמע.
(אוי ווייב, פאַרקויף די פערד און שלעפּ ארויס פון שלאַכט;
(אוי, ווייב פאַרקויף די אָקסן און שלעפּ ארויס פון אַ צאָרע.

יעדע סטראָפע כאַזערן זיי איבער דריי מאָל. דערנאָך ענטפערן די ווייבער, אויך דריי מאָל, יעדע סטראָפע:

„אָף, באַרבאַטי, פלינזשע פלינזש, אין קאַסאַ האַיי קאַפּטי שינש!
„יעו איי ווינדי זעשע באַי, שי טי סקאַטי דע ניוואַי.
„יעו אוי ווינדי טעטי קאַי, שי טי סקאַטי דין באַטי.

# בעסאַראַבי'ע אין 1918

(אוי, מאַן, וויין זשע ווייַן, אין שטוב איז דאָ קינדער פינף.
(איך וועל פארקויפן צען אָקסן און ארויסשלעפּן פון דער צאָרע.
(איך וועל פארקויפן אַלע פערד און ארויסשלעפּן פון דער שלאַכט.

אַלטער פעלצנמאַכער האָט אַ באַדויערנדיקן קוק געטון אפן זון און דאָס מילדע פּאָנעם זיינס איז מיטאַמאָל פארעלטערט און פארפינצטערט געוואָרן.

— שוין ווידער אַ סומאַטאָכע צווישן די פּויערים, נעבעך!

מוישעלע האָט געשוויגן. ער האָט ניט געוואָלט דערמאָנען דעם טאַטן זיינעם און דער שטיפמאַמען וואָס ציטערן אַזוי איבער אים און האַלטן אים נאָך פאר אַ קליין אינגל, אַז ער איז שוין ניינצן יאָר אלט און דארף שוין באַלד גיין צום רומענישן מיליטער־דינסט, וואו מען שלאָגט און מען פּייניקט די אידישע סאָלדאַטן, וואָס ווארפן זיך ארונטער אין די טאָלן פאר בושע און פארצווייפלונג. ער ווייסט דאָס פון די רומענישע דיזער־טירן; מער צוגעוואוינטע צו די רומענישע קאַזארמעס, צו זייערע עלצטע און צו זייער שפּראַך. זיי אַנטלויפן פון דאָרט ווי מען אַנטלויפט פון אַ געגנעם, פון אַ זיכערן טויט.

ברײַנדל, סאָסקעס עלטערע שוועסטער, האָט די אויגן אירע ניט געקענט אָפּרייסן פון דער פּויערים־פּראָצעסיע.

— רעקרוטן זיינען עס. מען שיקט זיי צום רומענישן פראָנט. זיי באַ־קלאָגן זייער פינצטער מאַזל... קיין העלפט פון זיי וועלן ניט ארויס לע־בעדיק פון דאָרט... אידישע קינדער האָבן סייכל, מען צעלויפט זיך אין דער וועלט אריין, ווער קיין בראַזיל, ווער קיין ארגענטינע, ווער גיין פּאַ־לעסטינע... דאָס בעסטע אָרט פאר אידן...

ברײַנדל איז שטיל געבליבן, אַלעמענס אויגן זיינען געהאָנגען אף דער פּויערים פּראָצעסיע, וואָס האָט זיך פארנומען צום שליאַך, וואָס פירט אין פארשידענע דערפער אריין.

— איך וועל בעסער קיין ארגענטינע אַנטלויפן איידער דעם ציגיי־נער דריי יאָר אָפּדינען! — האָט דער בלייכער באָכער זיך אָנגערופן. — דאָרט וועט מען מיך ניט אַראָפּוואַרפן פון דער באַן און ניט מיימעסן צום טויט; ביזט אַ איד!... אַנטלויפן דארף מען פונדאַנען ווי פון אַ קאַלך -

אויוון!... אָט שרייבט דער ברודער מיינער זייער גוטע בריוו פון דאָרטן. מען אַרבעט אַכט שעה אין טאָג און מען גייט דערנאָך אין טעאַטער, אַז מען וויל. דעריקער, מען גייט דאָרטן אום גאַנצע נעכט און קיינער נעמט דיך ניט איבער. מען זאָגט דאָרט קיינעם קיין דייעס ניט צי דער לאָמפּ ברענט צו ליכטיק און צי איז פאַראַן עמיצער אַן אומבאַקאַנטער אין שטוב בײַ דיר!...

דער פעלצנמאַכער, וואָס האָט די גאַנצע צייט וואָס דער באָכער האָט גערעדט אים געקוקט אין מויל אַריין, געוואָלט עפּעס הערן פון אים, זיך דערוויסן וועגן נייע זאַכן אין דעם ווייטן לאַנד, וואָס קענע אים צוניין קומען, איז אומגעדולדיק געווען. ער האָט אָנגענומען אַ שפּיץ פון זיין געדיכטן בערדל און זיך געבייזערט אפן באָכער.

— יונגעלייט זיינען פאַרכאַפּט פון אַ מעשוגאַס: פאָרן, לויפן... אַ האַלבע שטאָט איז שוין אַוועק אין די ווייטע לענדער. אַ סאַך ווילן צוריקקו מען און האָבן ניט מיט וואָס. אָט, זעט, — האָט ער מיט די אויגן אָנגעוויזן אַף די צוויי שוועסטער. — מעכטער! מען אַרבעט אין פעלד, אַ שטוב אויפגעשטעלט מיט די אייגענע הענט!... נעמט מען און מען אַנטלויפט. דעם כאַזער אַ געבראָטענע טויב אין מויל אַריין! — די אויגן זיינען אים פייכט געוואָרן. — אַלץ איז דאָ אייגן, אייגנס... וואוהין זשע דאַרף מען לויפן? ווער ווייס וואָס דאָרטן וועט זיין! אידן לאָזט מען אור מעטום צורו אַזוי לאַנג ביז זיי דאַראַביען עפּעס פון אַרבעטן, פון שפּאָרן, פון ברעכן דעם קאָפּ, דערנאָך ווערט מען זיי סאָנים און מען רוידעפט זיי... הוליאַקעס, פּוסטעפּאַסטניקעס, גאַרנישטן, אין זייער טאַטנס פּערעמטעטנס טאַטן!...

מוישעלע האָט געלאָזט דעם טאַטן זיינעם זיך קאָכן. די באָכערים מיט די מיידלעך האָבן געקוקט אַפן פעלצנמאַכער און זיך געוואונדערט פונוואַנען צו דעם שטילן מענטשן, דעם שטוב־זיצער, וואָס זיצט טאָג ווי נאַכט איבער די פעלצן, האָט זיך גענומען אַזעלכע רייד. מוישעלען האָט עס ניט געוואונדערט. מיסטאָמע הערט זיך דער פאָטער זיינער אונטער בײַ מוישעלעס טיר, ווען זיי האָבן דאָרט אַ געהיימע זיצונג; מיסטאָמע האָט ער געהערט די געשפּרעכן בײַ קאַליען אין שטוב און אין אַנדערע

## בעסאראַביע אין 1918

פויערישע הייזער וואו רוסישע און אידישע רעוואָלוציאָנערן באַהאַלטן זיך אויס און אַגיטירן. זיי וואַרטן, אז בעסאַראַביע זאָל נאָך פּאָטער ווערן פון דעם רומען... מוישעלע האָבן די רייד פון זיין פרומען טאַטן האַנאָע געטון. אומדירעקט העלפט ער אים איבערדערציען די צעשראָקענע און פון דער אַרבעט אָפּגעטעמפּטע יוגנט. נאָר פאַרלאָזן זיך אויף אַזעלכע אַגי־טאַטאָרס טאָר מען ניט, האָט ער זיך געטראַכט, אין אַ מינוט אַרום קענען אים אָנקומען אַנדערע געדאַנקען, די פרומע געדאַנקען וואָס הייסן אָננע־מען אַלצדינג פאַר ליב, ווי אַ שטראָף פון זיין ליבן נאָמען... שווייגנדיק איז ער פונעם גאַניק אַראָפּגעגאַנגען און זיך פאַרנומען אויף אַ זייטיקער סטעזשקע, וואָס פירט צום וועלדל. בריינדל מיט סאָסקען און די באָכערים זיינען אים שווייגנדיק אָנגעגאַנגען.

---

דער אָוונט איז געווען אַ רויקער. וואַרימער טוי האָט וויברירט צווישן די הויכע סאָסנע־ביימער. באַבעלעך זיינען אומגעפלויגן, אין די בלעטער זיך אָנגעשלאָגן. שוואַלבן האָבן געצוויצערט. אַ טויב האָט אירע ווייסע פליגלען אַ צעעפן געטון און זיך אויפגעהויבן אינדערלופטן. מוישעלע זיצט אויף אַ גרויסן שטיין וואָס איז מיט גראָז פאַרוואַקסן. יונגוואַרג איז צע־לייגט אין גראָז, מען זעט בלויז די קעפּ זייערע, מיט די הענט אונטער־געשפּאַרט. מוישעלע רעדט צו זיי וועגן די נייע צייטן, וואָס קערן אַלצ־דינג איבער.

— זעט, — האָט ער געזאָגט — מיין טאַטן, אַן אַלטער איד, וואָס פאַר אַ דיבורים ער רעדט! ער ווייסט שוין ווער עס זיינען די אידישע טאָנים. הוליאַקעס, פּוסטעפּאַסטניקעס!... און די פויערים שטענדיק אַזעל־כע טעמפּע, ווי אָט אַ די קלעצער, האָט די נייע צייט באַ זיי אין מויעך אַ ריר געטון. דער נייער געדאַנק איז צו זיי אריין און זעט: מען צעשיכט זיי ווי קרעציקע הינט, ווי ווילדע כאַזיירים, נאָר זיי גיבן זיך ניט אונ־טער, זיי צעלויפן זיך ניט. זייער האָרעוואַניע איז באַ זיי הייליק. מיר ווילן אויך פאַרטיידיקן, נישט דערלאָזן מען זאָל צונעמען, אונדזער היי־

ליקע האָרעוואַניע. זעט אין קעשענעוו, אין טשערנאָוויץ, וואו די אַרבעטארער האָבן זיך צונויפגעבונדן אַלע אינאיינעם אין איין פאַרבאַנד, צו פאַרטיידיקן זייער אַרבעט, נישט אַוועקגעבן קיינעם אומזיסט גאָרניט. זעט ווי מען האָט דאָרט דערעכערעץ פאַר זיי! זעט ווי זיי זיינען געוואָרן די איינציקע האָפענונג, דער קרעפיסט פון אַלע אידן און פון אַלע אָרימע לייט, וואָס שיצן זיך אין זיי ווי אין אַ וואַנט. אָט דאָס איז די היינטיקע צייט! די צייט ווען די אַרבעט פאָדערט איר רעכט און איר גערעכטיקייט און לאָזט ניט נאָך! פון יענער זייט נעסטער איז שוין דער אַרבעטארער און דער פויער דער מוישל און פון זיי נעמען מיר אַ ביישפיל ווי צו מאַכן פון בעסאַראַביע אונדזער גליקלעכע היים... פויערים און אידן, הויבן זיך אָן פאַרשטיין. פויערים און אידן האָבן הונדערטער יאָרן געגלויבט, אַז גאָט אַליין האָט געהייסן פויערים זיין טעמפ און אידן זיין קלוג. או איבערגעשפיצט, אַז דער פויער זאָל ניט געטרויען דעם אידן און אים האַלטן פאַר אַ שווינדלער און דער איד זאָל זען אינעם פויער אַ רעציייעך, אַן אומבאַהאָלפענעם מענטשן וואָס אַז ער ווערט אין קאַעס, ווייסט ער ניט וואָס ער טוט. די נייע צייט מאַכט דעם פויער קליגער און דעם אידן גיט זי צו פאַרשטיין דעם פויערס גערעכטיקייט. עס ווערט אָפּגעשאַפט אַזוי אַרום די מוירע פון איינעם פאַרן צווייטן און אויך די סינע, וואָס איז פריער אַזוי גרינג געווען אָנצוהאַלטן צווישן איד און גוי...

מוישעלעס אויגן האָבן געוואָרפן מיט לעבעדיקע פונקען אַרום זיך בעיס ער האָ גערעדט. מיטאַמאָל האָט ער געגעבן אַ דריי איבער דעם געשפרעך.

— מיידלעך, לאָמיר זיך שפּילן אין באַהעלטערלעך!...

סאָסקע, מיט די גרויסע גרינע אויגן האָט גענומען קוקן אַרום זיך. זי האָט אַ כאַפּ געטון מוישעלען פאַר די אַקסלען און אים אַראָפּגעזעצט אין גראָז לעבן די באָכערים. ער האָט זיך אויסגעצויגן מיטן רוקן אַרויף און די אויגן צווישן די ביימער איינגעשטאָכן.

— ניין, ס'איז נישט די סיגוראַנצאַ!...

אים האָט זיך פריער אויסגעדאַכט, אַז ער זעט די זעלבע היטלען וואָס האָבן דעמאָלט איבער קאַרוצאַס פלויט אַריבערגעקוקט. זיי היטן אים.

# בעסאראביע אין 1918

געוועז זיינען עס גאָר סאָרקע מיט כאַימלען. זי האָט אים מיט גוואַלד אַרויסגעשלעפּט פונעם קעלער ער זאָל זיך אַביסל דורכגיין. אין שטאָט איז שטיל, האָט זי אים טויזנט מאָל פאַרזיכערט, ס'איז שוין נאָך דער אַבלאַווע... קומט כייעמל, אין וועלדל וועלן היינט זיין אינגלעך און מיידלעך. לעבן זיי איז פריילעך, היימלעכער...

כאַימל האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף א אונטערגעזעגטן בוים און זיך אַרומגעקוקט אַף אַלע זייטן.

— זיצט פריילן סאַראַ, מירן דאָ אָפּרוען.

כאַימל האָט זיך געגרייט צו ריידן מיט איר. זיך פאַרענטפערן, אַז דעמאָלט אין קעלער האָט ער זי נישט געוואָלט באַליידיקן, נאָר פאַרקערט, זי האָט אים זייער שלעכט פאַרשטאַנען... ער האָט א קוק געטון אין אירע קלאָרע אויגן, אַף איר צוטרוילעכן אויסציען זיך אינעם גראָז און ווידער האָט ער נישט געוואוסט ווי מיט איר צו ריידן.

סאָרע האָט אינגאַנצן נישט געקוקט צו אים. זי האָט געפּאָרשט דעם אַרום. יעדער שאָרך פון די ביימער האָט זי אויפגערודערט: עפּשער די כאַפּערס... נאָר באַלד האָט זי אויפגעכאַפּט סאָסקעס א ניי לידל:

„געזעגנט זיך, געזעגנט זיך, שוועסטערלעך און ברידער,
„ווייל מער וועלן מיר זיך שוין ניט זען.
„דאָס לאַנד אין אַמעריקע איז זייער גוט,
„ווייל שלאָגן, שלאָגט מען דאָרט ניט!...
„שוועסטערלעך און ברידער, מיר מוזן זיך צעפאָרן
„און שווער איז צו פאַרלאָזן אונדז די היים!...

— שיסט מיט לידלעך, סאָסקע! — האָט מוישעלע געלאַכט.

שטיל און מאָנאָטאָן איז געוועזן דער ניגן פונעם צוגעטראַכטן לידל. נאָר אַלע האָבן דאָס געקענט. אַזעלכע לידלעך פלעגט מען פאַרפאַסן נייע יעדן טאָג און זיי פלעגן זיך באַלד פאַנאַנדערגיין איבערן שטעטל.

— אייך איז גוט, דאָמנאַשאָרא סאַראַ, איר זיינט אין אייער היים. מען קען אייך, מען שעצט אייך, ווי מיך באַ מיר אין דער היים...

סאָרע האָט אים פאַדריסלעך איבערגעשלאָגן:

— און דאָ באַ אונדז אין שטאָט שעצט מען אייך נישט, כאַימל;

אַלע אין גאַס האַלטן פון אייך, זיי זאָגן איר זיינט אַ וואַוילער באָכער, אַן ערלעכער.

— דאָס איז דאָמנאַשאָרא סאַראַ, גיכער ראַכמאָנעס ווי שעצונג. ראַכ־מאָנעס האָט מען דאָך אַף אַ קאַליקע אויך. — האָט ער ווידער פון איר קיין אויג נישט אַראָפּגענומען, קעדיי צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק זיי־נע ווערטער מאַכן אַף איר.

סאָרע האָט אים נישט פאַרשטאַנען.

— אונדזערע בעסאַראַבער ווייסן נישט קיין כאָכמעס, דריי גרעש־לעך איז באַ אונדז אַ דרייער!...

— און איך וועל דאָך מוזן פאַרלאָזן בעסאַראַביע. איך האָב אַ רייכן פעטער אין אַרגענטינע. ער וועט מיך אַריבערנעמען, ווען איך זאָל נאָר פאַרלאַנגען. איך וויל נישט דערשאָסן ווערן, ס'גלוסט זיך מיר נישט שטאַרבן, פריילן סאַראַ.

— אַזאַ מאָדנער מענטש זיינט איר, כאַימל, טרייבט אייך דען ווער פון דער שטוב?...

כאַימל האָט פאַרשטאַנען פון אירע ווערטער, אַז זי איז שוין ווידער באַליידיקט און ער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן:

— די שרעק טאָמער מאַסערט מען מיך... פאַראַן שלעכטע מענטשן אומעטום...

סאָרקע האָט געשוויגן. זי האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס כאַימל איז כווישעד עמיצן פון איר שטאָט. זי וואָלט געוואָלט אים איבערצייגן, אַז ס'איי באַ אים אַן איינגערעדטע זאַך, אַז ער דאַרף זיך ניט שרעקן, נאָר די ווערטער זיינען איר ניט געקומען אַף דער צונג. אנשטאַט דעם זיינען גאָר אַנדערע געדאַנקען געקראָכן איר אין קאָפּ, אַזוינע שאַרפע, אַז זיי האָבן זיך באַ איר געבעטן מיט ווערטער אַרויסצוזאָגן. אפּן אָרט וואו עס זיצט אָט דער צעשראָקענער רומענער, ווען עס זיצט קאָליטשקע!... ער שפּילט אַזוי שיין אַף דער גיטאַרע און אַף דער פלייט... אַ דוינע שפּילט ער און איר דאַכט זיך אַז אַלע ביימער און גראָזן הויבן דעמאָלט אָן ריידן און טאַנצן און וויינען... אַפילע מאַלאָכימלעך האָט זי שוין געזען ווען קאָליאַ האָט געשפּילט. און דער קען גאָרניט, ער קען קיין מייסעלעך אויך

## בעסאראביע אין 1918

נישט דערציילן, אזא אומעטיקער! אַלע אין שטוב זיינען טרויעריק. דער טאַטע איז גאָר אַן אַנדערער געוואָרן. און איצט — דער!

— אַך!

זי איז אויפגעשטאַנען און שווייגנדיק גענומען אַהיימגיין. כאַימל איז איר שווייגנדיק נאָכגעגאַנגען.

---

## י״ז. — אין דער פוסטער קרעטשמע.

אין שטאָט אריין זיינען זייער ווייניק פויערים געקומען. זיי האָבן נישט געאַקערט און ניט געזייעט, איז ניט געווען וואָס צו ברענגען אין שטאָט צום פאַרקויפן. באַ דער שטאָט נאָר האָבן פויערים פאַפּעשויעס געזייעט און אידן האָבן טאַבאַק געפלאַנצט. אין די דערפער זיינען פויערים אַ לאַנגע שיווע געזעסן נאָך די דערשאָסענע. די הענט האָבן זיך זיי צו קיין אַרבעט ניט גענומען. זיי האָבן געלעבט ווי אין הינער־פּלעט און צו קיינעם קיין צוטרוי ניט געהאַט.

יאָסקען האָט ניט אַזוי געאַרט וואָס זיין ווייַן אין קעלער קוואַסעט אין די פעסלעך אָדער וואָס פויערים האָבן ניט מיט וואָס די כויוועס צו באַצאָלן. ניין, דאָס האָט אים נישט געאַרט, אים איז בלויז שווער געווען אָנצוקוקן די גרויע קוויטיקע ווענט פון זיין קרעטשמע. ער האָט זיך געשראָקן פאַר די גרילן, וואָס האָבן אונטער אַ ברעט פונעם פאָל געצוויטשערט מיט אַזאַ פאַסקודנעם רייעך, וועלכן ער האָט קיינמאָל אַזוי שטאַרק ניט געפילט, און פאַר די גרויסע מייז וואָס זיינען געשפרונגען פון איין שפּייז־שאַפקעלע אין צווייטן אריין — גאַנצע באַלעבאַטים געוואָרן. אַ דאָרפיש געבוירענער, האָט ער געבענקט נאָך די פויערים. ער האָט פאַרשטאַנען זייער פרימיטיוון ווילדן אויפברויז און ליב געהאַט זייער געפילדער, זייער פאַשעטע מענטשלעכע גוטסקייט און ניט ווייניקער שלעכטקייט. ער האָט פאַרליטן דעם שטאָטישן איכעס און דעם אידן וואָס לויפט מיט דער צעפלויגענער קאַפּאָטע און מיט דעם שירם כאַפּן אַ פאַרדינסטל פון בייטן רוסישע קערבלעך אַף רומענישע לייען. יאָסקע האָט דאָס ניט געקענט. האָט ער זיך טעג גאַנצע אינעם שפּייכלער באַם צעפּאַרעטן איבערגעברענטן ווייץ געאייסעקט אָדער איז געשטאַנען אַ פאַר־

# בעסאראביע אין 1918

טראכטער הינטער דער סטויקע באם טיש־קעסטל, א געבויגענער, מיט גרויען פאכעד אין די אויסגעלאשענע אויגן און אין די אויערן האבן אים געשוויטשערט די גרילן פון אונטערן פאל מיט זייער מיעסן רייעך. ער האט מיטן שטערן געקנייטשט און צו זיך אליין גערעדט: מאנט ער דען בא זיי די כוויועס, וואס זיי קומען, ניט אין קרעטשמע? זאלן זיי קומען זאלן זיי ראשן און זשומען, קריגן זיך און שעלטן און דערנאך פאלן אפן האלדז און זיך איבערבעטן: — וועסט מויכל זיין ברודער יאסקע!...

גערעדט האט יאסקע ווייניק, נאר געזען און פארשטאנען האט ער אסאך. ער האט געזען ווי די טאכטער זיינע איז פאר די עטלעכע כאדא־שים אסאך שענער און גרעסער געווארן, א מיידל צו לייט... נאר די באַ־לעבאטישע זינדלעך, די סאכרימלעך, קען ער נישט פארליידן. זיי קומען צו אים גאנץ אפט, אנבאטן געשעפטן, זיך אנשלאגן פאר שותפים, ווי־לן זיך איינקויפן צו אים, געפעלן. ער האט געוואוסט, אז דאס מיינען זיי ניט אים, נאר סארקען, מיט איר רייכער יערושע נאך זיין טויט... ניין, זיי, די וואס יאגן זיך אין מארק נאך מעציעס וועט ער זיין טאכטער ניט צולאזן!... ווי א יונגער בוים איז זי פאר זיינע אויגן געשטאנען, וואס ער דארף אים אפהיטן.

סארקע איז אין קרעטשמע אריינגעלאפן. דערזען דעם פאטער א פארקלערטן, איז זי צוגעגאנגען הארט נעבן אים, זיך אנשפארט מיטביידע עלנבויגנס אף דער סטויקע. אין דער האנט האט זי געהאלטן צו־נויפגעדריקט א פארמאכטן קאנווערט. ער האט אף איר די אויגן אנגע־שטעלט. סארע איז רויט געווארן פון בושע. דער פאטער האט געזען איר שטייפע יונגע בריסטלעך וואס האבן אוועקגעשפארט דאס דינע בלוזקעלע פון זיך. זי איז געווען פארסמאליעט פון דער זון און האט אנגעפילט די קרעטשמע מיט א געזונטן רייעך פון רויזן און האניק.

אוליאנא מיט רייזלען זיינען ביידע גלייך אין קרעטשמע אריינגע־קומען. די אויגן בא־זיי האבן אויסגעדריקט שרעק:

— שוין ווידער א פאוועסטקע; פון וואס מען צאלט אזוי פיל נאַ־לאגן, פון וואס?

סארע האט אוועקגעלייגט דעם פארמאכטן קאנווערט אפן טיש, אין

װעלכן עס איז געװען אַן אױפֿאָדערונג צו צאָלן שטײערן, און האָט זיך אָפּגעקערט אָן אַ זײַט נעבן פֿענצטער.

— דער זשאַנדאַר האָט געבראַכט... באַלד װעט ער קומען נאָך געלט...

זי האָט אַרױפֿגעלײגט בײדע הענט אױפֿן האַרצן. זי האָט זיך באַהאַל־טן פֿאַר די דרײ פּאָר אױגן װאָס האָבן זי באַװאונדערט.

— אַן אומגליק! — האָט אוליאַנאַ גענומען זיפֿצן. — מען האָט שױן װידער געשלאָגן דעם פֿעלצנמאַכער. עפּעס האָט מען געזוכט דאָרטן. מױ־שעלען האָט מען געזוכט. ער איז ניטאָ אין שטאָט. אין דאָרפֿאיז ער אװעקגעפֿאָרן אױף אַרבעט, האָט דער פֿאָטער געזאָגט. ס'האָט ניט געהאָלפֿן מ'דאָט אים געשלאָגן...

יאָסקע האָט אױפֿגעציטערט:

— מױשעלען זוכט מען, טאָבטער?

— יאָ, מען זוכט און מען װײסט ניט פֿאַרװאָס.

אוליאַנאַ האָט איר איבערגעשלאָגן:

— װאָס איז פֿאַראַן צו װיסן? דער טאַטע האָט ניט צו באַצאָלן די שטײערן, טשעפּעט מען זיך צו די װענט, לאָזט מען אױס צום זון... דער טאַטע איז זײער װײניק!...

**סאָרע האָט אַ באַרױגעזע אַ קוק געטון אױף דער פֿױערטע:**

— אַז קײן װאָרט לאָזט מיך די אוליאַנאַ ניט אױסרײדן! מען זאָגט דיר, אַז מען זוכט אַרום מױשעלען, שפּאַר ניט איבער! די גאַס איז פֿול מיט מינטשן. גײ, װעסטו זען און הערן!...

יאָסקע מיט רײזלען האָבן זיך שטום איבערגעקוקט. אַ פֿונק, אַ די־נער און אַ שפּרינגנדיקער װי קװעקזילבער, האָט אין זײערע אױגן אױפֿ־געלױכטן: זײער סאָרע!...

אוליאַנאַ האָט ניט אױסגעהאַלטן. איר איז װײניק דער בליק. זי האָט סאָוקען פֿאַר די אַקסלען אָנגעכאַפּט:

— אַך, דו גאָלע גאָרניט, סאַמאָװאָליעץ!...

אין דער הױכער טיר איז אַ הױכער שװאַרצער זשאַנדאַר שטײן גע־בליבן. ער האָט זיך אַ העפֿלעכן נױג געטון און זיך אין קרעטשמע אַרײַנ־געשטעלט. די גאַנצע שטימונג, יאָסקעס און רײזלס פֿרײד, אוליאַנאַס

קאָעם און סאָרקעס רוגזע, אַלץ איז אויסגעלאָשן געוואָרן. זייערע בליקן האָבן זיך פון איינעם צום צווייטן געטראָגן. קיין וואָרט האָט קיינער ניט אַרויסגערעדט. דער זשאַנדאַר איז צו סאָרקען צוגעגאַנגען, האָט העכסט קאַוואַליעריש זיין שפּיציקן הוט פאַר איר אָפּגעהויבן און איר אין דער האַנט אַ קוש געטון. יאָסקע האָט אַרויסגעשלעפּט דאָס טיש קעסטל און אויסגעטרייסלט פון דאָרט דעם טאָג פּידיען, אַביסל צעקנייטשטע לייען, האָט זיי אויסגעפּרעסט מיט די פינגער, צונויפגעלייגט און זיי דעם זשאַנדאַר צוגעטראָגן.

— נאַט אייך, דאָמנולי, די שטייערן!

— ס'איז ניט דרינגלעך, דאָמנו, שוין צו באַצאָלן. די דאָמנושאָראַ קען מיט עטלעכע טעג שפּעטער אין דער פרישעפּצע אַריינברענגען!...

דער בויזעק און ביטל צום אידן יאָסקאַ, האָט פון זיינע שווארצע אויגן אַרויסגעשמייכלט. יאָסקען האָט אַן איבל פון ברעכן באַהערשט. ווי שטאַרק אים פּייניקט די פאַלשע העפלעכקייט, די ציגיינערישע כניפע. אים וואָלט אַ שטיק געזונט צוגעקומען ווען ער וואָלט געקענט דעם זשאַנדאַר דערלאַנגען מיט אַ בענקל איבער זיין כאַזערישן קאָפּ... ער וואָלט זיך געראַטעוועט! — אַ רוסישן סטראַזשניק האָט ער אַמאָל אויסגעפּאַטשט פאַר שלאָגן אַן עלטערע אידישע פרוי וואָס האָט פאַרקויפט טי־טון (טאַבאַק) אָפן לויט...

דער זשאַנדאַר האָט זיינע שוואַרצע אויגן איינגעשטאָכן אין יאָסקען און אַף זיין שוואַרץ־הויטיקן לאַנגן פּאָנים האָבן זיך דינע שאַרפשמייכעלעך צעגאָסן, געשפּרונגען אַרום זיינע ברייטע מויל־ווינקלען און דאָרטן פאַרגליווערט געוואָרן אין ציגיינערישער אונטערטעניקייט.

— שפּילסט אַ „טויזנט", דאָמנו יאָסקאַ? — האָט ער זיך נאָכאַמאָל אַ טיפּן נויג געטון.

—ניין! — האָט יאָסקע אָפּגעהאַקט.

— און צום פאַרבייסן קריגט מען עפּעס באַ דיר? ברענג אַ פרישן קוכן פון קיך!

סאָרקע האָט פונעם שאַפקעלע אַרויסגענומען אַ קליין פלעשל מיט בראָנפן, אַ גלעזל און אַ טעצל מיט צוויי אייער־קיכלעך.

## ג אָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

— סערווירט זיך, דאַמנו! — האָט זי דאָס אַלץ אוועקגעשטעלט פאַר אים.

אינדעם איז באַימל אַריינגעקומען מיט אַן אויסגעטשערבעטן סערפּ. ער האָט אין גאָרטן דאָס גראָז אונטערגעשניטן. דערזען דעם זשאַנדאַר איז אים קאַלט געוואָרן אין האַרץ. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער זשאַנדאַר האָט אַף אים אַ קוק געטון. די פּיס זיינען אים שוואַכער געוואָרן, נאָר צום אומפּאַלן... און דעמאָלט וועט אַלץ קלאָר ווערן... ער האָט זיך באַ־הערשט אין דער שטוב, האָט ער אַ טראַכט געטון, וועט אים קיין בייז ניט געשען. און ווי קען עס אַנדערש זיין. ער איז דאָך באַ זיי ווי אַן איי־געגער זון, אים איז גוט לעבן זיי...

און בעעמעס, באַימל האָט זיי געזוכט צו געפעלן, יאָסקען מיט רייז־לען דעריקער, עפּשער נאָך מער ווי סאָרקען. ער האָט אָפּגעהיט דעם סאָד מיט דעם גאָרטן, צוגעהאָלפן אין שענק אין די מאַרק־טעג, אַף די בעהיי־מעס אכטונג געגעבן, געפירט די כעשבוינעס אין די גראָבע געל געוואָרענע ביכער.

סאָרקע איז פון קרעטשמע אַרויס און פונעם קאָרידאָר אים אַ רוף געטון:

— באַימל, באַימל, גייט נאָר אַהער!

באַימלען איז אַ שטיין פונעם האַרצן אַראָפּ. סאָרע האָט אים גע־ראַמעוועט. אין קאָרידאָר האָט ער איז אַ זאָג געטון:

— וואָס ווינציקער מען וועט זיי פּאַשען, זיי שמאָפן די קישקעס, אַלץ ווינציקער וועלן זיי קריכן אַהער.

סאָרע האָט די אויגן אַראָפּגעלאָזט:

— איך וויים, באַימל, וואָס איך האָב צו טון, איך ווייס...

באַימל האָט מער ניט גערעדט. ער האָט באַשלאָסן צו שווייגן. זי איז גערעכט. ער איז דאָ אַ פרעמדער, זיי צאָלן אים פאַר זיין אַרבעט, היטן אים אָפּ און ער... וואָס ווינציקער מען וועט זיי פּאַשען... — האָט ער זיך דערמאַנט וואָס ער האָט געזאָגט וועגן זשאַנדאַר, — אַף זיך איז קיינער ניט קיין מייווין...

---

# יח. — אַן ארויפאָר.

דער גאַנצן טאָג האָט כאַימל זיך אויסגעהיט פון סאָרקען: וואָס מער ער וויל איר געפעלן, אַלץ אומגעלומפּערטער און שלימאַזלדיקער ווערט ער... נאָר פאַרנאַכט, ווען זי פאָרט געוויינלעך ארויס אין וואַלד אריין, האָט ער געוואָרט זי זאָל אים הייסן שפּאַנען די ברישקע.

סאָרקע האָט אפילע ניט געטראַכט פון דעם וואָס כאַימל לעבט אי־בער. פאַרנאַכט האָט זי אָנגעטון איר פויערישע אויסגענייטע קאָפּטע מיט די פּילקאָלירטע בייטשלעך קרעלן, אַ שפּיציק געבלימט פויעריש פאַרטוך און אַ פּאָר שטריקענע שיך אַף די פּיס אָנגעשטעקט און האָט אומגעדול־דיק געוואָרט אַף כאַימלען מיט געשפּאַן. זי האָט זיך אומגעדרייט הין און צוריק אַפן טראָטואַר פאַרן טויער, פאַרריסן איר שטאָלצן קאָפּ מיט די געדיכטע צעלאָזענע האָר אַף דער פּלייצע, ווי די וועלט וואָלט אירע געווען...

כאַים האָט דעם געשפּאַן פונעם טויער ארויסגעפירט. אַ קליינע גרוי־נע ברישקע, מיט אַ הויכן זיץ פון פאָרנט און דאָס פערד אַ הויכס מיט דינע פּיס און אַ שלאַנקן האַלדז און די גריווע אין אַ סאַך צעפּלעך פאַר־פלאָכטן. אַ קרענצל גלעקלעך באַם פערד אַפן האַלדז האָט געקלונגען מיט גייווע, געוועקט און געוואָרנט די קינדער פון דער גאַס: — היט אייך, יאָסקעס טאָכטער פאָרט, סאָרקע!...

סאָרקע האָט זיך אַף דער ברישקע ארויפגעכאַפּט, אומגעפאַלן אפן זיץ און אַ נעם געטון די לייצעס אין די הענט. דאָס פערד האָט דעם קאָפּ אַ פאַרייס געטון און ווי אַ וויכער זיך גענומען טראָגן איבער דער גאַס. צום באַקאַנטן אויסגעטראָטענעם וועג אין וואַלד אריין. סאָרע האָט גע־צויגן די לייצעס און געשריגן:

— טפּרר!

כּאַימל איז מיטן בייטשל אין די הענט אין קרעטשמע ארײנגעלאָפן.

— זעט, רעב יאָסל, טאָמיד טוט זי מיר דאָס אײגענע, טאָמיד...

א'ן גאָס האָבן די װײבער מיט די קעפּ געשאָקלט און בײזע בליקן נאָכגעשיקט סאָרקען.

— א מויד באַ דעם יאָסקען, זאָל זי סיוויען ביזן גרויען צאָפּ אַריין, טאַטע זיסער אין הימל!... פּאַרט אַף מענטשן, וועט די קינדער פון גאָס אויסהאַרגענען!...

א צעפּלאָמטע אידענע אין א ברייטן פאַרטוך מיט בייזע אויגן פון א הונגעריקן וואָלף האָט איר קליין קוויטיק אינגעלע פאַרן הענטל גע־שלעפּט און געלאָפן מיט אים צו יאָסקען.

— א קויל זאָל דיך טרעפן, ריבוינע שעל אוילעם טייערער און ראַכ־מאָנעסדיקער! א כּולשע דיר אין האַרצן, אין די ביינער!... זי האָט דאָך שיר דעם קליינעם מיינעם איבערגעפּאָרן! זעט, רעב יאָסל, אייער מויד האָט מיר שיר ניט דעם קליינעם מיינעם צורעכט געמאַכט. — האָט זי דאָס צעשראָקענע קינד פאַר יאָסקעס אויגן א הויב געטון.

— אָט קומט זי שוין צוריק, וועל איך איר ווייזן, דער שיקסע. — האָט יאָסקע מיט פאַראַכטונג פון דער אידענע אוועקגעקוקט. — איך וועל זיך מיר איר אָפּרעכענען...

ד' אידענע האָט זיך צעשריגן. יאָסקעס רויקייט האָט אין איר א פייער אָנגעצונדן.

— די מויד וועט קיין לייט ניט אויסוואַקסן! דער טאַטע גיט איר נאָך די שמאַח און די מאַמע — א גלאַטע בעהיימע, כאָטש מעלק זי אויס, מישט זיך ניט!... מירן שוין זען וואָס פונעם פערקן אין וועלדל וועט ארויסקומען! מירן זען!

כייעמל האָט דאָס בייטשל א הויב געטון.

— שווייגט, יאַכנע!...

אוליאַנאַ מיט רייזלען זיינען אפּן גאַניק ארויסגעלאָפן.

— וואָס איז שוין ווידער מיטן קינד? ניט פאַרגינערינס, פאַרשעלטן איר די ביינער...

כייעמל האָט א צעווייטיקטער געקוקט אַף יאָסקען.

# בעסאראביע אין 1918

— זעט, ווי טאָמיד טוט זי מיר אָפּ דאָס אייגענע, טאָמיד...

אַף יאָסקעס אויבערשטער ליפּ האָט א דינער שמייכל א שימער גע־טון, איז צעשוואומען געוואָרן בא די מויל־ווינקלען און זיך צעגאָסן אין א גרעניצלאָזער פרייד. ער האָט ארויפגעלייגט די האנט אפן שטערן און געמאכט א דעכל איבער די אויגן:

— אָט פאָרט זי שוין צוריק, דער סאמאָוואָליעץ, איכל איר...

כייעמל איז איר אקעגנגעלאָפן, געפּאָכעט מיט ביידע הענט קעגן פערדס פּאָנים און דאָס איינגעהאלטן. ער האָט זיך ארויפגעכאפּט אַף דער בריטשקע און איבערגענומען די לייצעס פון סאָרקעס הענט.

— זעסטו שוין, סאָרעלע, וואָס דו האָסט אָנגעמאכט! נאַ, זע, די גאַס איז שוין פול!

בא דער שטוב איז סאָרקע פון דער בריטשקע אראָפּגעשפּרונגען. א שטילע איז זי מיט א געבוגענעם קאָפּ אין קרעטשמע ארייננגעקומען. דאָס קלייד אירס און די שיך זיינען פול באשאָטן געווען מיט רומיאַניק אין צווייט־בלעטלעך און דאָס פּאָנים צעפּלאַמט פון לויפן צווישן די בוימער און גראָזן.

רייזל האָט דעם קאָפּ אין די הענט ארייננגענומען און זיך איבער דער קרעטשמע אומגעדרייט.

— ערשט א ניי אויסגעפּרעסט קליידל איר דערלאנגט און שוין האָט זי דאָס אויסגעוואַלגערט אין וואלד!... א שעד, א ווילדע כייע איז עס, ניט קיין מיידל!...

אוליאנאַ האָט זיך געדרייט אַרום סאָרקען, איר צורעכט געמאַכט דאָס איבערגעדרייטע פּאַרטוך מיטן פארשטעקטן קלייד אַף די קליבעס.

— אזאַ סאמאָוואָליעץ האלטן מיר אין שטוב! מיט דער גאַנצער וועלט מענטשן הארגעט מען זיך אוים צוליב אַזאַ... גאָלע גאָרנישט!...

רייזל האָט יאָסקען מיטן ווייזפינגער געוואָרנט:

— דו, טאַטע געטרייער, מאכסט פון איר א לייט א גרויסן.. א וועלט מיט סאָנים ברענגט זי מיר אָט די... מאָרגן, בעליניידער, פארקויף דאָס פערד מיטן וואָגן און אוים!...

## גאָלדע קרימער

סאָרע האָט געצופּט די שפּיצן פונעם פאַרטוך און פאַרדריסלעך צו זיך גערעדט:

— וואָס האָב איך דען געטאָן, וואָס?

יאָסקע האָט זי פאַר דער גאַמבע אָנגענומען און איר טיף אין די אויגן אַריינגעקוקט.

— פאַרוואָס, סאָרקע, קוקסטו ניט ווי דו פאָרסט? סאמ[illegible]ליען!...

זי האָט דעם מאַנטער אומפאַרשטענדלעך אָנגעקוקט. טרערן האָבן איר גענומען רינען איבער די באַקן.

— איך קוק יאָ! — האָט זי דורך די טרערן אַרויסגערעדט.

— אָט שרייען דאָך די שכנים, אַז דו ווילסט די קינדער זייערע איבערפאָרן, דערהאַרגענען, סאָרעע!... כייעמל דאַרף האַלטן די לייצעס, געדענק!...

— אָבער, ער קען דאָך ניט אָנטרייבן ווי מיר געפעלט, אָט אַ דער אָ!...

אוליאַנאַ האָט שוין אירע אויגן מיט פייער אָנגעלאָדן. מיט די הענט אויף די זייטן אָנגעזעצט, האָט זי פון יאָסקען צו כייעמלען געקוקט.

— אַ שטוב דאָ, אַ טורמע! אַ שיף אָן אַ רודער! אַז „אָט אָ דער אָ" מוז האַלטן די לייצעס, נעמט זי גאָר און פאָרט אַליין אַוועק... „אָט אָ דער אָ"...

— גוט אַזוי! — האָט זיך רייזל גענומען דאָס האַרץ גלעטן. — אַ שטיק געזונט קומט מיר צו...

די ליפּן סאָרקעס האָבן געציטערט. בלייכע און צעקרומטע זיינען זיי געוואָרן. זי האָט זיך געשעמט פאַר כייעמלען. איר האָט וויי געטון וואָס ער שווייגט. אים אָרט ניט וואָס מען שרייט אויף איר, ווי אויף אַ פרעמדער. מען האָט זי ניט ליב... נאָר זי איז אַ נאַר, האָט זיי אַלעמען ליב און „אָט אָ דעם אָ!"... זי האָט אויף אים אַזוי פיל ראַכמאָנעס, ווי ער וואָלט איר אַ ברודער געווען, און ער... אַזאַ גראָבקייט! אַ בעהיימע!

יאָסקע האָט ווידעראַמאָל אַ פרעג געטון:

— ווען נאָך יאָגן דאָס פערד איבער די גאַסן, סאָרקע? כאַפּעס און בושעס פאַרשאַפסטו אונדז.

# בעסאראביע אין 1918

סאָרקע האָט געשוויגן און אין איר שווייגן איז געווען קינדישע גע־בראָכנקייט און ווייטיק. יאָסקע האָט זי ניט אָפּגעלאָזט:

— רייד, דו סאַמאָוואָליעץ, ווילדע מויד! וועסט שוין וואַרטן אַף כּאימלען?

זי׳ האָט פארלוירן געשטאַמלט:

— ווילסט איך זאָל דיך אָפּנארן, טאַטע;

יאָסקע האָט זיך צעבייזערט.

— נו? שווייג שוין בעסער, גרויסע מויד מיינע, און ווער שוין אַ מענטש! ס׳איז שוין צייט!...

סאָרע האָט מער ניט געקענט אויסהאַלטן דעם שטרענגן עקזאַמען. זי איז צוגעפאַלן צום פאָטער און אריינגעגראָבן איר פּאָנים באַ אים אַפן האַרץ און געכליפּעט ווי אַ קליין קינד:

— שוין קיינמאָל, טאַטע, וועל איך זיין שלעכט. קיינמאָל!...

אוליאַנאַ האָט די הענט אַפן בויך ארויפגעלייגט און האָט די אויגן אירע ניט פארגינעריש אָנגעשטעלט אַף יאָסקען.

— איצט זעסטו שוין, רייזל, ווער דאָס איז! די ווינדלען האָט אוליאַ־נאַ געוואַשן, געניאַנטשעט און געבאָדן האָט אוליאַנאַ, און איצט... לעבט אַז אַלטער הונט... ווער דאַרף אים? ווער זעט אים?...

יאָסקע האָט פּלוצים אַ צענעם געטון זיינע לאַנגע הענט. מיט אַ שיי־נענדיק פּאָנים האָט ער אַ רוף געטון:

— קומט אַלע אהער, קינדער מיינע קליינע!... זע, זיי לויפן טאַקע! טפוי, ווי נאַריש איר זיינט, ווייבער!... איצט גיי, סאָרע, בעט איבער כּאימלען, האָסט אים פארשעמט אים איבערגעלאָזט אַף דער גאַס מיטן בייטשל אין די הענט, פאַרט אביסל אין וואַלד אריין!...

---

# יט. — שקאָצים און אידישע קינדער...

אַ גרופּע יונגע פּויערים און פּויערטעס, ברוינע, פון דער זון פאַר־סמאַליעטע זיינען מיט געזאַנג און געלעכטער פון די פעלדער צוריק אין שטאָט אַריין געגאַנגען. באַהאָנגען מיט מעסער און סערפּן באַ די טאַ־ליעס, מיט קענדלעך און טעפּלעך אַף די פּלייצעס, האָבן זיי אויסגעזען ווי וואַנדערער, נאָר די פרייד זייערע, דאָס וואַרפן זיך איינער דעם צווייטן אין די אָרעמס, דאָס טאַנצן און סוויפּטשען, האָט איידעס געזאָגט, אַז דאָס גייט מען אַהיים פון דער אַרבעט. לעבן די אידישע פּלאַנטאַציע־פעל־דער האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. פּאַראַסקע, וואָס האָט געפירט דאָס רעדל, האָט מיט סינע אַ לאַך געטון:

— זעט ווי זיי קריכן דאָרט באַם פּיטון־רייסן, די אידן מיט די איר־דישקעס! אַזוי ווי די זשאַבעס! כאַ־כאַ־כאַ!

זי האָט אויפגעהויבן אַ שטיין פון דער ערד און אים אַ וואָרף געטון אַפן אידישן פעלד.

אַ שווער מענעריש קאָל האָט זיך דערטראָגן פונעם פעלד:

— אָט וועל איך דיר דאָרט די זשעברעס אונטערהאַקן! אַ טויטע וועט מען זי פונעם פעלד אַרויסטראָגן!

— נאָכעמל, מען דאַרף ניט! ניטע, נאָכעמל, ברילִיאַנט מיינער, ס'וועט אַרויס אַ געשלעג מיט זיי און דאָס קאַפּאָרע־הינדל וועלן מיר פאַרבלייבן.

דאָס האָט סאָסקע, דעם סטעלמאַכס פוכקע און פולבלוטיקע מויד איינגענומען דעם אויפגערעגטן נאָכעם, אַ באָכער מיט אַ שווערער פויסט. זי האָט אירע פולע אַנטבלויזטע הענט פאַרוואָרפן אַרום דעם באָכערס האַלדז און אים דורכגענומען מיט אירע קאַרע אויגן. זיין קיילכיק פון דער זון פאַרברוינט פּאָנים האָט אויסגעדריקט קאַעס און געבעט:

## בעסאראביע אין 1918

— אַ מיעסע אומע זיינט איר, ווייבער... אַ פייג אין קעשענע קענט איר ווייזן דעם סוינע, נאָר האָפּיי קענט איר ניט זאָגן!

סאָסקע האָט זיך צוגעדריקט צו נאָכעמען און אים אַ קוש געטאָן איןביידע באַקן.

— מיט גוטן, נאָכעמל, אינגעלע מיינס, דאַרף מען אַף זיי ווירקן. מיט גוטן איז גלייבער...

סאָסקע האָט געמוזט צוימען דאָס אינגעלע אירס, וואָס האָט זיך גע־קענט שלאָגן מיט צען שקאָצים פּאַראַמאָל און שפּעטער זאָל ער דאַרפן אָפּ־זיצן אין „כאַדגאַדיע״ וואָכנלאַנג, דאָרטן כאַפּן קלעפּ און מאַכן אַ שוויג פּאַר בושע. זי האָט געהאַלטן אַן אויג אַף אים. טאָמער גייען דורך נאָך אַ כאַפּטע פּויערים און נעמען וואַרפן שטיינער צו זיי אין פעלד, וועט זיך נאָכעם ניט באַהערשן. מיט זיין גאַנצער גוואורע וועט ער זיך וואַרפן אַף זיי. און דעמאָלט איז שלעכט. גאָט אליין וועט אים ניט אָפּריטן פון זיי. זי האָט זיך געטוליעט צו אים און אין פעלד אריין צו די איבעריקע מייד־לעך געשריגן:

— היי, מיידן! נעמט נאָר צונויף די סערפּן מיט די מעסער, מאַכט די בינטלעך און לייגט אריין די קיילים אין די טאָרבעס! שוין צייט אהיימ־צופאָרן! די זון איז שוין אפּן באַרג!

מיידלעך פּעסט געבויטע, באָרוועסע מיט געבלימטע פאַטשיילעס אי־בער די אויגן אראָפּגערוקט, האָבן זיך ארום סאָסקען אויסגעשטעלט, זי פונעם געליבטן אירן אַוועקגעריסן.

— קום, סאָסקעלע טייערע, העלף אונדז ארויסטראָגן די פּעק מיטן טיטון אפן וואָגן ארויף!

די מיידן האָבן אָפּגעטאָסעוועט דאָס פורל מיט גרינע בלעטער טיטון און פון אויבן די מאַכשירים ארויפגעוואָרפן.

— טרייב, נאָכעמל, דאָס פערד, מירן נאָכגיין פון הינטן. — האָט סאָסקע אַ ראַכמאָנעס־פּאָנים געמאַכט קעדיי אים אפן וואָגן ארויפצו־שטופּן.

נאָכעם האָט זיך ארויפגעזעצט פונפאָרנט לעבן די פערד און איבערן הויפן אָנגעפּאַקעוועטן טיטון אריבערגעשריגן:

## ג אָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

— איר, מיידלעך, וועט גיין צופוס! איר קענט דאָך נאָך דאָס פערדל מיינס אונטערייסן! גייט נאָך!

דערזען די כאַפּטע שקאָצים און שיקסעס פונוויטנס, איז אים דער קאָעס איבערגעגאַנגען.

— היי, כלאָפּעס, כאַזירשע עקלעך! — האָט ער מיט דער בייטש צו זיי געפאָכעט. — ווארפט ארויף די קיילים צו מיר אפן וואָגן! אַ שאָד אייערע כאַזירישע קריזשעס, נעבעך!

די שיקסעס האָבן אים ניט געענטפערט. זיי האָבן אים אין קאָל דערקענט — אַ קאָל מיט אַ צוויק — און האָבן זיך פארנומען אין אַן אַנדער ריכטונג. אויך פאַראַסקע האָט געמוזט היטן דאָס אינגעלע אירס, קאַרוצאַן, וואָס ווערט לעבעדיק אין אַ געשלעג מיט עמיצן, פילט זיך ווי אַ פיש אין וואסער, און דערנאָך נעמט מען אים אוועק פון איר אף עטלעכע טעג אין דער קאַרדעגאַרדיע. צו וואָס דאַרף זי דאָס? די כאַווערטעס אירע ווייסן שוין אַז קאַרוצאַ איז אַ העלד, אַ גוטער שלעגער. גענוג פאַר איר.

נאָכעמס אויגן האָבן שוין ווידער געברענט.

— האָסט געהערט, סאָסקעלע, דעם כ־כאַ זייערן? די גערעדעריס מיינע האָבן זיך אין בויך באַ מיר צעבונטעוועט... אוי, סאָסקע, סאָסקע, קוק ניט אַזוי אף מיר!... ווען ניט דו, הערסטו...

— אַ בריטשקע פאָרט! — האָט פאַראַסקע אַ זאָג געטון צו די שיקסעס. — ס'מוז זיין אַ אידישע! — און זי האָט גלייך אויפגעהויבן אַ שטיין און אַ ווארף געטון.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָבן די שיקסעס זיך צעלאַכט. — דאַכט זיך האָסט געטראָפן! בדאַווא פאַראַסקאַ!

קאַרוצאַ, וועלכער איז די גאַנצע צייט נאָכגעגאַנגען נאָך דער כאַפּטע שיקסעס מיט אַ גרויסער טאָרבע אף די פלייצעס און געהיט ווי אַ פאַסמוך זיין טשערעדע שאָף, האָט זיך גוט איינגעקוקט אינעם אָנקומענדיקן פורל. די שיקסעס, ווי אַ מאַכנע פייגל ארום אַ נעווילע, האָבן זיך געדרייט ארום פאַראַסקען און זי געמונטערט:

— דערלאַנג זיי פּאַראַסקאַ, די אידישע פּריצימלעך, מירן דיר צי־העלפן!

— היי, פּאַראַסקאַ! — האָט קאַרוצאַ די האַרטע שטימע זיינע גע־לאָזט הערן. — וואַרף ניט קיין* שטיינער, דאָרט פּאָרט דאַכט זיך, מיין זשיפּוני יאָסקעס טאָכטער, סאָרע!

די שיקסעס האָבן אַ ווילד געלעכטער אויפגעהויבן:

— כאַ־כאַ־כאַ! זיין זשיפּוני יאָסקעס טאָכטער! אַ גרויסקייט ער האָט אין זיך!...

נאָכעם האָט פּונוויטנס דערזען ווי די שיקסעס האָבן זיך צו דער בריטשקע אַ לאָז געטון. האָט ער דאָס פּורל זיינס פּאַרקירעוועט און גע־נומען שמייסן דאָס פערד.

— סאָסקע, זאָל איך קראַפּירן שוין דאָ אָפן אָרט מיט דיר איינעם, צי איך וועל זיי ניט אַרויסלאָזן די טרייפענע געדערימלעך זייערע!... שטרעק ניט צו מיר דיינע הענט, סאָסקע, איך קראַפּיר אָפן אָרט!...

סאָסקע האָט דערזען דעם אומגעצוימטן קאַס אין נאָכעמס אויגן און זי האָט אַ געשריי געטון צו די מיידלעך:

— מיידלעך! צו דער אַרבעט זיך גענומען! אַף רעכטס און אַף לינקס דאַרפן מיר דערלאַנגען!

די מיידלעך האָבן זיך נאָכן וואָגן אַ לאָז געטון און אַראָפּגעשלעפּט פונעם וואָגן אַראָפּ אַ פּאָר גראָבע שטעקענעס מיט ריסקעליעס.

— קומט מיידן, גיכער און ניט געשראָקן זיך!

לעבן בריטשקעלע איז פּאַראַסקאַ מיטאַמאָל אָפּהענטיק געוואָרן.

— ס'איז טאַקע קאַרוצאַס זשידאַנעס! — האָט זי פאַרלוירן גע־שטאַמלט צו די שיקסעס.

— דו, קאַרוצאַ, האָסט געלאָזט מען זאָל אונדז מיט שטיינער באַ־וואַרפן! זאָלסט מער אונדזער שוועל ניט באַטרעטן, כאַזער, פאַלשער גוי!...

קאַרוצאַ האָט זיך צווישן דער כאַפּטע שיקסעס אריינגעשטעלט און מיט ביידע הענט, ווי מען טרייבט אַריין די הינער אין קורניק אַריין, זיי צעטריבן פון דער בריטשקע.

— אַ הוש! אַהוש!...

## גאָלדע קרימער

— קום, קאַרוצעלע, פיר אונדז אהיים! אזא באַפּטע שיקסעם קען דאָך אונדז לעבעדיקערהייט אויפפרעסן!... — און צו באַימלען האָט סאָרע געוואונקען ער זאָל זיך מיט די שיקסעם ניט אָנהייבן, טאָמער רופן זיי צו אַ זשאַנדאַר, פון די וואָס אַף די פּאָסטנס, און ער פרעגט אים באַלד אַף זיינע דאָקומענטן...

פּאַראַסקאַ איז צו קאַרוצאַן צוגעשפּרונגען און האָט אים אָנגעכאַפּט באַ זיין צעשפּיליעטן העמד.

— וועסט ניט פאָרן מיר איה, קאַרוצאַ! — און זי האָט דעם פולן בוזים אירן צו זיין האָריקער ברוסט געטוליעט. — גיי ניט!...

זייערע קערפּערס, ברוינע, ווי צוויי שטיקער צונויפגעגאָסענער קו־פּער, האָבן זיך אינעם רויטן זון־אונטערגאַנג אַ שפּיגל געטון און נאָך הייסער און פייערדיקער געוואָרן. די אָטעמס זייערע, פרישע און וואַרימע, האָבן זיך פון איינעם צום צווייטן געטראָגן מיט דעם רייעך פון רויזן־צוויט. פון פּאַראַסקעס צעגליטע אויגן האָט אַף קאַרוצאַן אַ שפּריץ געטון אַ בלוי שטיק פייער און אים אָפּגעבריט, געלאָזט סאַרפּענען דעם גרויסן ברוינעם קערפּער זיינעם ווי אַ ניט אויסגעברענטן בליץ.

— וועסט ניט גיין!

ער איז צעטומלט געוואָרן פון אירע לאַסקעס און פון אירע קנעכטישע בליקן וואָס האָבן אים געצווימט און באַזיגט. ער האָט אַ קוק געטון צו סאָרקען, אַף איר צעשראָקן קינדיש פּאָנים, אַף אירע גרויסע בעטנדיקע אויגן און עס האָט אים באַם האַרץ אַ ריס געטון. קאַרוצאַ האָט זיינע הענט ארום פּאַראַסקעס קערפּער ארומגעוויקלט. זיינע גראָבע פליי־שיקע ליפּן, זיינע נאָזלעכער און אויגן־לעדלעך, זיין גאַנצע פּוערישע קראַפט, האָט זיך אַ וואַקל געטון אונטער פּאַראַסקעס הייסע קנעכטישע בליקן. נאָר באַלד איז ער צו זיך געקומען. ער האָט אַ שווערן סאָפּע געטון און זיך פון אירע אָרעמס באַפרייט.

— אָט פאָרן די אידישע פּלאַנטאַציע־אַרבעטער צו אונדז. ס׳איז ניט שיין. אַלע וועלן לאַכן...

די באַפּטע אידישע מיידלעך מיט די שטעקנס און ריסקעליעס אין די הענט, האָבן זיך אַ לאָז געטון צו קאַרוצאַן, ווי צו אַן אייגענעם. זיי האָבן

אים דערקענט. סאָסקע האָט גלייך דעם ריסקל פון די הענט אוועקגע־וואָרפן און זיך אָנגעהאַנגען אַף קאַרוצאַן:

— אוי, דאָ ביזט דו גאָר! קאַרוצאַ, טייערער, אַ לעבן אַף דיין גויעשן קאָפּ, ביזט דאָך אַ גאָלדענער מענטש! וואָלסטו נאָר קיין שייגעץ ניט גע־ווען! דיינע איז דיך גאָרניט ווערט! — האָט זי' אים ארומגעכאַפּט פאַרן האַלדז און זיך געפרייט וואָס ס'איז אויסגעקומען געוואָרן אַ געפּערלעבע שלאַכט. — זאָלסט לאַנג לעבן, קאַרוצעלע, ברילִיאַנטעלע, ווי דו האָסט מיר אַ נייע נעשאָמע אריינגעזעצט!

פּאַראַסקאַ האָט זיך געגרויסט מיט איר כאָסן. זי האָט ווידער גע־וואָלט פאַר אירע כאָוערטעס די קראַפט אירע באַווייזן: זאָלן זיי קוקן און פּיקען: זי האָט דעם קאָפּ אירן קריגעריש אויפגעהויבן און זיך צווישן סאָסקען מיט קאַרוצאַן אריינגעשטעלט.

— קאַרוצאַ איז מיין כאָסן און ער טוט וואָס איך פאַרלאַנג! אפילע דער זשיפּוני' מאָשקע מיינער, איז שוין דער בעסטער גוטער ברודער קאַרוצאַס!...

פּאַראַסקעס באַרימעריי האָט קאַרוצאַן געקרענקט: וואָס איז ער, אַ באַבאַ?... פון קאַעם האָט עס אים פון אָרט אויפגעהויבן: פאַר סאַרקען אין די אויגן האָט די קאַלע זיינע געזאָגט, אז דער זשיפּוני מאָשקע איז שוין דער בעסטער גוטער ברודער זיינער... אזאַ כאַרפּע!... און וואָס וועט מאָרגן דער זשיפּוני יאָסקע זאָגן? אים, קאַרוצאַן, האַלטן פאַר אַ פּאַלשן, פאַר אַ ליגנער! דאָס בלוט זיינס, דאָס צעקאָכטע, האָט אים אין קאָפּ אריין אַ זעץ געטון: קאַרוצאַ, ביזט אַ מאַן, ניט קיין באַבאַ!... ער האָט געמאַכט אַ שפּאַן אַף צוריק און מיט דער גאַנצער קראַפט זיינער אראָפּ־געלאָזט דעם פויסט, ווי אַ שווער געוויכט פּאַראַסקען אין פּאָנים אריין.

די אָרומיקע זיינען דערשטוינטע מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן צו פּאַראַסקען צוגעלאָפן. די שיקסע האָט זיך אַ וואַקל געטון אַף אַרונטער ווי אַ בוים אַן אונטערגעשניטענער און איז אין סאָסקעס הענט אריינגעפאַלן. סאָסקע האָט זי גענומען טרייסלען און וועקן פון דער פאַרטייעטקייט:

— האָב אים אין דער ערד, דעם געזונטן גויעץ, פּאַראַסקאַ, נאָר! אז די אייזערנע לאַפּעס זיינע, זאָלן אים אָפּטריקענען!...

## גאָלדע קרימער

פּאַראַסקאַ האָט זיך לאַנגזאַם פון סאָסקעס הענט אויפגעהויבן און נאָך דער ערשטער צעמישטקייט, די צעשראָקענע אויגן אירע אָנגעשטעלט אויף די ארומיקע. זי האָט די פינגער אפן פּאָנים ארויפגעלייגט, אויף דער נאָז, און דאָס בלוט האָט איר פון די ציין געשטראָמט און אויף איר פוין־רישן העמד אראָפּגערונען.

קאַרוצאַ, האָט אומרויק געביסן די נעגל פון די פינגער, האָט געגראָבן דעם גראָבן פינגער פונעם רעכטן באָרוועסן פוס אינעם גראָז און האָט פארלוירן געשמועסט:

— שלאָגסט נישט א ווייב זיבן יאָר, וועט זי א שלאַנג באַ דיר ווערן!...

סאָסקע איז אוועק צום נאָענטן ברונעם און דאָרט א טיכל איינגענעצט.

— נאַ, פּאַראַסקאַ, לייג צו צו די ציין און פייגערן זאָל ער, דער איי־זערנער שייגעץ דיינער! — האָט זי גאַזלאָנישע אויגן אויף קאַרוצאַן אָנגעשטעלט.

קאַרוצאַ האָט נאָך אַקשאָנעסדיקער דעם גראָבן פינגער פונעם פוס געגראָבן אינעם גראָז.

— זאָל זי נישט באַליידיקן דעם זשיפּוני יאָסקע מיינעם, זאָל נישט! האָט זיך צעהוליעט. ווי די באָבע יאָוודאָכע! צוויג!

איינע א שיקסע מיט א פּאַריסענער נאָז און לאַנגע ציין, וואָס האָבן ארויסגעשטעקט פון איר האַלב אָפענעם מויל אַזש ביז ארום אויף דער אונטערשטער ליפּ, האָט אירע גרויסע צעשראָקענע אויגן אויף פּאַראַסקען אָנגעשטעלט און אויף שטום־לאָשן איר געוואָרנט:

— נעם, בעט אים איבער, דו נאַר איינער! זיי, די אידישע מיידלעך וועלן אים פון דיר אָפּטשעפּן!...

פּאַראַסקע האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבן און געזען ווי קאַרוצאַ האָט מיט באַנג אפן פּאַרבלוטיקטן טיכל געקוקט. איר איז אין די אויגן ליכ־טיק געוואָרן. זי האָט דערזען די שיינע קודלע זיינע, וואָס איז אים אי־בערן שטערן צעשאָטן געווען, די גרינע פּאַרליבטע און צוזאַגנדיקע אויגן זיינע און דאָס קיילעכדיק שיסלדיק פּאָנים, דאָס שווארצע און פון

דער זון פאַרברענטע, וואָס האָט געגלאַנצט ווי אַ שטיקל בראַנדז. און דער הייסער אַנגעגליטער בראַנדז האָט זי ווי אהעליש פייער אָנגעצונדן. זי האָט אים אין די אויגן קנעכטיש און ראַכמאָנעסדיק אריינגעקוקט... ווי־דער האָט זי אים באַזיגט. אָ, די קנעכטישע בליקן אירע, אָן אויצער זיינען זיי געוועזן!...

ער איז צו איר צוגעגאַנגען און זי שווייגנדיק ארומגענומען. זי האָט די הענט ארום זיין האלדז ארומגעוויקלט און מיט איר גאַנצן פויערישן קויעך און ווילדער ליידנשאַפט זיך געקלאַמערט אין אים. מיט דער אומ־פאַרשעמטקייט פון אַ פאַרליבטער, האָט זי זיך איינגעגעסן מיט די ליפּן אין קאַרוצאַס האלדז, אין זיינע פליישיקע ליפּן און זיי געביסן ביז בלוט.

— טייערסטער, ליבסטער מיינער! — האָט זי דורך טרערן ארויס־גערעדט. — פונקט ווי דיר געפעלט וועל איך ווערן, ווי דיר געפעלט!...

קאַרוצאַ, אינגאַנצן אַ שיינענדיקער מיטן גרויסן ניצאָכן זיינעם, האָט אירע פלאַקסענע געדיכטע האָר געקושט.

— צויגעלע מיינס שלעכטס! די זשעברעלעך דיינע וועל איך דיר אונטערייסן, צעברעכן, אַז דו וועסט ניט פאָלגן! אַ ווייב אַז מען שלאָגט נישט זיבן יאָר, ווערט זי אַ שלאַנג...

די מיידלעך האָבן מיט קינע געקוקט אפן פּאָרל און זיך איבערגע־וואונקען:

— דאָס הייסט ליבע!...

נאָכעם האָט צו כאַימלען אַ זאָג געטון:

— אַזאַ גוי האָט מאַזל צו אַלצדינג... — און צו סאָסקען: — אַזאַ שטיקל ארבעט! פיין!

סאָסקע האָט אירע שיינענדיקע אויגן אפן זעקס פּודיקן אינגעלע אירן אָנגעשטעלט.

— באַ אונדז, נאָכעמל, וועט זיין דאָס פּאַרקערטע!

זי איז צוגעגאַנגען צו סאָרקען און זי גענומען טאַפּן באַם בויך, באַ די קליבעס, אונטערזוכן...

— טראָגסט אַ באַנד, סאָרעלע? עפּעס ביזטו מיר אַזוי קיילעכיק פּאָפּראַוועט, קיין בייז אויג...

## ג אָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

סאָרקע האָט אירע קלאָרע אויגן אַף סאָסקען אָנגעשטעלט.

— נאָכוואָס, נארעלע, דאַרף איך שוין אַ גאָרטען? אזא גרויסע מויד, מיינסטו, בין איך שוין?

קארוצא האָט זיינע גרינע אויגן אָנגעשטעלט אַף סאָסקען.

— אַ מיעסע אומע די ווייבער זיינען! נעם, סאָרע, פאָר אהיים, מיר נאָכניין, פונהינטן!...

ער האָט ארויפגעוואָרפן די פעלד־מאַכשירים צו נאָכעמען אפן וואָגן און אַ באַפעל געטון צו פאראסקען:

— קום, צויגעלע מיינס, לעבן מיר!

זי האָט זיך אַף די אַקסלען באַ אים אָנגעהאנגען. סאָסקע האָט זיך אָנגעהאנגען באַ נאָכעמען אַף די אַקסלען. אַלע איבעריקע זיינען אין אַ לאנגער ריי נאָך נאָכעמס וואָגן נאָכגעגאַנגען. שטיל און שווער האָבן זיי גענומען זינגען די מעלאָדיע פונעם פאָפולערן בעסאראביער ליד:

רומעניע, ווי איז דיר,<br>
האָסט פארכאפט בעסאראביע<br>
אָן אַ ווידערשטאנד!

---

כאימל האָט צו סאָרקען אַ זאָג געטון:

— זעסט, סאָרע, ווי שיין ס'איז! פאראסקע האָט אים ליב. זיי ליבן זיך. זיי נעמען זיך ארום...

סאָרע, וועלכע איז אַ שווייגנדיקע געזעסן אפן זיץ לעבן כאימלען, האָט אים מאָדנע אָנגעקוקט.

— רייד נישט, כאימל, אזוינע זאכן, ס'איז נישט שיין!

— וואָס האָב איך דען געמיינט מיט דעם, סאָרעלע. וואָס דו האָסט דיך באַליידיקט?

— גאָרנישט כאַימל, מיר געפעלט נישט ווען מיידלעך שטופן זיך אַזוי צו זייערע באַבערים. פּע!

— פאַרוואָס, סאָרקע, געפעלט דיר נישט?

— ווייל אַזוי! — האָט זי מיט דער צונג צוגעקלאַפּט. — ווייל, ווייל ער איז נאָך נישט קיין כאָסן אירער!...

כאַימלען האָט געוואונדערט איר ענטפער און גלייכצייטיק געפרייט. זי פאַרשטייט יאָ דעם זין פון נאָענטקייט. אים איז דאָס געפעלן. קיינער אויסער איר כאָסן וועט אַף איר קיין האַנט נישט אַרויפלייגן...

— אַ כאָסן, כאַימל, איז שוין עפּעס אַנדערש! — האָט סאָרעלע ווייטער געצויגן.

— און אַז איך, סאָרע?

זי האָט זיך אומרויק אַפן זיץ אַ דריי געטון און אים די האַנט אַפן מויל אַרויפגעלייגט.

— פּע, כאַימל, מען דאַרף נישט זיין אַזוי!...

כאַימל איז שטיל געבליבן. אים האָט ווי געטון וואָס ער האָט גערעדט צו איר אַזוי. ער האָט מוירע געהאַט ער זאָל דאָס קליינע ביסל נאָענטקייט ניט פאַרלירן. זיין עלנט און זיין שרעק פלעגן פאַרבלייבן אין איר אָנוועזנהייט. נאָך איין רעגעלע און ער לייגט אַוועק דעם קאָפּ באַ איר אַפן שויס און וויינט זיך אויס פאַר דער קליינער סאָרקען און בעט באַ איר ליבע און ראַכמים. ער האָט דאָס ניט געטון. זי וועט אים נישט פאַרשטיין די קליינע. און וואָס מער עס האָט אים צו איר געצויגן, אַלץ ווייטער האָט ער זיך פון איר אָפּגערוקט. בלויז מיט זיין ווייטיק וועט ער זי האַלטן נאָענט לעבן זיך... כאַים האָט אַף איר אַ קוק געטון:

— ניט גוט, סאָרע, צו זיין אַ פּליכטלינג, אַן אָרימער!...

— אָבער איך בין דאָך נאָך אַ קליינע, כאַימל, איך וויל ניט!...

כאַימל איז גערירט געוואָרן פון איר ערנסטקייט און ער האָט נאָך ערנסטער אַ זאָג געטון:

— אָן דיר, וואָלט איך... אוי, ביסט אַזאַ גוטע, אַזאַ טייערע און האָסט מיך אַזוי פיינט, אוי!...

## גאָלדע קרימער

סאָרען איז שווער געווען צו הערן זיינע רייד. זי האָט ניט געוואוסט וואָס אים צו ענטפערן און האָט אויך ניט געוואוסט צי דאַרף זי אינגאַנצן שווייגן. נאָר דעם עמעס מעג מען פּאָרט ארויסזאָגן. און זי האָט געזאָגט.

— כאַימל, דו ביזט דאָך ווי מיין ברודער, איך וויל אַז דיר זאָל זיין גוט, שטאַרק גוט. טאָמיד, זינט איך געדענק, בין איך מעקאַנע די מייד־לעך וואָס האָבן אַ ברודער...

— אז מען האָט ליב, סאָרעלע, איז מען אַליין אַף דער וועלט, ניט נאָר אַ ברודער, נאָר אַ טאַטע אויך!...

סאָרעס גרויסע פרומע אויגן האָבן זיך מיט אַ צאַרטן טרויער אָנגע־גאָסן און דאָס פּאָנים אירס איז געווען אָט טויט ערנסט און אָט ליכטיק פריידיק און אַ שטילע סוידעסדיקייט האָט אַף דעם געשוועבט.

— כאַים, דו קענסט קאַליטשקאַן, פּראָסינעס ברודער?...

כאַים האָט זיינע אויגן ברייטער צעעפנט און דערשטוינט אַ זאָג געטון:

— וואָס?... סאָרע!...

נאָר סאָרע האָט אים ניט געהערט. אירע גרויסע אויגן האָבן אויפ־געלויכטן ווי צוויי שטערן אין אַ פינצטערער נאַכט.

— אוי ווי שיין, ווי מאַלכעסדיק קאַליטשקע איז! און נעמט ער שפּי־לן אַף דער הארמאָשקע אָדער אַף דער גיטאַרע, שטאַרבן קען מען פון בענק־שאַפט! אוי!... די שיקסעס אין דאָרף פייגערן אוועק נאָך אים...

— אָבער, סאָרע, קאַליאַ איז דאָך אַ שייגעץ!... און דו האָסט גע־בענקט? נאָך וועמען? נאָך וואָס?...

סאָרע האָט אים דערשראָקן אָנגעקוקט. ער איז אינגאַנצן בלייך גע־וואָרן. זי האָט ניט געוואוסט פּארוואָס. נאָר דעם עמעס, ווייסט זי, מעג מען דאָך זאָגן. האָט זי אים געענטפערט:

— יאָ, כאַימל, טאָמיד ווען איך האָב געהערט קאַליאַן שפּילן, האָב איך געבענקט. איך ווייס ניט נאָך וואָס און נאָך וועמען.

— און אז דער טאַטע וועט וויסן, סאָרע, וואָס וועסטו דעמאָלט זאָגן?

— וואָס האָב איך דען געזאָגט, כאַימל, וואָס דו סטראַשעסט מיך מיטן טאַטן? — האָט אים סאָרע מיט ווייטיק אַ פרעג געטון. — פע!

## בעסאַראַביע אין 1918

באַים האָט אַ צי געטון די לייצעס. דאָס פערד האָט גענומען שפּאַ־נען גיכער. די רעדער האָבן זיך געקייקלט אין זאַמד און אַ געדיכטער וואָלקן שטויב האָט זיך געהויבן איבער דער בריטשקע. סאָרע האָט זיך אָפּגערוקט פון באַימלען און געשוויגן. אויך ער האָט קיין כיישעק ניט געהאט צו ריידן.

---

# כ. — סאָרקע ווערט אַ קאַלע

רייזל האָט ניט געקענט איינשלאָפן. קאַרוצאַ האָט איר אין אָוונט אָפּדערציילט, אַז סאָסקע האָט געטאַפּט סאָרקען באַם בויך. איר האָט דאָס ווײ געטון. איר סאָרקען באַליידיקט... נאָר געפּייניקט האָט זי אַ צווייטער געדאַנק. זי האָט געוואָלט וויסן צי איר טאָכטער פילט עפּעס צו כאַימלען דעם „בעזשעניק". זי האָט זיך אומרויק געדרייט אַפן גע־לעגער. די נאַכטיקע שטילקייט, דאָס רעגלמעסיקע אָטעמען פון איר מאַן, וואָס איז געלעגן אַ בלייכער און אַן אויסגעצויגענער אין צווייטן בעט קעגנאיבער, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט איר שטילן ציטער פאַר דער וואַ־רעמער נעסט, פאַר זייער שטילן און גליקלעכן פאַמיליען־לעבן. זי איז פונעם בעט אַראָפּגעגאַנגען. אַ בלייכע, מיט די ברוינע צעוואָרפענע האָר איבער דער פּלייצע, האָט זי זיך אויף די שפּיץ פינגער צו איר מאַנס בעט צוגעגאַנגען. זי האָט דעם אָטעם איינגעהאַלטן קעדיי אים דעם שלאָף ניט צו שטערן. דאָס האַרץ האָט איר גענומען קלאַפּן. יאָסקע, דער מאַן אירער, איז נאָך באָכעריש שיין... זי האָט דאָס גאָרנישט באַמערקט ביז איצט. אַזאַ גלייכער און פעסטער איז ער, דער יאָסקע אירער, אָבער הוילע צאָער איז דאָס פּאָנים זיינס. ער שווייגט שוין צופיל די לעצטע כאַדאָשים, זינט האָבן אים דערשלאָגן די רומענישע ראָצכים... ער באַהאַלט זיך נאָך אַלץ אויס פון היימישע, פון גוטע פריינט, פון אַלע די וואָס ווייסן אַז מען האָט אים געשלאָגן, אַז מען האָט אים געצוואונגען צו קריכן אין דער בלאָטע און צו טאַנצן מיט די פויערטעס אַרום קלויסטער... קיין איין מאָל האָט דער מאַן אירער ניט גערעדט מיט איר וועגן דעם, אָבער זי האָט אים פאַרשטאַנען. רייזל האָט אַ זיפץ געטון. גרויסע טרערן האָבן גענומען קאַפּען פון אירע אויגן. דאָס האַרץ אירס האָט זיך פון ווייטיק צוזאַמענגעדריקט: איר יאָסקע!...

# בעסאראביע אין 1918

יאָסקע האָט דערפילט דעם ווייבס אָטעם ארום זיך. ער האָט די אויגן געעפנט און אין שרעק א שמייכל געטון, ווי ער וואָלט זיך געריכט דערויף, אז דאָס ווייב זיינס זאָל אינמיטן דער נאכט שטיין לעבן זיין בעט און וואכן איבער אים. זי האָט אויך א שמייכל געטון, נאָר א פארשעמטן, א ניט דרייסטן, ווי דער יאָסקע אירער וואָלט טאקע געווען א באָבער, א כאָסן, און זי — די קאַלע... פע!... זי האָט זיך אונטערן לייַלעך אפן בעט פארקליבן און דאָס פּאָנים האָט איר געגומען פלאַמען פאר בושע. א ווארימע, אָן אויסגעצערטלטע, האָט זי זיך אין די פּוכענע קישנס איינגעגראָבן און גענומען ווארטן אפן מאַן אירן, דעם כאָסן, דעם שיינעם און שלאַנקען יאָסקע אירן...

יאָסקע האָט זיך פּלוצים אָפּגערופן:

— הערסט, רייזל, מיך הויבט ניט אָן צו ארן, וואָס די ווייבער, די נארישע מאכליארקעס, זאָגן וועגן קינד. נארישקייטן! דער כאימל איז א וואוילער, אָן אָרנטלעכער מענטש, נאָר וואָס ווארטן? ער שטארבט נאָך אירע טריט...

רייזלען האָט דער אָטעם פארכאַפּט. ניט געשלאָפן דער מאַן אירער? אָבער, ווי אזוי ווייסט ער אירע געדאַנקען? אָבער, ניין, ניט וועגן דעם האָט זי געטראַכט. ניט וועגן כאַסענע מאכן איר מיטן „בעזשעניק".

יאָסקע האָט ווידער א זאָג געטון, פּונקט ווי ער וואָלט לייענען זיין ווייבס געדאנקען:

— רייזעלע, אזוי פירט זיך די וועלט. דו אין אירע יאָרן, געדענקסט? רייזל!

רייזלען איז נאָך אומעטיקער און שווערער געוואָרן. אָט אָ דער פּרעמדער, עפּעס א כאימל, א „בעזשעניק", א שטילער, אָן אָרנטלעכער באָכער, וועט צונעמען איר טאָכטער... דאָס איז עס אינגאַנצן? זי איז אייפערזיכטיק געוואָרן און ניט פארגינערויש. ניין, זי האָט נאָך צייט. זי איז נאָך א קינד, די טאָכטער אירע. ווי לאַנג איז דען אין דעם? יאָסקע, דער אָמאָליקער רענדארסקער זון איז פארביי איר פּאָטערס קרעטשמע פארבייגעפאָרן. רייזל איז פּופצן יאָר אַלט געווען. א גרויסע און א פעס-

טע מייד, נאָך גרעסער ווי די טאָכטער אירע איז איצט. יאָסקע האָט זי געזען אַ באָרוועטע און אַ נאַקעטע באַם טייך. זי האָט זיך געבאָדן דעמאָלט מיט אַ כאַפּטע מיידלעך, שכיינים זייערע. יאָ, זי געדענקט נאָך איצט, ווי ער האָט געכאַפּט אַ קוק איבערן פּליטל פון זייער גאָרטן צום טייך צו. זי איז פון בושע שיר ניט איינגעזונקען געוואָרן. זי איז פונעם וואַסער ניט אַרויסגעקומען, ביז ער איז ניט אַהיימגעפאָרן. דעם צווייטן טאָג איז ער ווידער געקומען, נאָר שוין מיטן פאָטער זיינעם, איר שווער, זאָל אַ גוטן זכות טראָגן. ביידע טאַטעס, אירער און יאָסקעס, האָבן זיך צונויפגערעדט און דעם זעלבן אָוונט האָט מען געבראָכן טעלער. דאַווקע ניט געווען קיין ליובקעס, ווי באַ די היינטיקע מיידן. נאָר דאָס גאַנצע דאָרף איז זי מעקאַנע געווען. ביז היינטיקן טאָג. אַ שיינעם דאַנק דיר, גאָט! ס׳פאַרדריסט איר אַפילע וואָס איר יאָסקע האָט ניט ליב דעם אויסערלעכן פוץ. שכיינים ווערן צעזעצט פאַר קינע, ווען זיי זעען דעם קנאַק... ער האָט דאָס ניט ליב. דערפאַר אָבער די ערלעכקייט — זיין לעבן! זי איז אים אַלץ מוחל... זאָגן אים ניין, ווייל זי ניט, מען וועט זען!... אַז דער יאָסקע פאַרטראַכט זיך אַף עפּעס, ווייסט ער פאַרוואָס... נאָר באַמערקן מעג מען אים. דער דריטער צאַד האָט דאָך אויך עפּעס צו זאָגן... רייזל האָט אַ שמייכל געטון:

— דו, יאָסקע, ביזט שוין גרייט. צי וועט די קליינע אונדזערע באַשטיין? קענסט ניט מאָרקען, די וויינערן?

יאָסקע האָט זיך פאַרקלערט, אַריינגענומען די שפּיצן פונעם בערדל אין מויל און געקייט, ווי ער וואָלט איבערקייען עפּעס אַ האַרטע טרוקענע זאַך, וואָס די ציין זיינע קענען עס ניט טאָן. ער האָט מיט די אַקסלען געצויגן.

— צווינגען, רייזעלע, דאַרף מען טאַקע ניט, נאָר אָנווייזן, זאָרגן פאַרן קינד דאָס מוז מען. וואָס ווייסט זי? זי וועט זיך צו אים שפּעטער צוגעוואוינען. דאָס איבעריקע קומט שוין אליין פון זיך. דעריקער, רייזל, איז די אָרנטלעכקייט. אַ געטרייער באָכער, דער כאַימל. מירן אים גלייך נעמען סטאַרען פאַפּירן. פאַר אַפּלימעניק צושרייבן. יענער דרייט זיך אום מיט דער נעשאָמע אין די הענט. אַ גאָטס ראַכמאָנעס...

— און מיט אים, יאָסל, ביזטו שוין פאַרטיק? — האָט אים רייזל אַלץ געזוכט פון וועג אַראָפּצושלאָגן. יאָסקע האָט דאָס פאַרשטאַנען.

— יענע, רייזעלע, די באַלעבאַטישע, די סאָכרישע זינדלעך, וואָס לויפן מיט זעקל אונטערן אָרעם וואָס שטייען אָפּ באַם וועג שאָען לאַנג און כאַפּן אריין א פויער און נארן אים אָפּ... פע! דרייען זיך ארום מיר ווי ארום פויער... וואָס ווילן זיי? אָ? זאָל קומען אַן אנדערער מיט מער געלט, איז אויס! דער איז עפּעס אַנדערש, קענסט מיט אים מאַכן וואָס דו ווילסט. אומרויקע, ניט זיכערע צייטן, רייזעלע! דערפאַר אָבער דער פויער! אָ, מירן צוריק פאָרן אין דאָרף אריין, רייזעלע! א פּאָר בעהיימעס זענען פאראן, גאָט צו דאַנקען, אַביסל געלט אויך! מירן ווידער אויפּשטעלן א ווינטמיל. פויערים וועלן קומען ווי שטענדיק. אונדז וועלן זיי ניט לאָזן אָן ארבעט! א קינד וואקסט, א מיידל נאָך דערצו, זאָל זי דער מאַן אירער אינזינען האָבן!...

רייזל האָט געשוויגן. דעם מאַנס רייד זיינען איר יאָ און ניט געפעלן. נאָר שוין, אַף דער הייסער מינוט, וויל זי אים איר מיינונג ניט ארויסזאָגן. נאָר מיט סאָרקען וואָלט זי וועלן א שמועס טאָן. זי דאַרף האָבן סאָרען אַף איר זייט... זי איז פון בעט אראָפּגעגאַנגען און אַ צעשראָקענע אינמיטן צימער שטיין געבליבן. באַלד האָט זי זיך בארויקט: ס׳איז אוליאַנא באַם אָפענעם פענצטער. זי האָט זיך געוואונדערט: צוועלף אַזייגער באנאכט און די פויערטע זיצט נאָך דאָרט אַף דער פריזבע הינטער דער שטוב. אָט שטייט זי אין אָפענעם פענצטער מיטן פּאָנים אין איר שלאָפצימער אריין, א שווייגנדיקע, ווי א טויטע! א מאָדנע פויערטע, די אוליאַנאַ! אומעטום, וואו מען פארזייט זי ניט וואקסט זי אויס! זאָגן אוליאַנאָן, איר באַמערקן עפּעס, כאַלילע! עפּעס גוטס איז זי שטענדיק אויסן, די אוליאַנאַ!...

די פויערטע האָט זיך אַף דעם אָנלעג פונעם אָפענעם פענצטער אוועקגעזעצט און זיך געבייזערט אַף רייזלען:

— וואָס האָסטו דיך אזוי דערשראָקן פאַר מיר? ליגט זיך דער אַלטער הונט אַף דער פריזבע הינטערן פענצטער דיינעם! קיין בייז וועט שוין קיינעם ניט זיין! ער, אַן אַלטער הונט, ווער דאַרף אים און ווער

פרעגט אים עפּעס אַן אייצע! דיווינדלען מיטן פּאַסקודסטווע — פאַרן אַלטן הונט, נאָר... בעסער איז שוין שווייגן... — האָט זי רעזיגנירט מיט דער האַנט אַ מאַך געטון און זיך רויק אָפּ דער פּריזבע אַראָפּגעלאָזט.

יאָסקע איז צום פענצטער צוגעגאַנגען.

— גיי אַהער, אוליאַנאַ! וואָס אקשנסטו זיך? אַדעראַבע, זאָג עפּעס אַ קלוג וואָרט!

די פויערטע האָט זיך ווידער אויפגעשטעלט און אריינגעשטעקט די נאָז אירע גלייך יאָסקען אין פּאָנים אריין.

— מיר דאַרפן איר כאַסענע מאַכן, דער קליינער, מיט אַלע פּידשעווקעס, ווי באַ לייטן! וואָס, אַן אַלמאָנע איז זי באַ אונדז? צי האָט זי כאַלילע גאָר אונטערן גאַרטל; אַזאַ פּאָדלעסטע!... — די אויגן אירע האָבן זיך מיט האַס און מיט ווייטיק אָנגעגאָסן... איר סאָרע!... — אַ כאַסענע מיט אַ זשאַק*) וועלן מיר מאַכן! די פויערים זיינען קיין מענטשן ניט? אַזאַ פּאָדלאָסטע!...

— אַוואַדע זיינען זיי מענטשן! אַוואַדע, אוליאַנאַ! — האָט יאָסקע ווי זיך פאַרענטפערט. — און אויב אַ כאַסענע פאַר אידן, איז פאַר די פויערים אַ זשאַק. אַוואַדע!...

אין צימער איז געוואָרן לעבעדיק, ניט ווי צוועלף באַנאַכט, נאָר ווי באַטאָג אָדער ווי אין אַ גוטמוטלעכן אָוונט באַ אַ כאַסענע אָפּשטימונג. רייזל האָט געלאַכט.

— איר שטימט דאָ אָפּ די כאַסענע און איך וועל מיך אריינכאַפּן צו דער קאַלע... אַדעראַבע, זאָל זי כאָטשע וויסן!...

סאָרע איז געזעסן אָפּן אָנלען פונעם אָפענעם פענצטערל, די קניען אריינגעשטופּט אינעם בלויען נאַכט־העמד און זיך צעפלאָכטן די צעפּ צום שלאָפן. דערזען די מוטער, איז זי איבעראַשט געוואָרן. זי האָט זיך פאַרלוירן און פאַרשעמט: עפּעס זיצט זי שוין ווי אַ גרויסע מויד אפן פענצטער און שפּיגלט זיך אין דער נאַכטיקער בלויקייט פון הימל, קוקט אָפּ די שטערן, אָפּ דער לעוואָנע און... דאָ גאָר, די מאַמע!... זי האָט זיך

*) זשאַק. — אַ ברייטער וואָלעכעשער טאַנץ. אַ קאַראַהאָד.

## אין בעסאראביע 1918

אין בעטל אריינגעוואָרפן און אריבערגעצויגן דאָס ליילעך איבער זיך. נאָר די אויגן, די גרויסע און פארכאָלעמטע, האָבן זיך ארויסגעזען. רייזל האָט זיך אפן ראנד פון סאָרקעס בעט אװעקגעזעצט און איר אין בלייכן פּאָנים אריין געקוקט.

— שלאָפסט נאָך ניט, סאָרעי? וואָס פּלוצים?

סאָרען האָט דאָס הארץ אָנגעהויבן קלאַפּן שטארקער. זי וואָלט געוואָלט דערציילט דער מאַמען אַלץ וואָס כאימל האָט איר היינט פון וואַלד אהיימפאָרנדיק געזאָגט, נאָר ווי רעדט מען מיט אַ מאַמען פון אזוינע זאכן? אָבער שווייגן, אָפּנאַרן אַ מאַמע, פּע!... סאָרקע האָט זיך אומרויק געדרייט אפן איבערבעט און געוואָרפן די בליקן אין אַלע ווינקלען פונעם צימער, ווי זי וואָלט וועלן זען צי איז נישטאָ נאָך עמיצער אין צימער אַכוץ דער מאַמען.

— מאַמע! — האָט זי אָפּגעהאקט. — כאימל... כאימל...

זי איז אנטשוויגן געוואָרן און האָט אויסגעמיטן דער מוטערס בליקן. רייזל האָט דער טאָכטער דעם שטערן געגלעט.

— אין גאַס, סאָרעלע, טוט זיך אַן איבערקערעניש... מען דארף ניט פאָרן אזוי פיל אין וואלד אריין!...

סאָרע האָט זיך געוואונדערט:

— פארוואָס, מאַמע, טאָר מען ניט פאָרן? ס'איז אזוי שיין דער וואַלד!... —

רייזל האָט געקוקט אַף דער טאָכטער, וואָס איז נאָך שענער געוואָרן פון דער לעוואָנע־שיין, וואָס איז אַף איר פּאָנים געפאַלן. ניין, זי וועט איר גאָרניט זאָגן, דער טאָכטער... זי איז נאָך קיין פופצן יאָר ניט אַלט... צו וואָס דאָס איילן זיך? זאָגט דאָך יאָסקע אויך, אז צוריידן אָדער צווינגען די טאָכטער זייערע כאסענע צו האָבן מיטן „בעזשעניק" דארף מען ניט. פאראן נאָך ערלעכע באָכערים אין שטאָט. מיט אַ שיינעם נאָדן, מיט אויסשטייער, קען מען קריגן מער מעציע ווי דער כאימל איז... סאָרקע האָט זיך מיטאמאָל אין בעט אויפגעזעצט און האָט די אויגן ברייט אַ צעעפן געטון ווי זי וואָלט עמיצן אַ אומגעריכטן גאַסט אין צימער בי זיך דערזען.

— מאַמע, — האָט זי שוועך אַ זיפץ געטון. — וואו זאָל איצט זיין קאַליטשקאַ? פאַרוואָס קומט ער נישט צו אונדז?

די מוטער האָט קיין אַכט נישט געלייגט אויף דער טאָכטערס פראַגע. האַלטן זיי דען נישט אַלע פון קאַליען? אַ טייערער, אַן ערלעכער שייגעץ, אַ אידישע קאַפּאָרע... שטענדיק פּאָרט זי מיט דער טאָכטער אירער אין דאָרף אַריין צו זיי אויף זומער... טייערע מענטשן זיינען זיי אַלע... איצט זיינען זיי ז׳ערשלאָגן, נעבעך פאַראָרעמט געוואָרן זינט דעם פאָטערס טויט... נאָר וועמען גייט איצטער אָפּ דאָס פּערקען גאָר?! סע פּערקעט איר געגוג אין קאָפּ!... סאָרע האָט ווידער אַ זיפץ געטון און דאָס פּאָנים אירס האָט זיך ווייטיקלעך צעקרימט:

— פאָר צוויי יאָרן אין דער צייט זיינען מיר בא אַנדרייען אין דאָרף געווען. געדענקסט מאַמע; אַך, ווי שיין ס׳איז געווען! קאַליטשקע האָט מיך צוגעדעקט מיט אַ זאַק לעבן זיך אונטערן וואָגן און געשפּילט האָט ער אויף דער גיטאַרע. אַך! מאַמע, דיר געפעלט נישט קיין גיטאַרע, מיר יאָ!

רייזלען איז עפּעס אויפאַלנד געוואָרן. עפּעס רעדט זי די קליינע צו־פיל פון דעם קאַליטשקען. און זעענדיק די פאַרטראָגנקייט סאָרקעס האָט זי אַ שרעק און אַ פאַרצווייפלונג באַפאַלן. זי האָט די טאָכטער פאַר די אַקסלען אָנגענומען און זי גענומען צודרינגלעך פאָרשן:

— איז וואָס זשע געווען, סאָרעלע, ווען דו ביזט געווען לעבן אים, קאַליען?!...

סאָרע האָט די מוטער נישט פאַרשטאַנען.

— טאָמיר, מאַמע, וואָלט איך געוואָלט זיין לעבן קאַליען. אין דאָרף איז גוט!...

רייזל האָט שוין מער נישט געוואָלט הערן וואָס די טאָכטער וועט איר דערציילן. איר איז מיטאַמאָל שווער געוואָרן צו הערן דעם ליב וועגן קאַליען און וועגן דאָרף. זי האָט געקענט קאַליען, דעם צוואַנציק יעריקן שייגעץ. זי האָט געוואוסט, אַז מען מעג אים געטרויען. ער איז קיין שלעכטס נישט אויסן געווען מיט נעמען סאָרקען לעבן זיך, ווען זי איז צו אים אין גאָרטן אַרויסגעגאַנגען... האָט ער זיך דען נישט געשפּילט

מיט איר ווען ער פלעגט קומען צו זיי אין אַ מאַרק־טאָג מיטן פאָטער? און צי האָט זי עפּעס געזען שלעכטס, מענערישעס אין זיין לאַשטשען זיך צו סאָרקען? ניין! נאָר דאָס האַרץ אירס האָט גענומען פלאַטערן, זיך שרעקן פאַר שפּעטער. סאָרע ווערט עלטער, קאַליע אויך. און אויב זי האָט פריער קיין סייכל נישט געהאַט צו פאַרהיטן דער טאָכטערס נאָענטקייט מיטן שייגעץ... זי אַליין האָט די טאָכטער אירע פון גוטן וועג אַראָפּגעפירט!... און רייזל האָט שוין אין געדאַנק געזען סאָרען מיט קאָליען אינעם קלויסטער... דער גאָלעך מיט דער לאַנגער זשיפּעצע און מיט דעם לעמפּעלע אין דער האַנט, דרייט זיך אַרום זיי, באַשפּריצט זיי מיט דעם שמאַד־וואַסער און גיט סאָרען דעם גרויסן ציילעם צו קושן... איר איז מיטאַמאָל אין די אויגן פינצטער געוואָרן. רייזל האָט די פינגער פאַרבראָכן, און דורך טרערן געזיפצט: גאָט זיסער אין הימל, פאַרוואָס שטראָפסטו מיך אַזוי, פאַרוואָס?... סאָרע האָט דער מוטער אין פּאָנים אַריינגעקוקט:

— וויינסט, מאַמע? וואָס האָב איך דען געזאָגט?

רייזל האָט אָפּ גיך אָפּגעווישט די טרערן פון די אויגן און זיך באַמיט די שרעק אירע, אויב נישט פאַר זיך, איז פאַר סאָרען, אויסצובאַהאַלטן. זי האָט געטריבן פון זיך די שלעכטע געדאַנקען, ווי מען טרייבט פליגן פון אַ פרישׁ אויפגעשניטן ברויט. נישט קלערן פון וואָס געווען, ווען זי איז נאָך געווען קליין און נישט פאַרשטאַנען!... נאָר איצט, קיין מינוט. מער טאָר מען נישט וואַרטן... און עפּשער ווייסט דער מאַן אירער נאָך גרעסערע געהיימנישן? נישט אומזיסט האָט ער זיך אין דעם אָרימען באָכער פאַר זייער טאָכטער אָנגעכאַפּט!... און סאָרקע, דער שטאָלץ אירער, דער נאַכעס פון דער שטוב און פון זיין לעבן, איז פּלוצים פאַרביליקט געוואָרן אין דער מוטערס אויגן. אַן אומריינע נעשאָמע. כאַרפּעס בושעס וועט זי אין דער מישפּאָכע זייערער ברענגען... ווי שטאַרק רייזל וואָלט געוואָלט אַרויספאַלן דעם מאַן אירן אַפן האַלדז און זיך אויסוויינען פאַר אים!... אָבער ווי טוט מען דאָס? ווי ברענגט מען פאַרן מויל אַזעלכע ווערטער?... רייזל האָט זיך געווישט דאָס פאַרפלאַמטע פּאָניב מיטן נאַכט־העמד און האָט אייליק און נישט איבערגעקלערט גענומען

ריידן איבער איר טאָכטער ווי אַ געניטע שאַדכענטע, וואָס ציטערט פאַר איר שאַדכאָנעס.

— אַ טייער אינגל, דער כאַימל! די גאַס, די מיידלעך זיינען דיך מעקאַנע!... און ביז ווען דאַרף אַ אידישע טאָכטער זיצן באַם טאַטן? כיוויען ביזן גרויען צאָפ אַריין; אַלטע מיידלעך, טאָכטער מיינע, האָבן אַ טאַם ווי פאַרזויערט איבערגעשטאַנען קרויט...

סאָרע האָט נישט אָנגעהויבן פאַרשטיין פאַרוואָס מענטשן זיינען זי מעקאַנע און וואָס מען פאַרגינט איר נישט. כאַימל איז אַ פרעמדער, איר שטאַרבט אָפּ דאָס האַרץ ווען אַ זשאַנדאַר קומט צו זיי אין קרעטשמע אַריין, טאָמער כאַפּט מען אים... נישט פאַרגינערישע מענטשן דערגייען די גרעסטע נאַרישקייטן מיט זייערע איבערטרייבעכצן... נאָר רייזל, די מאַמע וואָס האָט ליב געהאַט די טאָכטער מער ווי אַלץ אין דער וועלט און איז דאָך גרייט געווען אַף די גרעסטע ווילדקייטן אויס מוירע פאַר אַ פלעק אין דער מישפּאָכע, האָט ווייטער גערעדט:

— איך אין דיינע יאָרן, טאָכטער מיינע, האָב שוין אויך כאַסענע געהאַט. און געקענט האָב איך דעם טאַטן דיינעם ווינציקער ווי דו קענסט כאַימלען. מען געוואוינט זיך צו צו אַ מאַן. אַ אידישע טאָכטער דאַרף פאָלגן טאַטע־מאַמע, מעקייעם זיין קיבעדאָוו, און אין דעם זכוס, סאָרע־לע, וועסטו האָבן לייטישע קינדער און אָפּגעגעבן ברויט וועט דאָס זיין!...

סאָרקען האָט געוואונדערט דער מאַמעס צודרינגלעכקייט. נאָר אי־בערפרעגן דער מאַמען אַזוינע זאַכן, איז עפּעס זייער נישט שיין... אַ מאַמע ווייסט וואָס זי זאָגט... פון דער אַנדער זייט איז זי אפילע שטאָלץ געוואָרן באַ זיך: די מאַמע רעכנט זיך מיט איר ווי מיט אַ גרויסער... וואָס וואָלט געווען ווען די מאַמע פרעגט זי אפילע נישט און מאַכט איר גלייך כאַסענע!... די מאַמע רעדט צו איר ווי צו אַ דערוואַקסענער, ווי צו אַ קאַלע... פיין!... סאָרקען האָט דאָס האַרץ גענומען קלאַפּן: ווי וועט זי מאָרגן קוקן דעם טאַטן אין די אויגן? און אים, דעם כאַימלען?... פע, אַזאַ בושע! אָבער, איצט וועלן זי די מיידלעך אין גאַס נאָך מער מעקאַ־נע זיין. און שוין נישט אומזיסט... זי וואָלט שוין געוואָלט דערלעבן דעם פרימאָרגן און זען ווי מען קוקט אַף איר אין שטוב און אין גאַס...

## בעסאראביע אין 1918

אוליאנא וועט איר שוין מער קיין דייעם נישט זאגן אף יעדן שפאן: זי וועט שוין זיין א קאלע־מיידל, און קאלע־מיידלעך זיינען שוין גרויסע מענטשן... איין זאך וואלט זי וועלן א פרעג טון דער מאמען: וואס זאגט דער טאטע אף דעם שידעך, צי וועט ער באשטיין... סארקע, אינגאנצן א צעטראגענע, א פארשעמטע, האט זיך געוואָרגן מיט די ווערטער און אויסגעמיטן, בא דער לעוואנע־שיין צו קוקן דער מוטער אין פאנים אריין.

— אויב דער טאטע באשטייט, ארט מיך נישט.

רייזלען איז א שטיין פונעם הארצן אראפגעפאלן. די טאכטער איז רע אין כאלילע נישט אזא... אויב זי וויל גארנישט קלערן וועגן דעם!...

— טאכטער מיינע, איינציקע פרייד, נאכעם מיינער! — האט זי סארקען ארומגעכאפט און איר אויסגעקושט די צעפלאמטע באקן מיט די גרויסע פרומע ברייט צעעפנטע אויגן. — זאלסט מיר מיינע ביינער איבערלעבן און א קאשערע אידישע טאכטער זאלסטו זיין!

---

## כא. — סאָרקע האָט כאַסענע

שיינע און וואַרימע טעג זיינען געשטאַנען, ניט ווי אין כיודעש עלעל, נאָר ווי אינמיטן טאַמעז. ביילע די שניידערן, אַן עלטער מיידל מיט קליינע קורצזיכטיקע אויגן און אַ געבויגענער פּלייצע פונעם שטענדיקן זיצן באַ דער מאַשין, האָט אויסגעזען יאָנטעוודיק אין צופרידן. פונעם באַהאַלטענעם שמייכל וואָס איז ערגעץ שטעקן געבליבן אין האַרץ באַ איר, זיינען קליינע שמאָלע קנייטשעלעך געשטאַנען ווי אָנגעצילעטע אַרום אירע מויל־ווינקלען און אַרום די אויגן. יאָ, זי האָט זיך געהאַט מיט וואָס צו פרייען, די שניידערן. די כופּע־קליידער פאַרעם זיינען איר אַרויס אויסגעצייכנט. די גאַנצע נעשאָמע אירע פלעגט זי אין איר אַרבעט אַריינלייגן, גלייך זי וואָלט קיין אַנדער פרייד ניט געהאַט אין לעבן ווי נאָר נייען כאַסענע־קליידער פאַר קליינע קאַלע־מיידלעך, וואָס זעען אויס ווי די מעכטער אירע... זי האָט זיי פאַרגונען, די יונגע קאַלע־מיידלעך, דאָס כאַסענע האָבן... ביילע האָט געמאָסטן מיטן צענטימעטער, געשטאַנען פאַר דער קאַלע אויף די קניען צוגעשפּיליעט מיט שפּילקעלעך און זיי באַלד צוריק אַרויסגעשלעפּט. זי איז געווען צעטראָגן פון גליק. באַלד וועט מען דאַרפן די קאַלע צום איבערפירן אָנטון... זי האָט זיך אַרומגעקוקט אין סאָרקעס צימער וואו די מאַשין איז געשטאַנען. אַ גאַנצן כוידעש איז דער קאַלעס טאַטע ניט אָפּגעטראָטן פון איר. זי געלערנט ווי צו באַפּוצן די קליידער, און דעם ווייבס. מאָדנע!

יאָסקע האָט זיך אינגאַנצן געענדערט זינט דער באַשטימונג פון זיין טאָכטערס כאַסענע. דאָס וואָס רייזל, דאָס ווייב זיינס, האָט אים אין אַלץ נאָכגעגעבן און אַפילע אונטערגעאיילט מיטן כאַסענע מאַכן דער טאָכטער, איז פאַר אים געווען אַ גרויס באַפרידיקונג. ער איז ניט דער ווילדער

## בעסאַראַביע אין 1918

דעספּאָטישער טאַטע וואָס מאַכט כאַסענע דער טאָכטער אַף אייגענער
אַכרייעס. ניין, אויך סאָרע איז צופרידן. ער זעט דאָס אין איר פריי־
לעכקייט. ווי צוויי קליינע קינדער שפּילן זיי זיך אין גאָרטן, שפּרינגען
איבערן שטריק אָדער שפּילן אין „מיאַטש”. אַזאַ נאַכעס! און פונעם נאַ־
כעס וואָס אַלע זיינען אַזוי צופרידן מיטן שידעך, איז פון אים דער גרויער
גליווער און די טעמפּע דערשלאָגנקייט אַוועק. ער האָט די געבויגענע
פּלייצע זיינע ווידער אויסגעגלייכט און אָנגעהויבן אומגיין אַ גלייכער און
אַ זיכערער ווי פריער, איידער דער רומען איז אַריין אין שטאָט. ניט נאָר
האָט זיך יאָסקע לעבן ביילע דער שניידערן ארומגעדרייט, איר באַפעלן
געגעבן און זיך געוויצלט: „רייזל מיינע איז נאָך אַ סאַך שענער פון די
שטאָטישע מיידן מיט דער שמינקע”... אויך אין קיך צו די סאַרווערנס
איז ער אַן אָפּטער אַריינגייער געווען. און זיי די ברייטע ווייבער, מיט די
הויכע בוזימער, מיט די גוידעריקע פּענימער און פאַרפלאַמטע באַקן האָבן
אים גערן אויפגענומען, ווי אַ גוטן גאַסט זייערן. זיי האָבן אים די ניס
געגעבן צו צעקנאַקן און אונטערשמירן די בעקנס פאַרן קאַמיש־ברויט מיט
די פלאָדנס: נישקאָשע, דער טאַטע מעג העלפן, האָבן זיי אים קאָמפּלי־
מענטן געמאַכט. און יאָסקע האָט זיי גרויסע בלעכן מיט בוימל און שיס־
לען מיט פּוטער אונטערגעטראָגן, פודנווייז מעל און געמאָלענעם צוקער
מיט האָניק...

— וואָס מער לעקעכער און טאָרטן! זשאַלעוועט ניט, וועט אַלץ אַרויס
ווי גאָט האָט געבאָטן!...

די ווייבער האָבן זיך מיט די אַרבל געווישט די פאַרמעליקטע פּעני־
מער און מיט די קעפּ צוגעשאָקלט:

— גערעכט, רעב יאָסל, אַז מען לייגט אַריין גוט, נעמט מען אַרויס
גוט. אַז מען קאָכט הוילע וואַסער, בלייבט הוילע וואַסער. גאָט זאָל אייך
מעמאַלע זיין, רעב יאָסל, ווי אַלץ איז באַ אייך מיט דער פולער האַנט.
זעט, קיין בייז אויג, ווי די בראָכע איז אין יעדן פּיצעלע אַריינגעקומען...
— זיי האָבן אים אַף די פולע קאַסטנס מיטן פאַרטיקן געבעקס אָנגע־
וויזן. — זעט, ווי ס'שיינט פון דאָרט אַרויס! און קיין העלפט איז פונעם
צוגעגרייטן נישט אַוועקגעגאַנגען.

## ג אָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

שיינדל די סאַרווערן, אַן עלטערע אידענע מיט רויטע אויגן, האָט אַ זאָג געטון:

— די נעגידים, אַז זיי מאַכן אַ סימכע, ציטערן זיי איבער דער סאַר־ווערן, מען טרויט איר ניט... די אייגענע הענט גלויבן זיי אויך ניט... נאָר פונעם טעלער, באַם טיש, מאַכט מען יאָ אַ פּאָר גראָשן אף זייערער אַ סימכע...

— און איך וועל ניט לאָזן שטעלן קיין טעלער! — האָט זיך יאָסקע אָנגערופן. — ס'איז כאָסדאַרגיש. איכל אליין צאָלן, מער וויפל מען קען האָבן פונעם טעלער...

די אידענע האָט מיטן קאָפּ צוגעשאָקלט:

— אַ ברייטע נעשאָמע, רעב יאָסל. — און אַז יאָסקע איז ארויסגע־גאַנגען פון דער קיך, האָט זי צו די איבעריקע סאַרווערנס אים נאָכגע־זאָגט: — ווער וואָלט זיך דאָס געגלויבט אף אַ פּאָשעטן מענטשן, אַ דאָרפס ־ איד!...

אויך אוליאַנאַ מיט רייזלען זיינען זעווען אויפגעלייגט און צופרידן. זיי האָבן אויפגעהערט קוקן אין יאָסקעס מינעס, צי איז ער פרייליך אָדער אומעטיק. זיי זיינען פאַרנומען געווען מיט אויסשטעלן אַ צעטל מעכוי־טאָנים, מיט שטאָפּן די געגנז מיט די אינדיקעס צו דער כופּע־וועטשערע. נאָר געקריגט האָבן זיי זיך זייער אָפט, די צוויי ווייבער. רייזל האָט גע־שריגן אף דער פויערע:

— גענוג שוין, אוליאַנאַ, צו קערן וועלטן, וועסט אומפאַלן ווי אַן אַלט פערד הינטערן באַרג!...

און אוליאַנאַ האָט אירע הענט אפן בויך ארויפגעלייגט און אומגליק־לעך מיטן קאָפּ צוגעשאָקלט:

— אַז איך האָב דאָ ניט וואָס צו טאָן, דאַרף מען ניט!... אומעטום וועט נאָך דער אַלטער הונט געפינען אַ דאַרע קרישקע צום גריזשען... אַוואַדע, באַם טאַטן באַ דיינעם, האָט אוליאַנאַ אַזוינס ניט געהערט!

נאָך אַזעלכע רייד פון דער פויערטע, האָט זיך רייזל אף איר אויס־געשריגן:

— נו, גוט, טרייב מיך ארויס און פאַרטיק!

# בעסאראביע אין 1918

נאָר אויסגעפירט האָט אוליאַנאַ. זי האָט די פּאַרקאָרקעוועטע פלע־שער מיט וויין און מיט ווישניק פון דער ערד ארויסגעגראָבן און זיי רייז־לען אונטערגעטראָגן:

— נאַ, גרייט צו דעם וויין, רייזל, דאָס איז פאר דיר אַן ארבעט! נאָר מיין ארבעט ריר מיר ניט אָן!...

זי האָט דאָס גראָז אינעם גאָרטן מיט אַ שארפער קאָסע אונטער־געשניטן און פיר גרויסע דרענגער אריינגעשלאָגן, אַ „סנאָוואַניע" אַף אַ טאַנץ זאַל, אַ טשעפּראַן.

יאָסקע האָט זיך געבייזערט:

— ווייבער אין הויזן האָבן מיין באַבעס טאַם. יעדער דאַרף זיין דאָס וואָס ער איז!...

די פוילערטע האָט מיטן גרויסן האַמער פאר יאָסקעס נאָז אַ פּאָכע געטון:

— אַז איר קומט נאָר קאַליע מאַכן מיט אייערע דייעס זאָגן! דאָס האַרץ צעטראַסקעט איר מיר!

אוליאַנאַ האָט קיינעם צו איר ארבעט ניט צוגעלאָזט. זי איז אַליין אַפן פּלויט געקראָכן, אַף די ארומיקע דעבער און האָט אַ ברעזענטענעם דאַך איבערגעצויגן איבערן טאַנץ־זאַל. צוגעבונדן גראָבע שטריק צו די שפּיצן ברעזענט און זיי מיט טיפע פלעקער אין דער ערד אריינגעקלאַפּט.

— אַזאַ גאָלע גאָרניט! — האָט זי שפּעטער צו סאָרקען געזאָגט. — ביזט ניט ווערט אַזאַ טירכע, טפו!...

סאָרע האָט געקוקט אַפן דאַך פונעם טאַנץ־זאַל און זיך געפרייט, ווי ס'וואָלט ניט געווען איר אייגענע כאַסענע, נאָר ווי אַן עלטערע שוועס־טער אירע וואָלט כאַסענע געהאַט און זי סאָרקע וועט שוין איצט אביסל מער אָנזען באַקומען, וועט שוין ווערן אַ גרויסע... זי האָט זיך אויך גע־פרייט מיט כאַימלס צופרידנקייט: ער האָט שוין אַ בעסאַראַבער דאָקו־מענט, אַ קוזין אירער איז ער איצט, כאַימל. ער איז רויק און ניט פאַר־זאָרגט. אַ שטיין איז פון איר האַרצן מיטאַמאָל ארונטערגעפאַלן. אויך אין גאַס זיינען די מיידלעך מעקאַנע. זי איז שוין אַ גרויסע, זי גייט שוין היינט כאַסענע האָבן און זיי — אַ מאַקע!... זי איז צופרידן געווען מיט

דער פרייד, מיט דער פרייד וואָס די פריינט פון די ארומיקע דערפער האָבן מיט זיך געבראַכט. אַלץ איז גוט און וואויל, אַ מעכייע צו זיין אַ גרויסע, אַ קאַלע־מיידל!...

דאָס אַלץ איז געווען אין די וואָכן פאַר דער כאַסענע. אינעם כאַסענע־טאָג איז שוין סאָרע ניט געווען אַזוי צופרידן. שוין צופיל ראַעש איז אין שטוב באַ זיי. און דאָס האָט זי ניט ליב. זי איז בייז און צעטראָגן. גאַנץ פרי איז שוין אַ מאַכנע אַרימעלייט, אָפּגעריסענע, מיט איבערגעדרייטע שיך, מיט רויטע און ברוינע פאַטשיילעס ארום די העלדזער, געשטאַנען ארום גאַניק. פון די צעכראַסטעטע רעקלעך האָבן ברודיקע העמדער ארויסגעקוקט אָדער האָריקע ברוסטן:

— שענקט עפּעס די אָרימע בעזשענצעס! — האָבן זיי זיי העגט געשטערקט צו יאָסקען מיט רייזלען. — יענעם דאָרט, מיטן בייטעלע אַפן האָרצן, גיט גאָרניט, ער האָט געגוג זופּגעשפּאָרט, דער שנאָרער... זאָל ער בעסער דאָס ווייב אינזינען האָבן, ניט יענער אָ!...

יאָסקע מיט רייזלען האָבן אַפן טישל אין גאַניק אָוועקגעשטעלט שיסלען מיט געבראָטענע פערטלען אָף און פרישע בולקעס אַ קויש און געטיילט די אָרימעלייט:

— שעלט זיך ניט! — האָט זיך יאָסקע באַ זיי געבעטן. — ס'איז דאָ פאַר יעדן!...

זיי האָבן אָנגעשטאָפּט דאָס עסן אין די טאָרבעס אריין און ווידער געבעטן:

— שענקט עפּעס אַ מאַלביש, נאַקעט און באָרוועס זיינען מיר!...

זיי האָבן זיך ארום גאַניק געדרייט און פארלאָפּן דעם וועג יעדן פון די מעכוטאָנים וואָס האָט געדארפט פארבייגיין:

— שענקט עפּעס אַן אָרימען בעזשעניק!...

דערזען אוליאַנאַן אַפן גאַניק, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צוריקציען:

— אַ כאָליערע אָף דער אַלטער נעכפּע! אַרבעטן רופט זי גאָר! די קישקעס וואָלט איך באַ יאָלדן פון די בייכער ארויסגעשלעפּט!...

די סאַרווערנס האָבן גרויסע פייערן אָף ציגל אין הויף צעלייגט און

גרויסע טשוהונעס ארויפגעשטעלט. די יויכן און די פיש קאָכן צו דער כופע־וועטשערע.

ביילע די שניידערן האָט די געפּרעסטע ארבעט אפן בעט ארויפגע־לייגט און שמייכלענדיק סאָרקען אריינגערופן:

— קאָלע, צייט זיך אָנצוטון! שוין דריי אזייגער!

עטלעכע דאָרפס מיידלעך מיט לויטערע פּענימער און ברייטע ווייסע קליידער האָבן זיך געדרייט ארום סאָרקען, איר אָפּגעצויגן דאָס לאַנגע ווייסע כופּע־קלייד, וואָס איז טיף אין איר געטאָקטער טאַליע אריינגע־פאַלן. דער לאַנגער שלעפּ באַם קלייד האָט זיך אפן פאָל נאָכגעשלעפּט און פארשטעלט די שפּיצן פון די ווייסע לייקענע שיך. דאָס האָט סאָרקען זייער פארדראָסן. קיינער וועט אירע נייע שיך ניט זען. האָט זי זיך אָנגע־בלאָזן, דאָס בלייכע פּאָנים אירס, פונעם רויגעז, פונעם טאָנעס, פונעם הונגער, איז פארטונקלטער און אויסגעצויגענער געוואָרן, די ליפּן צונויפ־געפּרעסט און די גרויסע פרומע אויגן מיט טרויער אָנגעגאָסן. זי איז דער־פון נאָך שענער געוואָרן. ביילקע האָט איר דעם ווייסן טול מיטן קרענצל בלימלעך אפן קאָפּ אָנגעטון און זיך געשטעלט פונווייטן באַקוקן די קאַ־לע... די שמאָלע קנייטשעלעך ארום אירע מויל־ווינקלען זיינען גרעסער און צעצויגענער געוואָרן, נאָר די קורצזיכטיקע אויגן אירע האָבן אַ מאָד־נעם גלאַנץ געטון:

— פּאַרטיק! — האָט זי מיט אַ טאָן פון אַ געניטן באַלמעלאָכע אַ זאָג געטון. — גאָט זיי דאַנק!...

די דאָרפס מיידלעך האָבן זיך צעפּילדערט:

— שיין ביזטו, סאָרעלע, ווי אַ מאַלעך!...

סאָרקען האָט דאָס ניט געוואונדערט. אַ אידישקעלע, ווייסט זי, דאַרף זיין אַ שיינע. אויך דאָס וויינען פון דער מוטער מיט אוליאַנאַן איז איר ניט אָנגעגאַנגען. אַף אַלע אידישע כאַסענעס, ווייסט זי, וויינט מען...

ביילע די שניידערן האָט פאַר סאָרקען דאָס קליינע שפּיגעלע אויפ־געהויבן:

— קוק דיך אָן, קאַלע!

סאָרקע האָט זיך געדרייט פאַרן שפּיגעלע, אויפגעהויבן דעם שלעפּ פונעם קלייד און גוט באַטראַכט די ווייסע זיידענע זאָקן און די לאַנגע שפּיצן באַ די שיך. אַלע פעלדעלעך אפן קלייד האָבן זיך צעווייעט פון סאָרקעס דרייען זיך אַף אַלע זייטן. אַ קלאָרקייט און אַ שימערירנדיקע ראָכוועס האָט געווייעט פון איר. דערצו די לאַנגע רויטע אוירינגלעך, וואָס כאָימל האָט איר געקויפט אַ מאַטאַנע, מיטן זייגערל אַף דער האַנט, צו דער ווייסער הענטשקע צוגעשפּיליעט. שיין, אַ מעכייע צו זיין אַ קאַ־לע!... נאָר באַלד איז איר פרייד פאַרשטערט געוואָרן. די מוטער, אַ פּאַר־פּוצטע אין איר נייעם ווייסן קלייד, מיט אַ ווייסער רויז אין דער פריזור, איז אַריינגעקומען מיט אַ טכינע אונטער דער האַנט. סאָרען האָט דאָס אין פּאָנים אַ קלאַפּ געטון. פון גאַנץ פרי אָן קלאַפּט מען איר אין קאָפּ אַזעלכע מיעסע זאַכן... וואָס וויל מען פון איר?...

רייזל האָט די טאָכטער באַקוקט און איר אין שטערן אַ קוש געטון. די מיידלעך מיט ביילע דער שניידערן האָבן זיך איבערגעוואונקען. סאָר־קע האָט דאָס באַמערקט. זי האָט זיך געשעמט. זי האָט געוואוסט, אַז זיי וועלן זיך אונטערהערן, ווען די מוטער וועט מיט איר אין אַ צווייטן צי־מער אַריינגיין. רייזל האָט סאָרקען אַרום דער טאַליע אַרונגענומען און מיט איר אינעם שלאָפצימער אַריינגעגאַנגען. ביידע הויכע און שלאַנקע. איינע מיט אַ כופּע־טול אפן קאָפּ און די צווייטע מיט אַ גרויסער ווייסער רויז אין דער פריזור, האָבן זיי אויסגעזען ווי צוויי שוועסטער. רייזל האָט זיך אפן ראַנד פון איר בעט אוועקגעזעצט און גענומען די טאָכטער אפן שויס צו זיך.

— קוק, סאָרעלע, וואָס דאָ שטייט געשריבן! לערן דיך!

סאָרע איז שטאַרק רויט געוואָרן. זי האָט געוואָלט אַנטלויפן פון דער מוטער. נאָר ווי שטעלט מען מעווייעש אַ מאַמע?... זי האָט געקוקט אין דער אָפענער טכינע און גאָרנישט ניט געזען אין איר. אַלע אויסיעס האָבן זיך ווי איבערגעדרייט און ס'האָט איר געשווינדלט פאַר די אויגן.

יאָסקע, אַ פאַרפּוצטער, מיט אַ שוואַרצן סורטוק, האָט דעם קאָפּ אַי־נעם אָפענעם טירל פון זייער שלאָפצימער אַריינגעשטעקט און צום ווייב אַ וואונק געטון:

## בעסאראביע אין 1918

— רייזעלע! גאָט איז מעזאָוועג זיוואוגים... דאָס איבעריקע קומט שוין אַליין!... —

רייזל האָט זיך אַליין אויך פאַרשעמט. ס'איז גאָרניט שיין, אַז אַ מאַן זאָל זיך איינהערן וואָס אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער שמועסן צווישן זיך... נאָר אַז יאָסעלע זאָגט, דאַרף מען פון זיינע רייד ניט אַרויסגיין...

די דאָרפס מיידלעך מיט רויטע סטענגעס אין די צעלאָזטע האָר זיינען צו סאַרקען אַריינגעלאָפן. רייזל האָט צו זיי אַ וואונק געטון:

— לאָזט זי צו רו!...

באַם אָפּשטימען די כאַסענע, האָט יאָסקע מיטן ווייב זיינעם אויסגענומען: — איך וועל ניט פירן די קאַלע איבער די גאַסן, ווי עס טוען אַנדערע... דאָס האַרץ איז ניט דערבײַ... און דערפאַר טאַקע האָט יאָסקע געלאָזט אויפשטעלן אַ טאַנץ זאַל באַ זיך אין הויף. דינגען אַ זאַל פאַר דער כאַסענע, וואָלט מען געמוזט איבערפירן די קאַלע און ערשט דערנאָך זי פירן צו דער גרויסער שיל, וואו מען שטעלט די כופּע, אין אַנדערן עק שטאָט... און יאָסקען גלוסט זיך ניט אַזאַ ראַעש... נאָר די שכיינים פון די אַרומיקע גאַסן, אַלטע ווייבער מיט די אייניקלעך אויף די הענט, יונגע באַלעבאָסטעס און מיידלעך, האָבן זיך געדרייט אַפן טראָטואַר פאַר יאָסקעס שטוב, זיך אויסגעזעצט אַפן גאַניק און די בענק מיט די טרעפּ:

— מיר ווילן זען די קאַלע!

דערזען די קלעזמער אַריינגיין, האָט מען זיך צו זיי אַ וואָרף געטון:

— וואַסילקע, געזונט און שטאַרק זאָלסטו זיין, אויפן האָבע וועסטו דיר פאַרדינען, הייס אַרויספירן די קאַלע!...

יאָסקע מיט רייזלען האָבן די טאָכטער זייערע אונטער די הענט אַפן גאַניק אַרויסגעפירט. סאַרקע האָט פון הינטערן טול, וואָס האָט איר דאָס פּנים פאַרדעקט, די אויגן אָנגעשטעלט אַפן מענטשן־שטראָם. זי האָט געזען ווי זיי קוקן אויף איר און אויף אירע עלטערן מיט די אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט. די מעכוטאָנים, ברייטע דאָרפס אידן, מיט צעקעמטע בערד און מיט גרויסע אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט, האָבן זיך געפירט מיט זייערע ווייבער, מיט די אידענעס אין פאַריקן און אַלטמאָדישע קליידער מיט לאַנגע שוואַרצע טוניקעס פון אויבן. די פּולבלוטיקע דאָרפס

מיידלעך, אויך מיט ליכט אין די הענט האָבן זיך געדרייט ארום די מעכוטאָנים און זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. די קלעזמער האָבן א שפּיל געטון. דאָס טראַסקען מיט די מעשענע טאַצן אויף דער גרויסער פּויק, די דינע קלאַרנעט־טענער, דאָס וויינען פונעם פידעלע, דאָס טרומייטערן פון די טרומייטערס און דאָס זשומען פונעם באַס ווי הונדערט זשוקעס צוזאַמען אין א זומערדיקער נאַכט, האָט אָנגעפולט די גאַס מיט פרייד און מיט טרויער. ווער ס'האָט א טרער געלאָזט און ווער עס האָט גענומען פליעסקען און נאָכזינגען דעם אַלטן כאַסענע־מאַרש. אויסגעגלייכטע, מיט שיינענדיקע פּנימער צווישן מעכוטאָנים און מעכוטענעסטעס, האָבן טאַטע־מאַמע די טאָכטער אראָפּגעפירט פונעם גאַניק און אין טאַנץ זאַל אריין אין הויף אריינגעפירט.

די ברעזענטענע ווענט פונעם טאַנץ זאַל זיינען געווען באַהאַנגען און באַקלאַפּט מיט שוואַרצע געבלימטע טעפּיכער. גרינע און רויטע רויזן אויף דער מאַטע געדעמפּטקייט האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין דער שרייענדיקער רויטקייט פון די קייטן אויסגעפלאַכטענע רויזן. וואָס זיינען אויף דער סטעליע און ארום די ווענט געהאָנגען. אויף א הויכן אָרט, די בינע, לעבן א טישל מיט גרויסע זילבערנע לייכטער, אין וועלכע עס האָבן געברענט גראָבע סטעאַרינענע ליכט האָט מען די קאַלע אוועקגעזעצט צווישן גאַנצע בינטן בלומען.

קאַרוצאַ איז ווי א וויכער אריין צווישן די אידישע מעכוטאָנים, אויסגעפּוצט אין א ניי רויט זיידן העמד איבער די הויזן, מיט א הויכן קאָלנער אַן אויסגענייטן ביז אונטער דער גאָמבע.

— איך ניט לאָזן קוקער קריכן אריין אין כשיפּואַן!... — האָט ער זיך מיט די שטייפע עלנבויגנס א וועג דורכגעשלאָגן צו דער קאַלע און פון קאָפּ ביז די פיס זי אָפּגעמאָסטן מיט זיינע גרינע לעבעדיקע אויגן.

— פאַרע שיין! פאַרע זיין גוט ווייב, באַ־כאַ־כאַ!

שאָלעם באַדכן, א הויך אויסגעטריקנט אידל, א רירעוודיקער ווי קוועקזילבער, מיט א לאַנגן גאָרגל און א טאַנצנדיקן קנאָפּ אין סאַמע מיטן אונטערן פאַריסענעם שיטערן בערדל, האָט אַנטקעגן געשוועבט די מעכוטאָנים און געפאָכעט מיט די הענט.

# בעסאַראַביע אין 1918

— לעקאָוועד דעם מעכוטן רעב יאָסקע, דער קאַלעס טאַטע זאָל מאָריך יאָמים זיין, אַ גאַנץ פיינעם מאַזל טאָוו געשפּילט!

אַלטע אידן און אידענעס, יונגע ווייבלעך אינדערמיט, מיידלעך מיט באָכערים, פאַרלייגט הענט אַף אַקסלען, די קעפּ פאַריסן, האָבן אַ טאַנץ געטון אַ בולגאַריש, געפלאָכטן די פיס און צוגעטופּעט אפן איינגעטראָטענעם גראָז. קאַרוצאַ, מיטן רויטן העמד, וואָס האָט געווייעט אַף זיין געזונטן נאַקעטן קערפּער, האָט אַ צעפלאַמטער פונעם טאַנץ אַ בריל ארויסגעלאָזט ווי אַ לייב:

— שאָלעמל, מיר אַ סיבע! איך האָב געלט! — האָט ער גרוים באַכעריש אַ וויז געטון אפן ברייטן לעדערנעם גאַרטל ארום זיינע לענדן. ער האָט אַ כאַפּ געטון פּאַראַסקען, די קאַלע זיינע, אין די הענט אריין און ביידע האָבן לייכט און שוועבנדיק ארום די ווענט, ארום די בענק מיט מעכוטאָנים זיך פאַרבייגעטראָגן. פּאַראַסקעס רויט קלייד מיט שוואַרצע רויזן האָט זיך צעווייעט, אירע פלאַקסענע האָר וואָס האָבן איר ביז דער טאַליע געגרייכט, האָבן אין שווינדלערישער גיכקייט ווי די פּעכערס פאַר יעדנס אויגן געפּאָכעט. יאָסקע מיט רייזלען, שיינענדיקע, האָבן גענומען צופּאַטשן מיט די הענט:

—בראַוואָ, פּאַראַסקע, בראַוואָ!

סאָרע איז געזעסן ווי אַ געפּענטעטע לעבן דעם טישל. זי וואָלט איצט אזוי געוואָלט טאַנצן, נאָר עס פּאַסט ניט. זי ווייסט אַז אַ קאַלע דאַרף זיצן סטאַטעטשנע, פיין, אזוי ווי די מאַמע האָט איר אָנגעזאָגט פאַרן איבערפירן...

כאַנציע דעם פעלצנמאַכערס איז אָנגעקומען. זי האָט זיך נאָכגעטראָגן דעם שלעפּ פון איר ווייסן געבופטן קלייד מיט די גרינע בלעטער. דאָס קייטעלע אפן האלדז מיטן גאָלדענעם זייגערל האָט געבליאַסקעט. זי האָט געזען ווי מענטשן קוקן אַף איר, זיינען אירע רויטע, פּוכקע באַקן נאָך רויטער געוואָרן און אַ שוואַרצער לאָק האָט זיך מיטאַמאָל ארויסגערוקט פונעם מעפּלדיקן היטעלע אַפיר. זי האָט זיך מיט דער קאַלע צעקושט:

— מאַזלטאָוו דיר, סאָרעלע! גאָט זאָל דיר העלפן זאָלסט דיך עלטערן אין אייסער און אין קאָוועד מיט כאַימלען איניינעם און זאָלסט ניט זיין

קיין... — טרערן האָבן זיך איר אין האַלדז געשטעלט און ניט געלאָזט אַרויסריידן.

— קיין בעזדיטנע!... — האָבן איר די אַרומיקע ווייבער אַרויס־געהאָלפן.

כאַנציע האָט זיך געכאַפּט אַז מענטשן זעען איר טרויער און דאָס האָט די קליינע ליטוועטשקע נישט ליב געהאַט. האָט זי דעם אַלטן אָפּ־געקראָכענעם פּעכער אירן, נאָך פון מיידלווייז, אַ צענעם געטון און זיך דאָס פּנים פאַרשטעלט מיט אַ מינע פון אַ זער כאָשעווער דאַמע. זאָלן זיי וויסן די בעסאַראַביער מאַמעליגעס, אַז אַ צייל-עם־קאָפּ גיט זיך אַן אייצע... אַרויסגעגאַנגען איז זי פונעם טאַנץ זאַל מיט ברייטקייט און ווירדע. כאַזשינסקי איז געשטאַנען בײַ דער טיר און זיך געגלעט די לאַצן פון זיין צוגעפּרעסטן אַלטן סורטוק און זיינע גרויסע באַנקע־אויגן האָבן אַף כאַנצען גערוט. זי האָט דעם קאָפּ אַ פאַרהויב געטון:

— קומט, פּאַני כאַזינסקי, צו מיר, דער כאָסן שטייט איין בײַ אונדז. מירן זיין כאָסנס צאַד!...

די מעכוטאָנים האָבן דער ליטוויטשקע מיטן פויער נאָכגעקוקט און זיך איבערגעוואונקען:

— אַן אַלטער אָפּגעריבענער סורטוק איז שענער פון אַ אידישער קאַפּאָטע...

אוליאַנאַ, אינגאַנצן אַ שיינענדיקע און אַ שוויינגדיקע, מיט אַ ברייטער געקעסטלטער קאָפּטע איבערן נייעם בלויען סיטצענעם קלייד, מיט אַ כאַך בייטשלעך רויטע און גרינע קרעלן אַפן האַלדז, איז אין טאַנץ זאַל אַריינגעקומען. אַ גלייכע און אַ שטאָלצע, האָט זי צווישן די מעכוטאָנים דורכגעשפּאַנט און די שפּיצן פון איר אויסגעפּרעסטער פּאַטשיילע אַפן קאָפּ זיינען געשטאַנען דיבאָם ווי צוויי פּוילישע וואָנצעס. אויפגעשטעלט און גאַדלעסדיק. זי האָט זיך לעבן דער בינע אַוועקגעשטעלט און שטום האָט זי אַף סאָרקען געקוקט.

— קלעזמער! — האָט שאָלעמל באַדכן אַ געשריי געטון. — אַ טאַטאַ אַ פּאַפּאַ! פאַר אוליאַנען מיט דער קאַלע אַ גאַנץ פיינעם מאַזלטאָוו אויפגעשפּילט!...

## בעסאַראַביע אין 1918

יאָסקע האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער קעשענע אַ געלט־פּאַפּירל און דאָס געוואָלט אַריינלייגן צו שאָלעמען אינעם מעשענעם טעצל. אוליאַנע האָט זיך פונעם אָרט אַ ריס געטון:

— אוליאַנאַ איז אויך אַ מענטש!...

זי האָט אַראָפּגענומען אַ לעדערן טאָרבעלע פונעם האַלדז. דאָס אויפ־געמאַכט מיט די ציין, און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ גאָלדן פינפערל.

— נאַ, שאָלעמל! — האָבן אירע אויגן אויפגעשיינט. — אָט מיט וואָס מען צאָלט פאַר אַ פאַטאַ אַ פּאָפּאַ מיט דער קאַלע!...

אין די לינקע הענט האָבן סאָרקע מיט אוליאַנאַן אונטערגעהאַלטן די שלעפּן פון זייערע קליידער און מיט די רעכטע געהאַלטן אַ רויטע פאַטשיי־לע באַ די שפּיצן. מיט אַ פאַרהויבענעם קאָפּ און מיט דער פאַטשיילע אינ־דערלופטן האָט זיך אוליאַנאַ געשיפּט און געבויגן רעכטס און לינקס, צוגע־קלאַפּט מיטן אָפּצאַס פונעם שווערן כראָמאָוון שטיוועלט און באַלד מיטן שפּיץ. סאָרקע האָט איר לייכט און ריטמיש נאָכגעשוועבט. די מעכוטאָ־נים אין אַ גרויסער ראָד אַרום האָבן צוגעפּליעסקעט מיט די הענט און געזונגען:

„שטאַרקער, בעסער! 17
„מאַכט דאָס רעדל גרעסער!
„גאָט האָט אונדז געבענטשט דאָס הויז!
„די מעזינקע גיב איך אויס!
„די מעזינקע אויסגעגעבן!
„סאָרקען אויסגעגעבן!"

דאָס טראַסקען פון די טאַצן, דאָס שאַלן פון די טרומייטן און דאָס פאַרגיין זיך פונעם קלאַרנעט, האָט דעם אוילעם פון די ערטער געהויבן.

— שאָלעם, אַ רוסאַסקאַ! — שרייט אַ ברייטפּלייציקער בעסאַראַביער און האַלט שוין די הענט אינדערלופטן און שוין קנאַקט ער מיט די פיס אָן דער ערד אַז די ווענט ציטערן.

# גאָלדע קרימער

שאָלעמל, אַ גרויסער קענער אַף געלט נעמען, שפּילט אָפּ יעדן פון די מעכוטאָנים באַזונדער, אַלט און יונג, קליין און גרויס. מען צעטראָגט די ווענט, דעם הויף, די גאַס ציטערט פון זייער קלאַפּן מיט די פיס און צו־פּליעסקען צו די טענץ.

דער אוילעם טאַנצט איין „לאַנסע” נאָכן צווייטן, שערן און קאַדרילן, קראַקאָוויאַקן און רומעניש סירבעס, רוסאַסקעס, פּאָלקעס און גויעשקעס. דער הויף איז פול מיט מיידן און באָכרים, אַנדערע האָבן זיך אַפּן פּלויט אויסגעזעצט, אַף די ארומיקע דעכער און מען קוקט אַראָפּ צו דער קאַלע און צו די מעכוטאָנים. אַ באָכער מיט אַ ברייט געשטופּלט פּאָנים טוט אַ זיפץ און זאָגט עפּעס אַ גראָב וואָרט און מיידלעך שושקען זיך:

— זי שמייכלט, ס'טוט איר האַנאָע...

נאָר באַלד דערהערן זיי זעלמעלע קאַצעווס קאָל און זיי צעשיטן זיך ווי מויבן פאר אַ שפּאַרבער.

— אַ כאָליערע אַף אים! זע ווי ער האַלט זיינע אויגאָנעם איינגע־שטאָכן אין דער קאַלע...

שקאָצים און שיקסעס ריידן צווישן זיך:

— ווען דער ראַבין גיט זיי פונעם גלעזל ווייַן צו פאַרזוכן און צע־ברעכט דאָס גלעזל מיט די פיס, ווערן זיי שוין מאַן און ווייב...

אַלטער דער פּעלצנמאַכער מיט כאַנציען האָבן דעם כאָסן, כאַימלען, אונטער די הענט אַריינגעפירט. דער אוילעם האָט אים באַוואונדערט:

— ווי שיין ער איז! ס'פּאַסט אים דער שוואַרצער סערדעט...

כאַימל האָט איבערגעדעקט סאָרעס פּאָנים מיט אַן עק פון איר טוך. ווייבער האָבן גענומען שיטן קאָנפעטן און שרייען:

— צו דער כופּע, קלעזמער, אַ פריילעכס! צווישן די מעכוטאָנים איז אַ ראַעש, אַ שטופּעניש, יעדער איינער וויל זיין נענטער צו דער קאַלע. גע־מיינט מ'עט שטעלן די כופּע לעבן דער שיל...

קלעזמער שפּילן, אַלטע אידענעס ווישן זיך די אויגן. מען וויינט:

— ס'זאָל דיר זיין ס'לעצטע מאָל, סאָרעלע!...

נאָר די כופּע האָט מען גאָר געשטעלט לעבן טויער פון יאָסקעס שטוב. און אַלץ איז צוגעגאַנגען אַף גיך, גלייך מען וואָלט זיך מיט עפּעס באַדאַרפט

אויסבאהאלטן. ווייבער האָבן זיך געשושקעט:

— ווער ווייסט וואו דער פייגער ליגט באַגראָבן...

אידן האָבן די שפּיצן קאַפּאָטעס אין די גאַרטלען פאַרשטעקט, ווייבער האָבן די שלעפּן אונטערגעהויבן און זיך אוועקגעלאָזט אין א טאַנץ פאַר כאָסן־קאַלע. קלעזמער שפּילן, הונדערטער ליכט ברענען. מען פירט נאָך דער כופּע דאָס יונגע פּאָרפאָלק צוריק אין זאַל.

אין זאַל פאַרנעמען שוין מעכוטאָנים ערטער באַ די טישן. עס ליגט שוין פאַר יעדן פאַנקוכן און אַף א פּאַפּירן סערוועטל פאַר יעדן א שטיק געפּרעסטער פלאָדן, האָניק־לעקעך און קאמיש־ברויט מיט א האַנט־לעקעכל פונעם אויוון. בראָנפן און ווישניק האָט מען פון גרויסע גלעזער געטרונקען. שיינדל די סארווערן, וואָס האָט זיך געדרייט צווישן די מעכוטאָנים, האָט דערזען ווי אַן אַלטע אידענע באַהאַלט דעם פלאָדן אינעם האַנט־בייטל און זי בייזערט זיך אַף איר:

— צוויי מאָל נעמט אַ גאַלעך!...

און יאָסקע בעט זיך:

— שיינדל, מען טאָר קיין מענטשן ניט מעווייעש שטעלן!... אַלץ איז מיט דער פולער האַנט!... זאָל זיין!...

סאָרע מיט כאַימלען זיצן נעבן טישל אַף דער בינע און טרינקען טיי מיט וויינשל־איינגעמאַכץ. ביידע זיינען זיי בלייך און צערודערט. סאָרע רוקט אים אונטער דאָס טעצל מיט געבעקס.

— נעם עפּעס אין מויל, כאַימל! — און זי האָט זיך געשעמט די אויגן צו אים אויפצוהויבן.

אוליאַנאַ האָט צוגערוקט דאָס טעלערל מיט געבעקס צו סאָרקען:

— עס! — און געקוקט אַף איר אַזוי געטריי און איבערגעגעבן ווי אַף אַ קינד, ווי בעיים זי האָט זי געוואַשן און געבאָדן, געוויקלט און אָפּגעהיט.

— זאָלסט מיר מיינעביינער איבערלעבן, באַבאָקולי מיינס! — האָט זי אַ מורמל געטון און איז ווידער אומעטיק געוואָרן.

רייזל האָט זיך אין דער פויערטעס אָרעמס אריינגעוואָרפן און זיך

צעבליפּעט ווי אַ קליין קינד. אוליאַנאַ האָט זי געגלעט און מיט באַהאַל־טענע טרערן זי געמוסערט:

— אַט, שוין ווידער געוויינט! פּע!

יאָסקע האָט זיך אומגעדרייט צווישן די טישן און געהאָלפֿן דערלאַנ־גען דאָס עסן: געבראָטענע און געקאָכטע פֿיש, געבראָטענע אינדיקעס, יויך מיט מאַנדלען, קאָמפּאָט און פֿרוכטן. דערנאָך נאַשוואַרגן, שאָקאָלאַדן מיט באָמבאָנעס אַף נאָך דער וועטשערע. קלעזמער האָבן געשפּילט איין פֿריילעכס נאָכן אַנדערן. מעכוטאָנים האָבן געפּליעסקעט און זיך פֿון די ערטער געהויבן. די גרויסע גאַז־לאָמפּן האָבן דעם אוילעם מיט די טישן באַליכטן. אַלץ האָט זיך געוויגט אונטערן קלאַנג פֿון מוזיק און פֿרייד.

דערזען צוויי הויכע אָפֿיצירן בײַ דער טיר, איז די פֿרייד מיטאַמאָל צעשטערט געוואָרן. יונגוואַרג האָט אויפֿגעהערט לאַכן און די אַלטע צו פּליעסקען. כאַימל איז בלייך געוואָרן און סאָרקען איז פֿאַר שרעק קאַלט און הייס געוואָרן: איר מאַן איז דאָך אַ טרייפֿענער...

סטינגאַטש, וועלכן מען האָט געבראַכט ער זאָל שפּילן צו דער כופּע־וועטשערע, איז צעטומלט געוואָרן. ער האָט דערקענט די צוויי לייט... זיינע לאַנגע ביינערדיקע פֿינגער זיינען ציטערדיק איבער די סטרונעס פֿור־נעם פֿידל געשפּרונגען און אַ דינער, קרישטאָל־ריינער וויינענדיקער טאָן, גאָר אַן אַנדערער פֿון די פֿריערדיקע, האָט זיך מיטאַמאָל צווישן אוילעם אַ גאָס געטון. כאַנציע האָט גענומען דעם פֿעכער אין דער האַנט און זיך געקילט דאָס צעפֿלאַמטע פּאָנים אירס.

— ער ספּילט דער ציגיינער, אַז ס'צענעמט די ביינער...

אַלטער דער פֿעלצנמאַכער האָט זיך די אויגן געווישט מיט אַ רויטער פֿאַטשיילע:

— אוי זאָגט ער!

באַלד האָבן זיך די טענער גענומען אויסלעשן ווי בײַ אַ מענטשן ווען די קויכעס גייען אים אויס. און אויך דאָס פּאָנים בײַ סטינגאַטשן איז בלייך, אָט גייט ער אויס... נאָר מיטאַמאָל גיט ער אַ שטורעם אויף און אַ צעוויג זיך און יאָמערנדיקע טענער שניידן זיך איבערן זאַל און אָט שאַלן זיי און רופֿן ערגעץ צו גיין, גיין און ניט אומקוקן זיך...

## בעסאראביע אין 1918

יאָסקע איז צו אים צוגעגאנגען און אים פאר דער האנט אָנגענומען. דער ציגיינער מיט דעם אידן האָבן זיך אַ לאַנגע רעגע שווייגנדיק אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן. אַלע מעכוטאָנים האָבן זיך אומרויק איבערגעקוקט. צוויי ווייבער זיינען צו סטינגאטשן צוגעגאנגען און זיך די אויגן געווישט.

— שפּיל, סטינגאַטשעלע, אַ אידיש שטיקעלע! אַ לעבן זאָל קומען אַף דיין גויעשן קאָפּ!...

און סטינגאַטש האָט ווידער זיינע שווארצע אויגן צוגעמאכט און טענער פון געוויין, פון האַס און פארביטערונג, פון געבעט און האכנאָע, פון וויטיק און ביטאָכן האָבן פארשטיינערט דעם זאַל אין אַ טיפן שטילשווייגן. ווען ער האָט די אויגן געעפנט, שווארצע און מיט אַ טוי איבערגעצויגענע אויגן, האָבן זיי זיך מיט די צעווייטיקטע אידישע פּענימער באַגעגענט. סטינגאַטש האָט זיך אויסגעגלייכט און גענומען אַ דינעם גלעטנדיקן טאָן, אַ רויקן, ווי די רויקע פון נאָך אַ שטורעם, און דער טאָן איז געוואָרן אַלץ ברייטער, ראַכווועסדיקער, ווי ער וואָלט גאָטס איידעס אַף די רויקע וואסערן ארויסגעפירט און אַף שטילע גרינע פעלדער אויסגעשפּרייט און דער אוילעם האָט גענומען אָפּזיפצן:

— געבענטשט פון גאָט!

רייזל האָט די צוויי אָפּיצירן אוועקגעזעצט אויבן אָן לעבן כאָסן־קאַלע און זיי דערלאַנגט אַ טאָץ מיט מאַכאָלים:

— סערווירט זיך! — האָט זי זיי געבעטן און מיט איר העפלעכער מינע פארדעקט איר אומרו.

שאָלעמל באַדכן האָט זיך אינמיטן זאַל אַף אַ באַנק ארויפגעשטעלט, אַ פאַריים דעם קאָפּ, וואָס האָט זיך אים נאָך מער ווי פריער געהוידעט אַף זיין דינעם גאָרגל, פונעם איבעריקן ביסל בראָנפן וואָס ער האָט גענומען און געפּרואווט מונטערן דעם אוילעם, וועקן פון דער פארלוירנקייט:

— אידן, ווייבער, מעכוטאָנים, מעכוטענעסטעס, קאַלעס צאַד, דראָשעגעשאַנק!

ס'איז געוואָרן אַ טומל־צווישן די געסט. נייגיריקע בליקן זיינען פון איינעם צום צווייטן געשוואומען מיט אַ שושקעריי:

ג אָ ל ד ע   ק ר י מ ע ר

— וויפל גיט איר, רעב אַלטער;

— און איר וויפל, רעב זאָרעך?...

— דער קאַלעס עלטערן, זאָלן לאַנג לעבן, שענקען דראָשע־געשאַנק פינף יאָר קעסט און אַ האַלבע שטוב! — האָט שאַלעמל אַלעמען איבער־געשריגן.

— בראַוואָ, בראַוואָ פאַר די טאַטע־מאַמע! — האָט יונגוואַרג זיך אַ שאָט געטון צו רייזלען מיט יאָסקען און זיי אַרומגעשטעלט פון אַלע זייטן.

שאַלעמל וואַרפט מיטן קעפּל אין אַלע זייטן, ער זוכט די הויפּט מע־כוטאָנים, וואָס זיינען געזעסן אין די ווינקלען און ער האָט זיי געפונען.

— דראָשע־געשאַאַאַנק! רעב אַלטער פעלצנמאַכער מיט זיין ווייב כאַנציע, זאָל מאַריך יאָמים זיין, שענקען טויזט לעי דראָשע־געשאַנק!... רעב מוישע אויפער מיטן ווייב און זעקס קינדערלעך זאָלן געזונט זיין — פינף הונדערט לעי דראָשע־געשאַנק!

די רומענישע אָפיצירן האָבן קייענדיק די מאַכאַלים אַ פרעג געטון בא סאָרקען:

— וואָס שרייט ער דאָרט דער זשידאָן?

— דאָס שרייט ער אויס די נעמען פון די, וואָס האָבן מיר געבראַכט מאַטאָנעס צו דער כאַסענע...

די צוויי אָפיצירן האָבן זיך איבערגעקוקט און גענומען עסן גיכער געשלונגען, ווי עמיצער וואָלט זיי געיאָגט. אָפּגעפּאַרטיקט, האָבן זיי זיך אויסגעגלייכט און העפלעך, ווי עס פּאַסט פאַר אָפיצירן און געסט, זיך פאַרנויגט, געקושט סאָרקען די האַנט און מיט די שפּיציקע היטלען אין די הענט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג דורכן אוילעם אינדרויסן אַרויס.

יאָסקע האָט פרייער אָפּגעאָטעמט: גאָט זיי דאַנק, זיך אָפּגעטראָגן די קלאַווים... שאַלעמל האָט געשמייכלט:

— איך האָב זיי באַקלערט, אַ, רעב יאָסל!...

אינמיטן האָט זיך קאַרוצאַ מיט אַ גרויסן בינט אפן קאָפּ צווישן די מעכוטאָנים אַריינגעריסן. זיין פּאָנים, דאָס שיסלדיקע און די גרינע אויגן

## בעסאַראַביע אין 1918

האָבן געשיינט מיט ניצאָכן און גרויסקייט. פּאַראַסקע, די קאַלע זיינע, האָט אים באַם זוים פונעם העמד צוגעהאַלטן:

— לויף ניט אַזוי, קאַרוצאַ, איך וועל נאָך דאָ שטעקן בלייבן צווישן די מעכוטאָנים! — זי האָט אים דערביי געקלאַפּט מיט דער קניע אין הינטן און אין אויער געשעפּטשעט:

— זאָל דער מיין נאָמען אויך אויסרופן, געדענק!

קאַרוצאַ האָט דעם בינט אַנידערגעטראַסקעט אַף דער באַנק לעבן שאַ־לעמלם פיס, אַז שאַלעמל איז שיר ניט אַרונטערגעפלויגן. קאַרוצאַ האָט געצאַפּלט פון אומגעדולד און פרייד:

— מיך שאַלעמל, רוף אויס, מיך!

פּאַראַסקע האָט דעם כאָסן אירן אָפּן פּוס אָנגעטראָטן:

— מיך אויך!

— יאָ, שאַלעמל, זי אויך! זי, די צויג, מיין קאַלע, כאַ־כאַ־כאַ! — און זיינע ווייסע גרויסע ציין האָבן פונעם מויל אַרויסגעשיינט.

פּאַראַסקע האָט זיך ניט געקענט באַהערשן זי איז אַרויס אַף פריער, האָט אַ כאַפּ געטון דעם בינט מיט דער מאַטאָנע. מיט די ציין האָט זי דעם שטייפן קנופּ פונעם בינט אויפגעקנופּט און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט אַ גרויסן שיין געבלימטן טעפיך. זי האָט דעם טעפיך אַף קאַרוצאַן אַ פאַר־וואָרף געטון און מיט עקסטאַז צו די מעכוטאָנים אויסגערופן:

— זיין געלט, מיינע אַרבעט! — און דאָס פּאָנים אירס, באַלויכטן פון די לאָמפּן, איז נאָך ליכטיקער געוואָרן פון די בליקן וואָס זיינען אַף איר געפאַלן.

אוליאַנאַ איז געשטאַנען מיט אַ גרויסן געפלאָכטענעם קויש אָפן בויך לעבן שאַלעמלען און ער האָט אַהין אַריינגעוואָרפן דעם דראָשע־געשאַנק: טייערע געפעסן און זילבערנע לעפל מיט גאָפּלען, געשליפענע גראַפינען און פּערסישע בלומען־טעפּ.

ווען דער קויש איז פול געוואָרן, האָט זי אים אין סאָרקעס שלאָף־צימער אַריינגעטראָגן און אים צופוסנס דעם בעט אוועקגעשטעלט. זי האָט זיך אויסגעגלייכט און זיך לאַנג אין אַלע ווינקלען פונעם צימער אַרומגעקוקט. זי האָט באַלד אַ גרויסן קאַסטן פון דער קיך אַריינגעשלעפּט

## גאָלדע קרימער

אוי אים אויפגעשלאָסן. לאַנג האָט זי אין אים אַרייַנגעקוקט, געזיפצט און זיך די אַלטע אויגן געווישט. פונעם קאַסטן האָט זי אַרויסגעלייגט אַף סאַרקעס בעט ווייסע אויסגענייטע פויערישע קאַפּטעס און געשטיקטע האַנטעכער מיט טישטעכער, ציכן און לײַלעכער מיט אויסגעהעפּטע שפּיצן באַ די ברעגן. זי האָט אַלץ איבערגעקוקט און צוריק אין קאַסטן צונויפגעלייגט און אים פאַרשלאָסן. זי האָט זיך פאַרן קאַסטן אַף די קניען אַראָפּגעלאָזט און אים איבערגעציילעמט:

— גאָט אין הימל, שענק אונדז דײַן גענאָד! זאָל זי דאָס פאַרנוצן געזונטערהייט!...

---

אינעם בלויען פאַרטאָג וואָס האָט אין קילקייט גערוט און געטויעט אונטער דינע ווינט־כוואַליעס ווי אַ בלויער עמאַל־אויסגוס, האָבן זיך די מוזיק־קלאַנגען צעטראָגן, צערשט אַזוי שטיל און זיס ווי דער כאָלעם פון דער יוגנט און דערנאָך אַלץ שאַרפער, ווי דאָס געוויין פון באַליידיקטער ליבע.

סאָסקע דעם סטעלמאַכס איז אינעם הויזן העמד באַ זיך אַפן גאַניקל אַרויסגעקומען. די בלאָנדע האָר זײַנען איר אַף די באַקן געפאַלן און אָפּגעווייעט די וואַרימקייט פון זיי.

— יאָסקעס כאַסענע גייט! — האָט זי אין שטוב אַרייַנגעשריגן.

אַף איר רוף איז דער אַלטער סטעלמאַך מיט דער ברייטער צעשויבערטער בעזים־באָרד אַפן גאַניקל אַרויסגעקומען. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף די טרעפּ לעבן דער טאָכטער. מיט איין האַנט האָט ער צוגעהאַלטן די צעשפּיליעטע טאַכטוויניס, וואו ס'האָבן קנעפּלעך געפעלט און מיט דער צווייטער האָט ער אַ דעכעלע איבערן שטערן געמאַכט.

— רוף אַרויס די מאַמע, סאָסקעלע! זיי זײַנען שוין טאַקע דאָ נאָנט, די כּזעבוטאָנים!...

באַלד איז אויך ברײַנדל, סאָסקעס שוועסטער, מיט דער מוטער אַרויסגעקומען. מאַמע און טאָכטער האָבן זיך געהילט אין אַ גרויסן טערקישן שאַל,

## בעסאראביע אין 1918

— זאָל כאָטש אויבן זיין פארדעקט... — האָט זיך די אַלטע סטעל־מאַכקע צו דער טאָכטער געטוליעט.

יונגע באָכערים און מיידלעך פון די ארומיקע שטיבער, האָבן די צע־שויבערטע קעפּ פון די אָפענע פענצטער אינדרויסן ארויסגעשטעקט. און באַלד זיינען די גאַניקלעך פול געוואָרן מיט מיידן און ווייבער אין די הײַלע העמדער, מיט האַלבע ארבל ביז די עלנבויגנס.

— הערסט, סאָסקע, ס'קריכט אין דער נעשאָמע אריין דאָס מין שפּילעכץ. — האָט דער אַלטער סטעלמאַך א זיפץ געטאָן און גענומען זוכן די רויטע פּאַטשיילע אין דער הינטערשטער קעשענע און זי ניט געפונען.

— יאָ, טאַטע, ס'ציפּט בא דער נעשאָמע. — האָט סאָסקע צו איר נאָכעמלען אַקעגנאיבער אפן גאַניקל פארליבטע אויגן געוואָרפן...

באַלד זיינען פונעם ראָג גאָס די קלעזמער מיט די מעכוטאָנים אָנ־געקומען. מידע, מיט פארשטויבטע שיך און צעקנייטשטע קליידער, האָבן זיי זיך איבער אַלע גאַסן אומגעשלעפּט. אַלטער דער פעלצנמאַכער און כאַזשינסקי האָבן געהאַלטןביידע א רויטע פּאַטשיילע פאַר די עקן, און מיט צעפלויגענע פּאָלעס און פאריסענע קעפּ אויסגעטאַנצט א כאָסידל און א וואָלקן מיט שטויב האָט זיך ארום די איבעריקע מעכוטאָנים גע־טראָגן. כאַנציע מיט מאַנקען, די אייביקע קעגנערנס, האָבן די ברייטע קלײדער אין די גאַרטלען פארשטעקט און געפּליעסקעט, געטאַנצט א גויעשקע פאַר כאָסן־קאַלע מיט די עלטערן. אוליאַנאַ מיט רייזלען, אינ־גאַנצן פארשטויבענע און מידע, האָבן זיך ווי די קליינע קינדער פאַר די ווייזפינגער געהאַלטן און געשוויגן. די פויערטע האָט אירע קלוגע אויגן צו רייזלען אויפגעהויבן און זיך געבייזערט:

— איז וואָס אזוי טרויעריק, מאַמע נארישע?... — און אַליין כאַפּט זי א וויש מיטן ארבל פון דער קאָפּטע איבער די אויגן אירע. — אזא פּאַדלעסט!...

— וועך, אוליאַנאַ, איז פּאַדלע, כאַימל; — האָט זי רייזל פארן פינ־גער א שלעפּ געטון.

## גאָלדע קרימער

אוליאַנאַ האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן און גענומען טאַנצן, שפּרינגען פּאַר רייזלען און געקנאַקט מיט צוויי פינגער אינדערלופטן.

פונעם צווייטן ראָג גאַס אקעגן האָט זיך אַ מאַכנע בעהיימעס אַ שאָט געטון. גערדיכט און געטוליעט איינע צו דער צווייטער, האָבן זיי די גאַנצע ברייט פון דער גאַס פאַרנומען. די מעכוטאָנים זיינען שטיין געבליבן.

דער פּאַסטוך, אַן אַלטער געהויקערטער פּויער מיט אַ טאָרבע אַף די פּלייצעס און אַ גראָבן שטעקן אין די הענט, האָט גענומען לויפן ארום די בעהיימעס, געוואָלט די טשערעדע איינהאַלטן, איז צווישן די קי געוואָרן אַ מעהומע. דער בוהיי, וואָס האָט מיט זיינע גרויסע הערנער צווישן די קי אַרויסגעקוקט, האָט אָנגעהויבן שפּרינגען און ווילד זיך ווארפן אַף די ארומיקע מענטשן. איוואַן, דער אַלטער ציגיינער וואָס האָט געשפּילט אַפן באַס, האָט די קיילע זיינע אין דער הויך אויפגעהויבן, געוואָלט זיך מיט איר פונעם בוהיי אויסהיטן. נאָר ער איז שוין אַפּאָנים צו שפּעט געווען און איוואַן איז אומגעפאַלן, נאָר דער באַס זיינער איז שטעקן געבליבן באַם בוהיי אַף די הערנער.

אידן און ווייבער פון די גאַניקלעך האָבן זיך אָנגעהויבן אין די שטיבער אריינשיטן. דער בוהיי נאָך מער צעווילדעוועט, איז מיט דעם באַס אַף די הערנער איבער דער גאַס אומגעלאָפן און זיך געוואָרפן אַף די ווענט פון די שטיבער. כאַסן־קאַלע מיט די עלטערן האָבן זיך אין אַ ליקל באַהאַלטן. כאַנציע האָט געקוויטשעט און גערופן:

— אַלטערקע, געזונט זאָלסטו זיין, אזא אָנסיקעניש!...

יאָסקע האָט אין זיין בערדל אריינגעשמייכלט:

— ס׳זאָל זיין צום גוטן!...

עטלעכע יונגע שקאָצים פון דער פּויערישער גאַס זיינען אָנגעלאָפן. זיי האָבן דעם ווילדן בוהיי געצוימט, דעם געלעכערטן באַס פון די הערנער אַראָפּגענומען און געהאָלפן דעם פּאַסטוך די צעטריבענע טשערעדע אין פעלד ארויסטרייבן. זיי האָבן געלאַכט:

— אידן האָבן קיין מאַזל ניט...

## בעסאראביע אין 1918

די מעכוטאָנים האָבן זיך קוים צונויפגעזוכט און האָבן פארשעמט צו דער ערד געקוקט.

— פאַרשטערט די שׂימחה! ניט באשערט געווען צו פארברענגען א קאפעליע...

באַלד האָט זיך די זון באוויזן. דער אוילעם האָט זיך באַרויקט.

א געזונטע פויערטע אין א גראָבן לייוונטענעם העמד, מיט צוויי פולע עמערס וואסער, איז די מעכוטאָנים אנטקעגן געקומען. זי האָט א גאָס געטון דאָס וואסער פאר די כאָסן־קאַלע און זיך איבערגעציילעמט:

— צו מאַזל פארן יונגן פּאָר!

---

## כב. — די איינגעשטילטע בעסאַראַביע

לאנג האָט מען וועגן דער כאַסענע גערעדט אין שטאָט. געווען איז עס אַ כאַסענע מיטן גאַנצן קנאַק, כאָטשע די כופּע האָט מען שוין ניט געפירט צו דער גרויסער שיל.

— ווער ווייס צי מען וועט נאָך קענען פּראַווען אַזעלכע כאַסענעס!...

— ער פּרעסט אָפּ דאָס לאַנד, דער רומען!...

— קוילעט אוים די פּויערים און שטיקט אוים די אידן!...

— געהערט וואָס ס'האָט זיך געטון אין טאַרטאַבונאַר?!...

— און אין יעדינעץ ...

— די פּריצים, קיין גוטן סאָף זאָלן זיי ניט האָבן... זיי האָבן אים אַראָפּגעבראַכט קיין בעסאַראַביע!...

— נאָר די באָלשעוויקעס וואָלטן זיך געקענט מיט זיי אָפּרעכענען, זיסער גאָט אין הימל!...

אין די רויקע שאָען, נאָר שווערע ארבעטס טעג און שרעק פאַר נייע קלעפּ און נייע גזיירעס, האָט דאָס בעסאַראַביער פאָלק שטיל געבעטן אָף זיין מאָשיעך, אָף זיין דערלייזער.

— ווען וועלן זיי שוין קומען און ארויסראַטעווען פונעם רומעני־שן גאָלעס ...

די דערפער און שטעטלעך זיינען געוואָרן אַלץ שיטערער און די טפיסעס אין די שטעט אַלץ געדיכטער. יאָ, אויך אין די טפיסעס זיינען פאָרגעקומען כאַסענעס... אין שטעטל האָט מען דערציילט פון אַ כאָסן מיט אַ קאַלע וואָס מען האָט זיי צונויפגעבונדן רוקן צו רוקן און פאַר אַלע אַרעסטאַנטן אין די אייזן געשמיסן, אַמאָל דעם כאָסן און אַמאָל די קאַלע.... דערציילט האָט מען פון אַזעלכע פייניקונגען אין די טפיסעס, אַז דער מויעך האָט זיך אָפּגעזאָגט זיי צו באַנעמען...

## בעסאראביע אין 1918

כאַים דער סטעלמאַך פלעגט זאָגן: די רומענער קומען ארויס פון די רוימער, וואָס האָבן כּאָרעוו געמאכט ערעציסראָעל, פארטריבן די אידן און זיי געפּייניקט מיט אַזעלכע רעציכעס און רישעסן...

אין אַן אָוונט האָט ער ארויסגענומען פון אַ מאַכזער, וואָס איז געלעגן אַף דער שאַפע, אַ דין ביכעלע און גענומען פאָרלייענען פאַר סאָרקען מיט ברײַנדלען די מייסע פון דעם הייליקן טאַנע ראַבי אַקיווע, אַן אָרימער פּאַסטוך, וואָס האָט צו פערציק יאָר גענומען לערנען קעדיי צו קענען אויסלייזן די אידן. וויאַזוי ער האָט צוזאַמען מיט באַרקאָכבע געקעמפט קעגן די רוימער און איז געשטאָרבן אין טפיסע אַ פארמוטשעטער פון די רוימער, וואָס האָבן אים געקעמט דאָס לייב מיט אייזערנע קאַמען...

און ברײַנדל, די שווייגנדיקע ברײַנדל, וואָס מען האָט אַף איר געזאָגט אַז שטיל וואַסער גראָבט טיף און אַ סוואָרע אַז זי איז די גאַנצע אָנפירערקע פון די ברידערלעך מיט די שוועסטערלעך, האָט זיך אָנגערופן צו איר טאַטן דעם סטעלמאַך:

— וויפל אַזעלכע הייליקע קעמפער זײַנען שוין פארמוטשעט געוואָרן אין די רומענישע טפיסעס! און וויפל מוטשעט מען, ארבעטער און פּויערים, וואָס קעמפן און ווילן אויסלייזן דאָס פאָלק!... שטיקער שנײַדט מען פון זיי לעבעדיקערהייט, אין די טפיסעס, אין די היימען באַ זיי, אַף די וועגן... און מען ווייסט ניט וואו זייער געביין איז אהינגעקומען...

און מען פלעגט טאַקע געפינען, בעיים האַקן די וועלדער, רעשטן פון מענטשלעכע גופים, אָפּגעריסענע הענט און פיס. פּויערים האָבן די געפונענע מענטשלעכע אייוורים אוועקגעטראָגן אין דער סיגוראַנצע, צו דער זשאַנדאַרמעריע. און די סיגוראַנצאַ, קעדיי צו פארווישן אירע אייגענע פארברעכנס, האָט געשיקט די פּויערים אין די וועלדער... אויסהאַרגענען די וועלף. גאַנץ בעסאַראַביע — האָט די מאַכט געוואָרנט — איז פארפלייצט פון הונגעריקע וועלף, וואָס פארצוקן די פּויערים פון די דערפער...

אין די דערפער און אין די שטעטלעך האָט מען געלאַכט:

— הונגעריקע וועלף אַף צוויי פיס... הונגעריקע און באָרוועסע, אָפּגעריסענע און קרעציקע...

## ג א ָ ל ד ע  ק ר י מ ע ר

מיט אַ קרענקלעכן גלאַנץ אין די הונגעריקע אויגן האָבן דידאָזיקע וועלף אַריינגעבליקט אין יעדער בעקעריי, געלעכצט נאָך אַ שטיקל ברויט, נאָך אַ וואַרים שטיקל מאַמעליגע. האָט מען זיי געגעבן, האָבן זיי דאָס זשעדנע אַפּן אָרט איינגעשלונגען. אַז ניט, האָבן זיי געגאַנוועט. פון די טאָרבעס באַ די פויערים האָט זייער קאַלטע מאַמעליגע ניט געסטייעט. ווי די בעטלער האָבן זיך די סאָלדאַטן אַפּן מאַרק געשטעלט און געציי־לעמט זיך פאַר די פויערים און אונטערטעניק געדאַנקט פאַר אַ שטיקל מאַמעליגע: „אַ דאַנק, פעטערל, אַ דאַנק!..." די מאַכט נאָר האָט ניט גע־בעטלט און ניט געגאַנוועט, זי האָט „קאָנפיסקירט" אָדער פּאָשעט צו־גענומען און דערנאָך געדאַנקט פאַר דער מאַטאָנע...

עס איז ניט אַוועק קיין גאַנץ יאָר זינט דער רומען איז אַריין קיין בעסאַראַביע און ער האָט דאָס לאַנד איינגעשטילט. מיט צעשיסונגען און פּייניקונגען, מיט שמיץ און מיט ווילדע גזיירעס, האָט די נייע מאַכט זיך באַליבט געמאַכט, ווי אַן אָנשיקעניש פון גאָט, ווי אַ האָגל, וואָס שלאָגט אויס די ברויטן און די גערטנער ווי אַ היישעריק וואָס פרעסט אָפּ דאָס לאַנד... אין דער שטיל אָבער האָט מען געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועט ער אַוועק. אין דער שטיל האָבן די פויערים, אויפגעקלערטע און מיט די אויגן אַריבערן דניעסטער, זיך אָרגאַניזירט אַף צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד ווען די צייט וועט קומען... די אַריינגעדרונגענע מאַכט האָט געוואוסט אָדער געפילט און האָט זיך געפילט ניט זיכער. די שטילקייט וואָס זי האָט אַזוי געגאַרט, האָט איר געשראָקן: עפּעס גרייט ער, עפּעס גראָבט ער, דער פאַרטייעטער פויער...

און דאָ פּאַסירן גאָר אַזעלכע זאַכן: גרינישערן (פּאָלדאַטן פון דער גרעניץ־וואַך) פאַרשווינדן. מען שטעלט זיי אַוועק איבער דער נאַכט און אין דער פרי זיינען זיי נישטאָ. טייל זיינען אַריבער צו די באָלשעוויקעס צוזאַמען מיט די אַריבערגעלאָפענע, טייל האָט מען פונעם וועג אָפּגע־ראַמט. אין יעדן פּאָשעטן מענטשן, וואָס האָט געהאַלטן די אויגן אָפּן אָדער דעם קאָפּ אויפגעהויבן, האָבן זיי געזען אַ באָלשעוויק. מען האָט נאָכגעקוקט יעדן פויער וואָס איז פונעם דאָרף אין שטאָט אַריין געקומען. מ'איז געקומען אַף אידישע כאַסענעס און גויעשע כאַסליערעס, אַף זשאָקן,

# בעסאַראַביע אין 1918

אף בריסן און אף לעווייעס. מ׳האָט געכאַפּט עפּעס אין מויל אריין, אין דער האַנט אריין, געדאַנקט און העפלעך געקושט אין די הענט און אין דער זעלבער צייט ווי די שפּיר־הינט געשמעקט און געהאַלטן גרייט די האַנט באַם רעוואָלווער.

---

## כג. — אַפֿן זשאַק

קאַרוצאַ מיט דער קודלע צעשאָטן איבערן שטערן, מיט דעם ברייטן רויטן גאַרטל אַרום דער טאַליע, שטייט אַ שיינענדיקער אינמיטן טאַנץ־פּלאַץ און פּאָכעט גייוועדיק מיטן כּליסטיק צו די קלעזמער:

— אַ פּאָלקע שפּילט! זיינען נישט געקומען צו אונדז אַפֿן זשאַק, די ציגיינער! ווייסן, אַז זשיפּוני יאַסקאַ האָט זיי פּיינט!...

פּאַרובקעס מיט האַרטע קרעטאָנענע הויזן אַריינגעשטעקטע אין גלאַנציקע מיט טראָן געשמירטע כאָליעוועס, מיט רויטע רויזן אין די גרינע קאַפּעלושלעך, האָבן זיך געדרייט אין אַ קרייז אַרום די בענק, וואו עס זיינען געזעסן און געוואַרט מען זאָל זיי איינלאַדן טאַנצן שיקסעס אין ברייטע רויטע קליידלעך מיט ווייסע קאָפּטעס, אויסגענייטע מיט רויטע און גרינע ציילעם־שטעך. אַ פּאַרובאָק טוט אַ וואונק מיט אַן אויג צו אַ שיקסע מיט אַ ליכטיקן פּאָנים און צעשטראַלטע אויגן און זי פּאַלט אַריין אין זיינע אָרעמס. איינציקווייז האָבן די באָכערים אויסגעוואונקען אַלע מוידן. ווייבע און וואַרימע ווי דאָס פרישע ראַזאָווע ברויט, זיינען זיי די באָכערים אין די אָרימס געפאַלן, און פלינק און ריטמיש געדרייט זיך אַרום די ווענט. די פאַלדן פון זייערע ברייטע קליידלעך האָבן זיך ווי די שירמס צעעפנט און אַ שטויב אויפגעהויבן.

אוליאַנאַ, אַ שיינענדיקע, האָט זיך באַוויזן פון דער שטוב מיט אַ קיילעכיקן געפלאָכטענעם קוילעטש אַפֿן האַלדז אָנגעטון און מיט אַ גראַפין רויטן ווייַן. זי האָט דעם גראַפין צו זיך אַפֿן קאָפּ אַרויפגעשטעלט און אַ גלייכע, דעם גלייכגעוויכט האַלטנדיק אַף די טאַנצנדיקע די אויגן אָנגעשטעלט.

די שיקסעס האָבן מיט קינע איר אַפֿן אויער איינגערוימט:

— מיר גראַטולירן דיך מיט דיין סאָרקעס מיידלשאַפט...

# בעסאראביע אין 1918

קארוצא האָט פיר פינגער, צו צווי אין ביידע זייטן מויל אריינגע־שטעקט און אַ לאַנגן פייף געטון, אז ס'האָט די לופט געשניטן, און ווי־דער אַ פּאָכע געטון מיט דעם בליסטיק:

— קלעזמער, אַ קאזאצקע!

אוליאַנאַס הארטער און געקנייטשטער פּאָנים איז ווי מיט יוגנט כאַ־גאָסן געוואָרן, מיט שיינקייט און הערשערישקייט. זי האָט מיט איין האַנט דעם גראַפין אפן קאָפּ צוגעדריקט און גענומען שוועבן ארום די בענק ווי אַ טויב אַזוי לייכט און גראציעז, שוועבן און צוזעצן זיך אַף די פיס און ווידער געשוואומען... קארוצא האָט אַ רייס אראָפּ געטון די רויטע קאסינקע בא זיין פּאַראַסקען פון די אַקסלען און גענומען מיט איר דרייען איבערן קאָפּ און סוויפטשען.

פּאַראַסקא האָט מיט באוואונדערונג געטאפּט דעם זוים פון סאָרקעס שווארץ סאמעטן קלייד.

— די נייע שיך מיט די זאָקן פּאַסן דיר צום פּאָנים נאָך מער ווי דיין קלייד...

סאָרקע האָט פארשעמט געשמייכלט און זיך קוים ארויסגעזען פון די גרויסע בוקעטן בלומען, וואָס די שיקסעס האָבן איר פאר די פיס ארומגעלייגט. אַ יונגע פּויערטע מיט אַ סאַך בייטשלעך קרעלן אפן האַלדז האָבן לעבן סאָרקען אַ קליין כאַזערל אוועקגעלייגט און געשמייכלט נאַריש:

— דער טאַטע האָט דיר געשיקט אַ כאַסענע מאַטאָנע.

אַ צווייטער האָט צוגעטראָגן אַ לאַנג לייוונטן העמד און אַ ביסל ווייסע וואָל.

— די מאַמע מיט דער מומען האָבן דיר מאַטאָנעס געשיקט.

פּויערים האָבן מיט זיך געבראַכט גענדז און אינדיקעס, בינטלעך גערשטן און פולע זעק פלוימען מיט עפּל.

— געפּעלט דיר, קאַלעניו, אונדזערע מאַטאָנעס; — האָבן זיי זיך גענויגט פאר איר ביז דער ערד. — מיר זיינען איצט אָרים, גאָט איז אַן איידעס! — און טרערן האָבן זיך אין זייערע אויגן באוויזן.

סאָרע האָט זיך געקושט מיט די מיידלעך און זיי געוואונטשן:

## גאָלדע קרימער

— אינגיכן באַ אייך, טייערע, וועלן מיר שוין אַלץ פאַרענטפערן.

רייזל איז אַריינגעקומען.

— אוילעם, צום טיש! — האָט זי מיט ביידע הענט גערופן, ווי זי וואָלט די גענדז אין קאַמער צו נאַכטלעגער געטריבן.

ס'איז געוואָרן אַ געלויף ארום די טישן, ארום די אידישע מייכאָלים.

פאַראַסקאַ. אינגאַנצן אָן אָנגעצונדענע, האָט זיך געבייזערט:

— וואָס פאַר אַ געלויף! גענגרייט פאַר אייך פון אַלעם בעסטן, פונקט ווי פאַר די אידישע געסט!...

יאָסקע האָט געבעטן דאָס ווייב זיינס:

— שפּאָר נישט איין קיין טראָפּעלע אפילע, רייזעלע, גאָט וועט מעמאַלע זיין. אַלצדינג גיב מיט דער פולער האַנט!

יאָסקעס אויגן האָבן געבלאָנדזשעט ארום די טישן ווי באַ אַ געטרייער מאַמע וואָס קוועלט אָן צוזעענדיק ווי אירע קינדער עסן איר צוגעגרייט מייכל...

פויערטעס האָבן זיך קיין אייצע נישט געקענט געבן מיט דעם בוימלדיקן געפּרעסטן פלאָדן און געפּרעגט איינע באַ דער צווייטער:

— וואָס פאַר אַ מאַמעליגע איז דאָס?

יאָסקע האָט ארויפגעשטעלט בוטלעם מיט וויין און פלעשער בראַנפן אַף די ווייס געדעקטע טישן, האָט אונטערגעטראָגן פאַלימעסיקעס מיט געבראָטענע פיש און פערטלען גענדזנס.

— גיב אַכטונג, קאַרוצאַ! כעוורע זאָל זיין רויק!

יאָסקע איז געווען אומרויק. עפּעס אַ פאָרגעפיל האָט אים נישט געלאָזט רוען: זיי וועלן דעם זשאָק דיינעם נישט אויסמיידן... ווי טיינע הינט וועלן זיי די סימכע דיינע באַפאַלן... היט דיך, יאָסקע!...

אויך באַ סאָרקעס כופּע איז אַן איבערשלאַג געווען, נאָר אַ דאַנק אוליאַנאַן האָט מען אויסגעמיטן צאָרעס און כאַרפּעס. די פויערטע האָט זיך דערוואוסט, אַז די סאָלדאַטן וואָס שטייען באַם איבערברוקירן דעם שאָסיי, האָבן זיך אָפּגערעדט אָפּצושטעלן די כאַסענע־געסט און זיי צווינגען איבערצוטראָגן די זעקלעך מיט ליים, קעדיי מען זאָל קענען די גאַס דורכגיין. זי האָט זיך דאָס דערוואוסט טאַקע פון די פויערים, וואָס האָבן

## בעסאראביע אין 1918

געארבעט באם וועג פאריכטן און מען האט זיי אפגעטון אף טערקיש, מען האט געשטעלט די כופע לעבן טויער...

אוליאנא טרעט נישט אפ פונעם גאניק. זי היט אלע וועגן, אלע זייטיקע סטעזשקעס; זיי, די לייט קענען נאך עפעס אונטערוואַרפן, א בילבל מאכן אף די פויערים...

יאסקע איז אינדרויסן ארויסגעגאנגען. ווייט האבן די געדאנקען זיינע געבלאנדזשעט. דערזען פונווייטנס צוויי פויערטעס צוקומען, איינע אן עלטערע, די צווייטע נאך גאר א קינד, האט אים דאס הארץ אנגעהויבן קלאפן:

— מאריצא מיט דער מאכטער קומען! — האט ער אין שטוב אריינגעשריגן. יאסקע איז זיי אקעגנגעלאפן. די עלטערע פויערטע האט אראפגעבויגן דעם קאפ, האט פארשעמט אפגעקלאפט דעם שטויב פון די שיך און באהאלטן די גרוי געווארענע האר אונטער דער רויטער פאטשיילע. די יונגע, פראסינקא, האט אראפגענומען דעם גרויסן וואלענעם טייסטער פון דער מוטערס פלייצעס און אים אוועקגעלייגט אף דער ערד. אלע דריי האבן געשוויגן. רייזל איז אנגעלאפן. זי האט אריינגעכאפט מאריצאן אין אירע הענט, זי געקושט איןביידע באקן און מיט פארטרערטע אויגן זיך איינגעגעסן אין דער פויערטעס פארעלטערט געווארן פאנים.

— האסט גוט געטון, מאריצא, בריליאנט טייערער, וואס דו ביזט געקומען!

די פויערטע האט אויסגעווישט די טרערן פון די גרויסע גרויע אויגן און פארלוירן מיטן קאפ געשאקלט:

— אפאנעם, אז די לעבעדיקע געהערן טאקע צום לעבן...

יאסקע האט זיינע אויגן פארמאכט. ער האט געוואלט אין דער פינצטער געפינען אן אפשיין כאטש פון דער זארגלאזער, פרייליכער מאריצא מיטן לויטערן פאנים און פארפירערישן שמייכל, פאר וועלכן אלע מאנסבילן האבן זיך געשראקן.

מאריצא הא דעם טייסטער פון דער ערד אויפגעהויבן און פארשעמט א זאג געטון:

— אַז אָרעמע מאַטאַנע פאַר דער קליינער דיינער געבראַכט... וועסט מויכל זיין, ראָזאַ!... אַוואַדע ווען ער לעבט...

רייזלען האָט דאָס בלוט אין די שלייפן אַ זעץ געטון. זי האָט נישט געקענט צוזען מאַריצאַס געבראָכנקייט. זי האָט אַ פעסטן נעם געטון מאַריצאַן אונטערן אָרעם.

— דיין ביסל איז מיר ליבערשט ווי אַז אַנדערנס די גרעסטע מאַטאָנע. דאָס וואָס פון האַרץ, דאָס איז ליב!... קום אַהער, פראָסינקאַ! — און זי האָט זיך רייזל געווענדעט צום שיקסל. — ווי שיין דו ביזט! — און זי האָט דאָס מיידל צו זיך געטוליעט. — אין איין עלטער מיט מיינער, אַ יאָ מאַריצאַ? — האָט זי אַליץ געזוכט אריינצוברענגען די מוטער מיט דער טאָכטער אין אַ בעסערער שטימונג.

מאַריצאַ האָט אירע גרויסע אויסגעוויינטע אויגן אַף דער טאָכטער אָנגעשטעלט און געשוויגן. פראָסינאַ האָט זיך געהאַלטן בא רייזלס טאַלע און איר קיילעכיק פּאָנים מיט די גרויסע גרויע אויגן, ווי דער מוטערס, האָבן שטיל געטרויערט און אויסגעזאָגט פון אַ טיפער ניט אויסגעהיילטער וואונד אין דעם יונגן זעכצניאָריקן האַרץ.

סאָרקע איז זיי אַקעגנגעפלויגן. מיט אויסגעשפּרייטע הענט איז זי צווישן אַלע דריי פרויען אריינגעפאַלן, האָט זיי געקושט און זיך פאַרסאַפּעט.

— ווי גוט, ווי גוט פראָסינאַ, וואָס איר זיינט געקומען! איך האָב געוואוסט, אַז איר וועט קומען!

פראָסינאַ האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט מיט די בליקן אַף סאָרקען:

— סאָרעלע, ביזט שיין!

— דו ביזט נאָך שענער פון מיר, פריסינוצאַ! — האָט זיך סאָרע באַגייסטערט. — זע ווי דיר פּאַסט דאָס קרענצל! די האָר דיינע שיינען ווי גאָלד!...

צווישן דעם אוילעם איז געוואָרן אַ גערודער. די אָנוועזנהייט פון פראָסינאַן מיט דער מוטער האָט בא זיי ארויסגערופן אומרו און אין דער זעלבער צייט אָפּשיי און טרויער. טייל האָבן זיך איבער די טישן אריבערגעוואָרפן און ארוים צוריק אַפן טאַנץ־פּלאַץ. אַנדערע האָבן זיך אויפ־

געשטעלט און ווי פארהילצערטע געקוקט אף די צוויי פרויען אין די שווארצע טרויער־קליידער.

די קלעזמער האבן גענומען שפילן לעקאָוועד די געסט. ניט קיין פריילעכס האבן זיי געשפילט, נאָר טרויעריקעס. שיקסעס און פּאָרובקעס זיינען געשטאנען ארום די געסט. מאריצא האט זיך געווישט די טרערן פון די אויגן און האט קיין וואָרט ניט גערעדט. פּראַסינא האט אויפגע־שווידערט. אירע גרויסע אויגן האבן זיך געבאָדן אין טרערן. זי האט שטיל געכליפּעט:

— אך, סאָרעלע, ווען מיין טאטע דערלעבט דיין כאסענע! אַ! האָסט אים נאך ניט פארגעסן, סאָרקע?

סאָרקע, אינגאנצן אַ בלייכע, האט מיט איר זיידענעם טיכעלע גע־ווישט די טרערן פון איר כאווערטעס אויגן און אליין האט זי דורך טרערן געשטאַמלט:

— פארגעסן? קיינמאל! און פארוואָס איז קאַליטשקא ניט געקומען?

— ער וועט קומען, סאָרעלע, דער ברודער מיינער. ער איז בא מאַש־קען דעם פּעלצנמאכער. עפּעס האבן זיי צו דערליידיקן.

אין דעם זיינען אריינגעקומען קאַליאַ מיט מוישעלען. סאָרע האט זיך פונעם אָרט אַ ריס געטון און איז גלייך קאַליען אקעגנגעלאָפן. נאָר גלייך איז זי שטיין געבליבן, ווי עמיצער וואָלט איר דעם וועג פארשטעלט. זי האט פאר זיך דערזען אַ ברייטן פעסטן פּויער מיט אַ הארט שטרענג פּנים פון דער זון פארברענט. זי האט זיך דערשראקן: אנדריי איז פאר איר פּלוצים אויסגעוואקסן. קיין סימען ניט פון יענעם קאַליאַ מיט דעם איידעלן פּנים און שיין פארקעמטע האָר. אַ פּויער, מיט צעשפּאַלטענע הענט און אַ הארטן בליק אין די אויגן! אויך די פּויערישע מאלבושים קליידן אים... יאַסקע האט אים די האנט דערלאַנגט.ביידע מענער האבן זיך שווייגנדיק אָנגעקוקט און זיך לאַנג די הענט געדריקט. מאריצא האט מיטן קאָפּ געשאָקלט:

— אינגאנצן דער טאטע זיינער! איך ווייס ניט ווי אַ מענטש ענדערט זיך אזוי גיך! אינגאנצן ער, די ערד זאָל אים דאָרטן גרינג זיין!

קאַליעס טונקל ברוינע אויגן האבן אַ בליק געטון אף סאָרקען און

פאַרלוירן געשמייכלט. מאַריצאַ האָט דעם זון פאַרן אָרבל פונעם לייוונטענעם העמד אַ שלעפּ געטון:

— זע נאָר, קאָליעטשקע, ווי שיין סאָרעלע איז! ווי אַן עמעסע איידישע צאַרינע!

סאָרע מיט קאָליעטשקען האָבן זיך שווייגנדיק אָנגעקוקט. ביידע האָבן קיין ווערטער ניט געפונען אויסצודריקן דאָס וואָס זיי האָבן געוואָלט.

מוישעלע דעם פּעלצנמאַכערס האָט גענומען קאַרוצאַן אונטערן אָרעם און מיט אים אַוועקגעגאַנגען אָן אַ זייט לעבן פּלויט און זער שטיל און ערנסט מיט אים איינגעטיינעט און שטרענג געוואָרנט מיטן ווייז־פינגער:

— געדענק, קאַרוצאַ, מיר טרויען דיר אָן מענטשלעכע לעבנס, דאָס לעבן פון אונדזערע ברידער. די פּויערים!...

קאַרוצאַ האָט מוישעלען איבערן אַקסל געקלאַפּט:

— דו ניט האָב מוירע, מאָשקאַ, קאַרוצאַ, אַ גוטברודערל! קאַרוצאַ אַ פּויער!

יאָסקע מיט קאָליען זיינען צוגעקומען. קאָליאַ האָט אַ טיפן קוק געטון אַף קאַרוצאַן און זיך צו יאָסקען אַ ווענד געטון:

— דאַכט זיך, אַז ער האָט געזונטע נערוון, דער כלאָפּ!

יאָסקע האָט געשמייכלט אין זיין בערדל אַריין.

— צי ער האָט נערוון, דער באָכער? אַ גאָלדן האַרץ, אַן עמעס זאַפּטיקער פּויער, קענסט זיך אַף אים פאַרלאָזן. — האָט יאָסקע מאַסקים געווען, כאָטשע ער האָט ניט געוואוסט צו וואָס יענער דאַרף זיך אַף אים פאַרלאָזן.

קאָליאַ האָט אַוועקגענומען קאַרוצאַן אָן אַ זייט און אים עפּעס איינגערוימט אַפן אויער.

כאַימל איז פון זיין שלאָפצימער אַרויסגעקומען. ער איז נאָך געווען מיד און דערשעפּט פונעם שאַבעסצונאַכטיקן טאַנץ, פון שעוועבראָכעס. נאָר רויק און צופרידן האָט ער אויסגעזען. ער האָט מוישעלען אַ ליבן שמייכל צוגעוואָרפן. מוישעלע איז צו אים צוגעגאַנגען און אים שקאָציש אין די אויגן געלאַכט:

איז ווי געפעלט דיר דאָס נייע לעבן, כאַימל? אַ פּעגירע אַף דיר!

## בעסאראביע אין 1918

דאָס בעסטע מיידל פון שטאָט האָסטו אויסגעכאַפּט!... נאָר ניט דאָס בין איך אויסן... ווייסט, קאָליע איז דאָרט מיט קאַרוצאַן...

כאַימל האָט אַ פוילן געניץ געטון:

— ניט צו דערקענען דאָס אַמאָליקע שוויצערל, דאָס סטודענטל מיטן פּאַריסענעם קאָפּ... קיין סימן ניט... אַך, דער רומען, דער בייזער כאָלעם...

קאָליאַ האָט אַ שטומען קוק געטון אויף כאַימלען. כוויזעק און ביטל איז אין דעם בליק געווען. קיינער אויסער סאָרקען האָט דאָס ניט באַמערקט.

— זאָל זיין מיט גליק, כאַימקע! — האָט קאָליאַ אַן אָפּגעהאַקטן זאָג געטון און ווידער אַ נעם געטון מוישעלען אונטערן אָרעם.

— קום, מאָשקע, די צייט שטייט ניט!

אויף דער שוועל באַם ארויסגאַנג האָבן זיי אָנגעטראָפן צוויי זשאַנ־דאַרן מיט אַ סאָלדאַט. מוישעלע מיט קאָליען האָבן זיך געגעבן אַ שטעל אויף אַ זייט און זיי פריי געמאַכט דעם וועג.

די שיקסעם מיט די שקאָצים זיינען באַפאַלן קאַרוצאַן ווי די בינען:

— וואָס האָט דיר קאָליאַ געגעבן און וואָס האָט איר גערעדט אַזוי לאַנג?

ער האָט געצוקט מיט די אַקסלען און זיי געוואָרנט:

— ניט דאָ, כאַמעס, מאָרגן באַ מיר אין גאָרטן, אין דער דאָלינע... פאַרשטאַנען? מאַמעליגישע קעפּלעך מיט קרויט?

דערזען די צוויי זשאַנדאַרן, האָט ער האַסטיק אַ פּאָכע געטון מיטן בליסטיק אינדערלופטן:

— קלעזמער, אַ פּאָלקע מאַזורקע!

פּאָרלעכווייז האָט מען זיך אַ לאָז געטון טאַנצן די פּאָלקע מאַזורקע און אויסגעקלאַפּט צום טאַקט פון דער מוזיק וואָס האָט זיך צוזאַמענגע־מישט מיט דעם אייגענעם אומרו...

סאָרקע האָט זיך פראָסינען געקלאָגט:

— דיין קאָליטשקע גרויסט זיך... אַוועק אַן אַ זיי געזונט, גלייך ער קען מיך ניט...

פראָסינאַ האָט אָנגענומען סאָרקען פאַר די הענט און אַ טיפן זיפץ געטון: —

— ווערסט זיך אַמאָל גרויסן צו האָבן אַזאַ פֿרײַנט ווי מײַן ברודער איז...

סאָרע האָט ניט פֿאַרשטאַנען וואָס איר כּאַוורטע מיינט דערמיט צו זאָגן. זי האָט קיין קוועך ניט געהאַט ווייטער צו ריידן וועגן קאַליען. אַזאַ באַליידיקונג! ער איז ניט ווערט זי זאָל זיך אינטערעסירן וועגן זײַן פֿרײַנטשאַפֿט צו איר...

מאַריצאַ איז געוואָרן אומרויִק. זי האָט באַמערקט ווי די זשאַנדאַרן גרייטן זיך איינצולאַדן די טאָכטער אירע צום טאַנץ. דאָס גאַנצע בלוט האָט אין איר אויפֿגעקאָכט. זי וואָלט געפּלאַצט פֿון האַרץ־ווייטיק. אויך פּראַכינאַ האָט דאָס באַמערקט. זי האָט צו דער מוטער אַ וואונק געטון און אַ טויטלעכע פּײַן האָט זיך אין אירע גרויסע גרויע אויגן אָפּגעטוקט.

— קום, טאָכטער, דער יאַריד וועט זיך צעפֿאָרן! — האָט זי מאַריצאַ צו זיך אַ צי געטון און דאָס האַרץ אירס האָט געיאָמערט און געשאָטן מיט קלאָלעס אויף די בייזע געשפּענסטער וואָס פֿאַרפֿאָלגן זיי... — זאָלסט זײַ באַצאָלן, גאָט דערבאַרימדיקער, פֿאַר אונדזערע צעבראָכענע לעבנס, פֿאַרן טויט פֿון מײַנע קינדערס טאַטן!...

יאָסקע מיט רייזלען האָבן זיי שווײַגנדיק צום גאַניק אַרויסגעפֿירט. זיי האָבן קיין ווערטער ניט געפֿונען פֿאַר די צוויי פֿרויען, וואָס זײַנען אינגאַנצן אין טרויער אײַנגעהילט געוואָרן. סאָרקע האָט אַ פּעקל מיט געבעקס אַרויסגעבראַכט און האָט דאָס אינעם וואָלענעם טײַסטער אַרײַנגעשטופּט:

— נעם מיט, אין דער היים באַ אײַך איז איצט גאָרנישט ניטאָ, פּראַסינאַ!

פּראַסינאַ האָט זי אַרומגענומען און געקושט אין די אויגן.

— ביזט נאָך אַלץ אַזאַ גוטע! אַך, סאָרעלע, ווען ס'וואָלט געקענט זײַן אַנדערש, ווען ס'וואָלט געקענט!...

סאָרקע איז שטיין געבליבן צווישן טאַטע־מאַמע און אומבאַשטימט נאָכגעקוקט מאַריצאַן מיט דער טאָכטער, וואָס האָבן אײַלנדיק צום שליאַך אוועקגעשפּאַנט.

---

## כד. — קריסטוס און יודאַש

באַם אַריינגאַנגס טויער פונעם קאָמענדאַנטס וואוינונג, זיינען גע־שטאַנען צוויי סאָלדאַטן מיט געלאָדענע ביקסן אויף די פּלייצעס. דערזען צוויי געהיים־אַגענטן פירן אַן אַרעסטאַנט, אַ פויער געשלאָסן אין קייטן, האָבן זיי די ביקסן פון די פּלייצעס אַרונטערגענומען און זיי באַגלייט אין הויף אַריין. פון אַ זייטיקן צימער זיינען אַנדערע צוויי סאָלדאַטן אַרויס־געקומען, אויך מיט געלאָדענע ביקסן, און האָבן דעם אַרעסטאַנט איבער־גענומען פון די צוויי ציוויל־געקליידעטע פּאַרשוינען. איינער פון די סאָל־דאַטן האָט אַ קוועטש געטון אַ קנעפּל און אַ נידעריקע ברייטע טיר האָט זיך געעפנט.

— אַריין! — האָט זיך געהערט אַ קאָל פונעם צימער אַרויס.

דער פויער האָט זיך געלאָזט פירן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עפּעס ניט גוטס וועט מיט אים געשען. נאָר קיין אַנדער אויסוועג האָט ער ניט.

באַ אַ שרייב־טיש איבער אַ פּאַק מיט פּאַפּירן איז געזעסן דער נייער קאָמענדאַנט, וואָס די רעגירונג האָט אַראָפּגעשיקט אַנשטאַט דעם פריער־דיקן, דעם קאָמענדאַנט דעמיטרו.

דער פויער איז בלייך געוואָרן, ווי דאָס גאַנצע בלוט וואָלט אים אויסגערונען. ער האָט אים שוין אַמאָל געזען. אוי, ער איז אים גוט באַ־קאַנט. ער האָט אים אין אַ באַנאַכט, אים מיט נאָך איינעם פון דער מאַכט, געפירט אויף זיין שליטן אין שטאָט אַריין צו זשיפּוני יאָסקע... זיינע גרי־נע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. אַ דערלייכטערונג האָט אים פלוצים באַ־הערשט.

דער קאָמענדאַנט האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון די פּאַפּירן, אויס־געטון די ברילן און זיך אויסגעווישט די אָנגעשטרענגטע אויגן.

— אַ באַקאַנט פּנים, זעט מיר אויס... ניט עמעס, יונגערמאַן?...

— איז דער קאָמענדאַנט צוגעגאַנגען צום פֿויער און אים ארויפגעלייגט אַ האַנט אַפן אַקסל. — דאָס ביזטו קאַרוצאַ? — און ער האָט אים טיף אַרייַנגעקוקט אין זייַן בלייכן פּנים.

קאַרוצאַ האָט אים שטום אָנגעקוקט און האָט קיין וואָרט ניט גערעדט. ער האָט געטראַכט פֿון די פּאַפּירן, וואָס קאַליאַ מיט מוישעלען האָבן אים געגעבן צו באַהאַלטן. אַ קעלט איז אים דורכגעלאָפן איבערן לייב. ער האָט דאָס גוט באַהאַלטן, זיי וועלן ניט געפינען. נאָר שלאָגן וועט מען און שטאַרק!... מען האָט שוין אַ סך פֿויערים אין דעם צימער געפּאָרשט און דאָ האָבן זיי זיך מיטן לעבן געזעגנט... און פֿאַרוואָס? אַ, זיי, די רומענישע לייט!... דער געדאַנק וועגן טויט שווידערט אים אויף. איין שפּאַן און ער איז אינדרויסן, באַוועגט זיך פֿריי און אומגעשטערט, אַלץ ווי געווען... אָבער, ניין, דאָס קען ניט זייַן. ער מוז אויסשטיין אַלץ וואָס ער האָט פֿאַרשפּראָכן קאַליען...

דער קאָמענדאַנט האָט אים די קייטלעך פֿון די הענט אַראָפּגענומען און בייזלעך געשמייכלט:

— אַן איבעריקע זאַך פֿאַר אַן אייגענעם... אַ קינד פֿון דאָרף...

דער נייער קאָמענדאַנט פֿירט זיך גאָר אַנדערש ווי דער פֿריערדיקער. ער איז זייער העפֿלעך צו די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן און גוטהאַרציק צו די פֿויערים. ער ווייסט וויפֿל סאָלדאַטן און זשאַנדאַרן עס ווערן געלעגט פֿון זייערע וואַכפּאָסטנס נאָך יעדן פֿויערישן אַרעסט, וויפֿל אָפּיצירן מען האָט שוין געפֿונען מיט אַ זאַק אַפן קאָפּ אָנגעטון, מיט אָנגעבראָכענע ביינער. דאָס האָט מען אים נאָקע געשיקט, ער זאָל גיין מיט גוטן... יענע האָבן פֿאַרוואַנדלט בעסאַראַביע אין אַ געהיימען שלאַכט־פֿעלד, אַף וועלכן די פּנים ראַטן זיך אויס איינער דעם צווייטן אינדערשטיל, אין די פֿינצטערע נעכט און האָבן פֿאַרזייט בעסאַראַביע מיט טויט און פֿאַרווּיסטונג. ער דאַרף עס מאַכן אַנדערש. ער דאַרף געווינען דעם צוטרוי פֿון די פֿויערים...

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַפן שטול לעבן שרייב־טיש, האָט אָפּגערוקט די פּאַפּירן אַן אַ זייט און אַרייַנגענומען דעם קאָפּ אין ביידע הענט.

## אין בעסאראביע 1918

— איר קענט ארויסגיין! — האָט ער אַ וואונק געטון צו די סאָל־דאַטן, און צו קאַרוצאַן:

— זיצט, קאַרוצאַ, בארויקט אייך, וועלן מיר קענען ריידן ווי צוויי גוטע אַלטע באַקאַנטע, וואָס האָבן צווישן זיך קיין סינע ניט פאַרזייט...

קאַרוצאַ האָט זיך אריינגעזעצט אין אַ ווייכן געבעטן שטול לעבן טיש און שטום געקוקט פאַר זיך.

דער קאָמענדאַנט האָט אָנגעגאָסן צוויי קליינע גלעזלעך ליקאָר. איינס האָט ער אונטערגעטראָגן קאַרוצאַן.

— מירן נעמען צו ביסעלעך, קאַרוצאַ!...

ער האָט איבערגעקערט זיין גלעזל צו זיך אין מויל. אוועקגעשטעלט אפן טיש און פארכידעשט זיך אַ קלאַפּ געטון מיט דער דלאָניע איבערן אָפענעם מויל און זיך צעלאַכט:

איר זייט דאָך ווי אַ מויד, קאַרוצאַ, איר טרינקט גאָרניט!

קאַרוצאַ האָט אַ אומצופרידענעם שמייכל געטון .

— איך בין מיד, דאָמנו קאָמענדאַנ, די פעלד־אַרבעט וואַרט אַף מיר...

— איר זיינט מיד פון הוליען באַם זשידאַן יאַסקע אַפן זשאַק... כאַ־סענע געמאַכט די טאָכטער זיינע... אַ שיינע אידישקע, די קליינע!... גאָר אַ אונדזערער צווישן זשידאַנעס גאָר, כע־כע!...

קאַרוצאַ האָט זיך טאַמעוואַטע אַ קראַץ געטון אין דער פּאָטילניצע און אָנגעשטעלט זיינע ניט אויסגעשלאָפענע אויגן אַפן קאָמענדאַנט:

— איז דערפאַר דאַרף מען מיך פון שלאָף אויפוועקן און אין קייטן שלילען?...

— נאַט, זעט, קאַרוצאַ, — האָט אים דער קאָמענדאַנט אונטערגע־רוקט אַן אָפּגעדרוקטע פּראָקלאַמאַציע. — ווער רופט די פּויערים צו פאַרייניקונג קעגן דער מאַכט!...

קאַרוצאַן האָט אין מויעך עפּעס אַ קלאַפּ געטון. אין הארצן איז אים מיטאַמאָל אַ מאָדנע ליידיקייט געוואָרן, נאָר צום אויסגיין. ער האָט גע־נומען דאָס פּאַפּירל אין די הענט און האָט דאָס טאַמעוואַטע געדרייט אין אַלע זייטן. אים איז מיטאַמאָל לייכטער געוואָרן: ס'איז ניט פון די זעל־

בע וואָס קאָליאַ האָט אים געגעבן. קאַרוצאַ האָט אַוועקגעלייגט די פּראָקלאַמאַציע אפן טיש און אומשולדיק געצויגן מיט די אַקסלען:

– ווי קען אַן אָרימער פויער לייענען רומעניש, דאָמנו קאָמענדאַנט?

– אַן עמעסער קריסט, קאַרוצאַ, דאַרף שטענדיק וויסן זיין אָרט!...

און וואָס שייעך דעם איצטיקן איניען מיט די פּראָקלאַמאַציעס, איז... עמעס, אַ שווערער איניען. דאָס געזעץ איז האַרט... אָבער אויך די געזעצן האָבן געשריבן מענטשן... ס'איז מענטשלעך אַן אַנדערן מויכל זיין... גאָט זאָגט, אַז דורך כאַראָטע קויפט מען זיך אויס פון באַגאַנגענע זינד...

קאַרוצאַ האָט אַ אומשולדיקן קוק געטון אפן קאָמענדאַנט. דער קאָמענדאַנט האָט זיך ארויפגעזעצט אַף אַ פּליגל פונעם פּירקאַנטיקן שרייבטיש און זיך קימאַט צוגעבויגן צום שווייגנדיקן קאַרוצאַ.

— איר געפעלט מיר, קאַרוצאַ!... איר זיינט אַן עמעסער קריסט!... אַ שאָד נאָר וואָס איר האָט אָנגעטרויט אין די אידישע הענט... די געשיכטע האָט שוין באַוויזן וואָס יודאַש האָט געמאַכט פונעם גרויסן גלויביקן יעזוס... איך וויל אייך ניט ווי טאָן, קאַרוצאַ... אַן אַנטוישונג איז אַ ביטערער טראָפּן... נאָר קיין אידן זאָלט איר ניט געטרויען קיין סוידעס, געדענקט!...

קאַרוצאַ האָט אויפגעהויבן זיינע גרינע פויערישע אויגן אפן קאָמענדאַנט און אים שטום און לאַנג געפּאָרשט. דער קאָמענדאַנט האָט אַ זים שמייכעלע געטון:

— באַלד, קאַרוצאַ, וועט איר אַליין זען ווי מען האַלט אייך פאַר אַ פּראָסטן פויער, פאַר עפּעס אַ זשלאָב, וואָס נעמט זיך אונטער צו טאָן געפערלעכע אַרבעט, ניט פאָרויסזעענדיק די געפאַר, וואָס דראָט אים...

קאַרוצאַס מויעך האָט גענומען אַרבעטן, זיך שלייפן ווי אַ פּאַרזשאַווערטער שליסל אונטערן שלאָסערס פייל: זאָל אים זיין זשיפּוני יאָסקאַ האָבן אויסגעגעבן? און צוליב וואָס? ער האָט דען ניט געזאָגט פאַר קאָליען, אַז אים, קאַרוצאַן, קען מען טרויען? און איצט? אין זיין צעשטורעמטן באַליידיקטן האַרץ האָט דערוואַכט די אַלטע דערציונג, דער גיפט וואָס דער פּאָפּ האָט אים אריינגעטריפט יאָרן לאַנג: אידן זיינען שווינד־

לער, ליגנער, גאנאווים, פארעטער... זיי האבן קריסטוסן אומגעבראכט און נוצן דאס בלוט פון די קריסטלעכע טעכטער צו זייערע פאסקוואס... און דער איינער פארעטערישער יאסקא, זיין פריינט, האט זיך אין זיין מויעך צעשפליטערט אף טויזנטער עקלדיקע, פארעטערישע יודאשן, וואס קנעטן זייערע מאצעס מיט קריסטליך בלוט, פארפירן און שענדן די קריסטלעכע טעכטער, רויבן און באשווינדלען די קריסטלעכע זין... דאס הייסע אויפגעשטורעמטע בלוט זיינס האט זיך געגומען גיסן פון זיינע הארץ־רערן אינעם צעהיצט געווארענעם מויעך. די מוסקולן זיינע האבן זיך געשטייפט און די פויסטן האבן זיך געביילט, זיך געריסן צום אויסדרוק, אראפצולאזן זיך אף די אידן פון דער גאנצער וועלט, פונקט ווי פריער מיט עטלעכע רעגעס אפן קאמענדאנט און אף אלץ וואס האט צו טאן מיט רומעניע, מיט אלע אומגליקן וואס קומען פון איר... די מידקייט, די פרישע, פוכקע מאמעליגע מיטן פעטן בארשטש פון שוואמען און כאזער־פיסלעך, וואס האט געווארט אף אים אינדערהיים. פאראסקא, די קאלע זיינע מיט די פלאמעדיקע אויגן און הייסע ליפן, וואס האט אים גע־האלדזט און געקושט באם פרישטיק עסן, פון וועלכן די געהיים־אגענטן האבן אים אוועקגעריסן, האט אין אים געשטארקט דעם קאס און די פארביטערונג. שפעטער וועט זיין קאלע קומען צום קאמענדאנט און בעטן זיין באפרייאונג... א טייערן פרייז וועלן זיי פאר אים פאדערן... און אט דער געפיל האט אים נאך מער דערטרונקען אין זיין צארן. ווי א שטיק פולווער וואלט אין הארץ בא אים געפלאצט. באלד וועט ער אויסשרייען אזוי הויך, אז די ווענט וועלן אויפציטערן, די שטאט וועט אויפרודערן: יאסקא, דער זשידאן, מוז באשטראפט ווערן!...

דער קאמענדאנט האט ארויסגענומען צוויי ציגארעטן פון זיין זילבערנער ציגארעטן־פושקע. ער האט אויפגעריבן א שוועבעלע און איינעם פארויכערט. ער האט ארויסגעלאזט דעם רויך דורך די נאזלעכער און אים מיט דער האנט צעטריבן.

— אט אזוי, קארוצא, — האט דער קאמענדאנט אים א ציגארעט דערלאנגט, — דארף מען פון זיך טרייבן די גוטע ברידער, די זשידאנעס, דעם זשידאן, וואס האט אלץ אף אייך ארויפגעווארפן...

## גאָלדע קרימער

דעם קאָמענדאַנטס ווערטער זיינען געווען ווי בוימל אַף פייער. קאַרוצאַ וואָלט נאָר וועלן איין קוק טאָן אין דעם זשידאַנס אויגן... וואָס וועט ער איצטער זאָגן, דער זשידאַז?... ער האָט מיט די ציין אַ קריץ געטון און אפן קאָל אַ זאָג געטון:

— אַך, וואָלט איך אים איצט דערציילט די מייסע, דעם זשידאַן! זאָל ער לייקענען, אַז ער ווייסט פון גאָרניט!...

דאָס לעצטע וואָרט האָט דער קאָמענדאַנט אויפגעכאַפּט ווי אַ טייערן דימענט. קאַרוצאַס צאָרן האָט אים דעם וועג געעפנט. ער האָט אַ פּאַטש געטו׳ן מיט ביידע הענט אינדערלופטן.

— אָט באַלד, קאַרוצאַ, וועט איר זען ווער ס׳איז גערעכט!...

עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר. דער קאָמענדאַנט האָט טריאונפירנדיק אַ קנאַק געטון מיט צוויי פינגער אינדערלופטן.

— אַריין!

דיזעלבע צוויי אַגענטן וואָס האָבן אַרעסטירט קאַרוצאַן, האָבן מיט קיימעלעך אַף די הענט אַריינגעפירט יאָסקען. קאַרוצאַ איז אויפגעשפּרונגען פונעם געבעטן שטול אין וועלכן ער איז געזעסן. נאָך איידער די צוויי לייט האָבן יאָסקען פון די הענט זייערע אָפּגעלאָזט, האָט אים קאַרוצאַ פאַרן בערדל אַ שלעפּ געטון. די אויגן בא אים האָבן געשפּריצט מיט פייער און כייעשער ווילדקייט.

— אַך, דו פאַרכאַמער זשיד, דו מאָסער, געמיינט קענסט שווייגן... נאַ! — און ער האָט אים צוויי פייערדיקע פּעטש אַראָפּגעלאָזט איבערן פּאָנים. — אָט דאָס איז דיר אַן אַדערויף!...

יאָסקע איז אומגעפאַלן מיטן פּאָנים אַראָפּ. ער האָט זיך געכאַפּט: מען האָט קאַרוצאַן אונטערגעפירט... אין זיין געבראָכנקייט, צווישן די ריטשקעס בלוט וואָס האָבן זיך געגאָסן פון זיין מויל און פון זיינע נאָזלעכער, האָט ער בלויז איין זאַך אין זינען געהאַט: פאַרהיטן דאָס ווייטערדיקע, כאָטשע ער האָט אַליין ניט געוואוסט אַף קלאָר וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך. פאַרשטאַנען האָט ער: מוישעלע מיט קאַליען האָבן אים פון די געהיימע פּאַפּירלעך געגעבן... ער האָט דאָס פאַרבלוטיקטע פּאָנים אַף קאַרוצאַן אויפגעהויבן.

## בעסאַראַביע אין 1918

— קאַרוצאַ, איך שווער דיר בײַ גאָט, בײַ מײַן אײנציקער טאָכטער, בײַ אונדזער סאָרקען, אַז איך ווײס פֿון גאָרניט. פֿון גאָרניט ווײסן מיר!

קאַרוצאַ, וועלכער איז ווי אַ ווילדער מיט אויסגעשפּרייטע פֿיס אינמיטן צימער געשטאַנען און געזוכט אַ באַקוועמען אָרט פֿונוואַנען זיך אַ וואָרף צו טון אויף יאָסקען, האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אָן דער קאַלטער ווינטער־נאַכט, ווען ער האָט געבראַכט צו יאָסקען דעם זעלבן קאָמענדאַנט מיט דעם סערזשאַנט. אויך דעמאָלט האָבן זיי יאָסקען צו דער ערד געוואָרפֿן און מיט די פֿיס געטרעטן: „שרײַב אונטער דאָס פּאַפּיר, די קויטיקער איד!” אויך דעמאָלט האָט יאָסקע, אַ באַגאָסענער מיט בלוט, זיך געשוואוירן פֿאַר די עלצטע בײַ זײַן אײנציקער טאָכטער, אַז די פּויערים זײַנען ניט קײן באָלשעוויקעס... און ער האָט ניט אונטערגעשריבן... קאַרוצאַ האָט אָנגעהויבן פֿאַרשטיין דעם קאָמענדאַנטס שפּיל, און ער האָט דערזען זײַן אַלטן גוטן פֿרײַנט יאָסקען אַ באַליידיקטן, אַ צעשלאָגענעם, פֿאַר די פּויערים זינד... ווי שטאַרק אים ווילט זיך אַ פֿאַל טון צו יאָסקעס פֿיס און וואויען ווי אַ היימלאָזער הונט, באַווײנען די אײגענע טעמפּקייט און בעטן מעכילע פֿאַרן פֿאַרגאָסענעם בלוט...

דער קאָמענדאַנט האָט זיך אָוועקגעשטעלט צווישן יאָסקען מיט קאַרוצאַן.

— איצט, קאַרוצאַ, נאָך אײן פּאָר ווערטער און איר זײַנט פֿרײַ: עמעט, אַז דעם פֿעלצנמאַכערס זון מיט קאַליען האָבן אײַך געגעבן פּראָקלאַמאַציעס; זאָגט?

קאַרוצאַ האָט זיך פֿונעם אָרט ניט גערירט. מיט אַ פֿאַרגליווערטן בליק און שטײנערנער קאַלטקייט האָט ער געקוקט צו יאָסקען, זײַן באַליידיקטן פֿרײַנט. אַפֿילע דער האַס זײַנער צו זיך אַלײן און צום קאָמענדאַנט, וואָס האָט אים אַרײַנגענאַרט אין זאַק, איז ווי אָפּגעטעמפּט געוואָרן. אײן געפֿיל בלויז האָט איצט געלעבט אין אים: שווײַגן.

דער קאָמענדאַנט האָט ווידער גענומען ריידן:

— איצט איז שוין אַלץ אויפֿגעקלערט. איר דאַרפֿט נאָר זאָגן וואו די פּראָקלאַמאַציעס געפֿינען זיך, זײַנט איר שוין פֿרײַ! אײגנטלעך, זײַנט איר דאָך גאָרנישט שולדיק... מען האָט אײַך געוואָלט אַרײַנשלעפּן אין אַ

נעץ פון קאָמוניזם... אייער שווייגן קען קיין גוטס ניט ברענגען... גע־שוויגן הייסט גערעדט...

דער קאָמענדאַנט איז צוגעגאַנגען צו יאָסקען און האָט אים אָנגענו־מען בא דער האַנט:

— שטייט אויף און זעצט אייך! מיר זיינען גאָרניט אַזוי שלעכט ווי מען מיינט!

יאָסקע האָט זיך אַליין אויפגעהויבן און זיך אַוועקגעזעצט אַף אַ שטול. ער האָט אויסגעזען מיד און פאַרעלטערט. די פּאָר שאָ וואָס מען האָט אים געהאַלטן אין צווייטן צימער, אים געמוטשעט און אויסגע־פרעגט און טויזנט מאָל געוואָרנט צו זיין אויפריכטיק, האָבן אים אינ־גאַנצן אנטמוטיקט. ער האָט גוט געקענט די דאָזיקע בעכטיעס, זייערע ביטורע איינפאַלן, זייערע מיטלען ווי אַרויסצופרעסן פון עמיצן דאָס נוי־טיקע פאַר זיך. נאָר רויק איז ער געווען. די גערעכטיקייט מוז געווינען. ער ווייסט דאָך פאָרט פון גאָרניט. ער האָט אַ קוק געטון אַפן קאָמענדאַנט און זיך אָנגערופן:

— דאָמגולי, איר האָט מיך שוין איין מאָל געשלאָגן, פונקט ווי איצט האָט דאָס בלוט מיינס גערונען. איר קענט מיך אַפילע טויטן, נאָר קיין בילבל וועל איך אַף קיינעם ניט אַרויפוואַרפן.

דער קאָמענדאַנט האָט אָנגענומען אַ בייזן טאָן:

— וועלן מיר מוזן גיין מיט שלעכטן! דאָס געזעץ איז האַרט. ווילט איר ניט אונטערקומען מיינע מילדע פאָדערונגען, וועלן מיר מוזן אָנווענ־דן אַנדערע מיטלען!...

יאָסקע מיט קאַרוצאַן האָבן דערויף קיין וואָרט ניט געענטפערט.

דער קאָמענדאַנט האָט נאָך לאַנג גערעדט. געפּרואווט ווירקן מיט גוטן און מיט בייזן. צום סאָף איז ער מיד געוואָרן. ער האָט אַ פּראַל גע־טון מיט דער טיר און איז אַרויס פונעם צימער.

קאַרוצאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פאַר יאָסקען אַף די קני און אים שטום אין פּאָנים אַריינגעקוקט. יאָסקע האָט אַרויפגעלייגט צוויי פינגער אַפן מויל:

— שווייג, קאַרוצאַ, זיי שטייען הינטער דער טיר!

## בעסאראביע אין 1918

קארוצא האָט זיך אָפּגערוקט פון אים און דער צאַער פון אַלע בעסאַראביער פויערים האָט זיך אין זיינע גרינע צעווייטיקטע אויגן אָפּגעשפּיגלט.

די טיר האָט זיך געעפנט און אַ נידעריקער פּירקאַנטיקער פּאַרשוין איז אַריינגעקומען. ער האָט אַ פאַרהויב געטון דעם פלאַכן קאָפּ זיינעם. זיין ביינענדיקער פּאָנים, שאַרפע קינבאַקן און קליינע קאַסאָקע אויגן האָט אים צוגעגעבן אַן אויסזען פון אַ מאַלפּע. ער האָט אַ שפּאַן געטון נענטער אין צימער אריין מיט שווערע שפּאַן ווי אַ גערויימטער. עס האָט אַ ווייע געטון פון אים מיט קאַלטער מאַכט פון געווער אַקעגן געבונדענע און אומבאַשיצטע מענטשן... ער האָט אַ פיר געטון מיט זיינע גרינע שלאַנגען־אויגן, צוויי קאַליע גרינע פּלוימען האָבן אַ שווים געטון אין אַ פאַריפּעשטער קאַליזשע. מיט קאַלטער זיכערקייט האָט ער אויפגעשלאָסן אַ געמוייערטע וואַנט־שאַפע און אָנגעהויבן אַרויסלייגן אַפן טיש פאַרשידענע שטאָלענע מאַכשירים. צום סאָף האָט ער אַרויסגעלייגט עטלעכע דראָטענע ריטער און מיט איינעם אַ פּאָכע געטון אַרונטער און אַ פּאַטש געטון מיט אים זיך איבער די גלאַנציקע באָטפאָרטן.

קאַרוצאַ האָט אַ פינצטערן קוק געטון אַף יאָסקען, געזוכט אין זיין בליק די סינע צו זיך און זי ניט געפונען. יאָסקע האָט פאַרשטאַנען דעם פויער, זיין ווייטיק און זיין כאַראָטע. נאָר מיט שטומע בליקן האָבן זיך די צוויי גוטע פריינט דאָס וואָרט געגעבן: שווייגן!

דער פּאַרשוין האָט זיך באַם טיש אַוועקגעזעצט, אָנגעטון בלויע ברילן אַף זיין פּאַסאָליע־נעזל און צוגעשרויפט אַ קליין מישינדל צום ברעג טיש.

— און איצט! — האָט ער זיך אויסגעגלייכט און פריי אָפּגעאָטעמט, — צום איניען!

ער האָט אַ נעם געטון יאָסקען פאַרן אַקסל און מיט אַ הייזעריקייט פון בלוט־גערעקייט, האָט ער אים אין די אויגן אַריינגעקוקט.

— וועסט זאָגן, דו, בלוט פון איבערן דניעסטער? — אַז ניט, קוק!
— האָט ער אַן אַנטציקטן שטשירע געטון מיט זיינע קאַליע פלוימען־אויגן צום טיש, צו די אינסטרומענטן.

# גאָלדע קרימער

יאַסקע האָט זיינע אויגן האַלב פאַרמאַכט און פרום געשעפּטשעט:

— שמאַ איסראָעל, אַדוינוי עלויהיינו...

— וואָס זאָגט ער דאָרטן? — האָט זיך דאָס פאַרשווינדל אַ מעשו־גענעם ריס געטון פונעם אָרט. — דאָס רעדסטו אָן דעם פּויער ער זאָל שווייגן? — און ער האָט אַ כאַפּ געטון יאַסקען אין זיינע ביינערדיקע הענט און אַ הויב געטון אים אין דער הויך, ווי מען הויבט אויף אַ קליין קינד. און דאָס פּאָנים זיינס מיט די ברייטע מויל־ווינקלען האָבן זיך דער־ביי צעקרימט מיט אַ מענטשן־פרעסערישן געגום. — רייד, דו, באַלשע־וויק! — און מיט דער גאַנצער כייעשער קראַפט זיינער צוריק אַ שליידער געטון מיט יאַסקען.

קאַרוצאַ האָט זיך פאַרלוירן. דאָס אַלץ איז געטון געוואָרן אַזוי פלינק, אַזוי גיך, אַז ער האָט זיך קיין רעכענונג ניט אָפּגעגעבן. איין רעגע בלויז האָבן זיינע גרינע אויגן אומבאַשטימט אָפּן פאַרשווינדל געהאָנגען און באַלד האָט זיין גאַנצע פּויערישע קראַפט, דער אומגעצוימטער אינס־טינקט אין אים אויפגעטוכט. ער האָט זיך אַן אינסטינקטיוון וואָרף גע־טון צום פאַרשווינדל און אַרויפגעלייגט זיינע דעמבענע הענט אַף דעם הענקערס האַלדז. די קאָסאָקע פלוימען אייגעלעך זיינען מיט בלוט פאַרלאָפן געוואָרן און דער פאַרשווין האָט זיך אַף די קניען אַראָפּגעלאָזט לעבן קאַרוצאַן און מיט אַן אויסגעשטרעקטער צונג אַ פאַרכאַלעשטער געשאָקלט מיט זיין פלאַכן קאָפּ.

— אָט דאָס איז פאַר שלאָגן מיין זשיפּינ׳י יאַסקאַ! — האָט קאַרוצאַ דאָס פאַרשווינדל צום פאָל אַראָפּגעזעצט. — דו הוצעל, אַ פאָהיבעל אַף דיר!

די טיר האָט זיך ראַשיק אַן עפן געטון און עטלעכע סאָלדאַטן האָבן זיך מיט ווילדן אימפּעט אַ וואָרף געטון אַף קאַרוצאַן און אַף יאַסקען. זיי האָבן שווער געסאָפּעט און געאַרבעט מיט די ראַפּניקעס איבער די צוויי קאָ־באָנעס, זיך אַף קיין רעגע ניט אָפּגעשטעלט.

דאָס פאַרשווינדל, וואָס האָט נאָר וואָס געזען דעם טויט פאַר די אויגן, איז ווידער לעבעדיק געוואָרן. מיט זיין שטאָלענער קאַלטקייט,

גלייך ס׳וואָלט גאָרניט געשען, האָט ער זיך באַם טיש אַוועקגעזעצט, האָט אָנגעצונדן אַ קליין בענזין־לעמפּל און אַרויסגענומען אַ פּאָר לאַנגע שפּיזלעך פונעם טישקעסטל. לאַנג האָט ער זיי געגליט אַפן פייער און דערנאָך צו די סאָלדאַטן אַ וואונק געטון. זיי האָבן אים פאַרשטאַנען. צוויי סאָלדאַטן האָבן דעם צעמיימעסטן יאָסקען אַף דעם שטול אַוועקגעזעצט און אים צוגעהאַלטן פעסט, ווי מיט אייזערנע צוואַנגען. דאָס פאַרשווינדל האָ ווידער אָנגעטון די ברילן, אָפּגעבלאָזן די שוואַרצע אָנגעברענטקייט פונעם שפּיזל און לאַנגזאַם מיט גרויס געדולד גענומען אריינשטעכן די נאָדלען אונטער יאָסקעס נעגל. די נאָדל האָט זיך אריינגעשטאָכן אינעם פלייש, ניט געוואָלט גיין צו ווייט, ווי אַ טעמפּ מעסער אינעם האַלדז פון אַ ניט דערקוילעטן אָקס.

יאָסקע האָט אַ שוידער געטון און מאַכטלאָז מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן. דער סאָלדאַט האָט אים איבערן פּנים אַ פּאַטש געטון.

— שטיי אויף, בלוט פון איבערן דניעסטער! כאַלעש ניט, באָלשעוויק!...

יאָסקע האָט זיינע אויגן צעעפנט און מאָדנע געקוקט ארום זיך. אַ קעלט איז אים איבערן לייב דורכגעלאָפן. ער האָט מער ניט געפילט די גליענדיקע נאָדלען. אַ גאַנצע גאַלערייע מיט באַקאַנטע אידן און פּויערים זיינען געשטאַנען ארום אים: דאָס זיינען מיר, מיר בערל און רעב מוישע, וואַסיל און אַנדריי און אַנדערע אידן און פּויערים, וואָס מיר זיינען געפּייניקט געוואָרן אַזוי ווי דו און געשטאָרבן מיט אַ ריינעם געוויסן אַף קידעש האַשעם געגאַנגען... ווי דו! — האָבן זיי צו אים גערעדט...

קאַרוצאַ, אַ געבונדענער ווי אַ גרויסער העלעפאַנט, האָט מיט קיין אייוועך קיין ריר ניט געטון. פול מיט שרעק אין זיינע אויגן, האָט ער אַף יאָסקען געקוקט און אַ מאָדנע אומרו און ערפורכטקייט האָט אים באַהערשט. אַ הייליקער איז דער זשיפּוני יאָסקאַ... פּונקט אַזאַ פּנים האָט דאָך דער הייליקער יעזוס!... אַזוי מאַט און אוממעכטיק זעט ער אויס אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן... פּונקט ווי איצט זשיפּוני יאָסקאַ, וואָס האָט אַזוי שטיל דעם קאָפּ זיינעם פאַרוואָרפן... יאָסקע האָט אים אַמאָל

געגעבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס מען האָט געפייניקט יעזוסן. יאָ, ער געדענקט עס גוט. נאָר דער גאַלעך האָט אַנדערש דערציילט... אָבער פאַרוואָס פייניקט מען יאָסקען? ווייל ער וויל ניט אויסגעבן זיינע ברידער די פויערים... ער איז אַ היילקער, אַ מאַרטיר... אויך די פויערים פאָרן דערשאָסן ווערן האָבן געשוויגן... און אויסגעזען האָבן זיי... יאָ, אַזוי ווי יאָסקע, אַזוי ווי יעזוס!.. ער וועט אויך שווייגן, פּונקט ווי יאָסקע... זאָלן זיי אים טויטן, שניידן שטיקער לעבעדיקערהייט... זיין פאַראַסקאַ וועט בלייבן, זי וועט צונויפנעמען אַלע פויערים פונעם דאָרף, פון די שטעט און שטעטלעך... מען וועט נעקאָמע נעמען פאַר אים, פאַר יאָסקען און פאַר אַלע פאַרפייניקטע אידן און פויערים... זי וועט אָנהויבן פאַרשטיין, די קאַלע זיינע. אין דעם וועט איר העלפן קאָליאַ, פראָסינאַ... אויך זיי האָבן פרייער גאָרניט פאַרשטאַנען... אָ, דער רומען וועט שוין אויסלערנען די פויערים ווי אַזוי צו האַנדלען מיט אים!... אָבער פאַראַסקאַ, מיט די שטאַרקע אָרעמס און פלאַמיקע ליפּן... וועט געהערן אַ צווייטן?... ניין! ער מוז זיך שטאַרקן, ער מוז אַלע קלעפּ, אַלע יעסורים אַריבערטראָגן... און שפּעטער, אינאיינעם מיט דער קאַלע זיינער, אינאיינעם מיט אַלע אידן און פויערים פונעם פאַרומגליקטן בעסאַראַביע, מיט שטיינער און שטעקנס, מיט ווילדן צאָרן און געשריי, דעם רומען, די גיפטיקע שלאַנג פון בעסאַראַביע פאַרטרייבן...

אינמיטן אָט די געדאַנקען, וואָס האָבן אים פאַרטראָגן ווייט פון דעם פייניקונגס צימער, צו אַ רויקער היים, צו אַ פרייער בעסאַראַביע, האָט איבּ אַ פאַרדרוס ארומגעכאַפּט: פאַרוואָס שלאָגן זיי אַ געבונדענעם? זאָלן זיי גיין מיט אים איינס אויף איינס! פינף אַקעגן אים איינעם? פאַכדאָנים! ווילדע, הונגעריקע הינט! דערזען יאָסקען אפן פאַל אַ פאַרכאַלעשטן, האָט זיין געדולד געפּלאַצט:

— פאַכדאָנים! שלאָגט ניט קיין געבונדענע, קיין אומשולדיקע אומבאַשיצטע מענטשן!

דאָס פאַרשווינדל האָט זיך פונעם בענקל אַ ריס געטון, ווי אַ הונט פון דער קייט און צו קאַרוצאַן צוגעשפרונגען.

# בעסאראביע אין 1918

— וועסט שוויינן, דו באָלשעוויק!

ער האָט א הויב אויף געטון דעם פוס און מיט א גוואַלדיקער קראַפט א זעץ געטון קאַרוצאַן אונטערן האַרצן.

קאַרוצאַ האָט זיך א קאָרטשע געטון און באַלד זיך אויסגעצויגן. צוויי שמאָלע פּאַסיקלעך בלוט האָבן זיך ארויסגעשלענגלט פון זיינע מויל־ווינקלען. נאָר אין זיינע גרויסע גרינע אויגן האָט געברענט דער דורשט פון האַס און נעקאָמע.

# כה. — גיט אונדז אף אונדזערע אייגענע!

אן אויסגעבלייכטע, מיט א טיפער מארעשכוירע אין אירע גרויסע פארצווייפלטע אויגן און א שווייגנדיקע האט סארקע ארויסגעלאזט כאימלען דורך דער הינטערטיר אף דער פויערישער גאס. זי האט אים שטום נאכגעקוקט און לאנגזאם גענומען נאכשפאנען. דער מאן האט דערפילט דער ווייבס בליקן אף זיך, האט ער זיך אומגעדרייט מיטן פאנים צו איר:

— גיי צוריק, סארעלע, די שטוב איז אליין!

סארע האט געשוויגן. איר איז אלצייגס געווען צי די שטוב איז אליין צי ניט. זי האט אנגענומען כאימלען פאר דער האנט און אים שטיל א זאג געטון:

— זאלסט זאגן פאני כאזשינסקין, אז איך האב דיך געשיקט. בלייב דאָרטן ביז ס'וועט זיך איבערראשן...

זי האט ווידער א צעווייטיקטן בליק געטון אף איר מאן און אין איר הארץ בא איר האט א נייע נאר אומבאקאנטע וואונד זיך צעיא־

אין דער פארנאכטיקער טונקלקייט און שטילקייט פונעם צימער, האט אויך א געפאר...

א שטילע, מיט א שווערן אל אף אירע יונגע נאך ניט אויסגעפראווטע פלייצעס, איז זי אין איר קליינעם שלאפצימער ארייגעגאנגען. אלץ, די כאסענע־מאטאנעס, דאס נייע מעבל, מיטן שיינעם בעטצייג אף די קישנס, איז איר פרעמד. א מאדנעם ווידערגעפיל האט זי צו דעם אלעמען. ווי א געפענטעטע, ווי אין א שטייג האט זי זיך דערפילט. זי האט זיך אוועקגעזעצט אף דעם גרויסן קופערט, וואס איז פול געווען מיט כאסענע־מאטאנעס, אן איינגעהילטע אין א שווארצן געבלימטן שאל, מיט די גראבע צעפ ארום קאפ פארלייגט און דאס דורכלויכטנדיקע בלייכע פאנים פארוואלקנט פון אן אינערלעכן אויפברויז. פוסט איז דאס לעבן

## בעסאַראַביע אין 1918

אירם געוואָרן. נאָר אַ נייער באַרג מיט דינים און שרעק איז צוגעקומען. סאָרע האָט אויפגעשווידערט: איז דאָס דאָס כאַסענע געהאַטע לעבן, נאָך וועלכן אַלע מיידלעך בענקען אַזוי שטאַרק;... אַזוי פיל דינים האָט מען אַף איר אָנגעוואָרפן, אַז זיי דערדריקן איר מאַמעש... יאָ, ווען ניט די כאַסענע, וואָלט די שטוב, דאָס לעבן אַנדערש אויסגעזען... זי האָט זיך פעסטער אינעם שאַל איינגעוויקלט. אַריינגענומען דעם קאָפּ אין ביידע הענט און שטיל געוויינט: גאָט, דערבאַרימדיקער פאָטער אין הימל, גאָט, דו איינציקער און גערעכטער, באַווייז דיין נעס, ראַטעווע מיין טאַטן פון גויעשע הענט פונעם טויט!...

אין דער פאַרנאַכטיקער טונקלקייט און שטילקייט פונעם צימער, האָט זיך פּאַראַסקאַ אַריינגעוואָרפן אַ כליפּענדיקע, אַ שרייענדיקע. זי האָט זיך גענומען קלאַמערן אָן סאָרקעס קניען, זיך געוואַלגערט אַף דער ערד.

— קום, סאָרעלע, מיט מיר; פאַר די אידישע ווייבלעך האָט מען דערעכערעץ!... אוי, ווי איז מיר, זיי וועלן אים דערהאַרגענען! זיי האָבן מיר צוריקגעגעבן דאָס עסן, וואָס איך האָב אים נאָר וואָס געטראָגן. — ער וויל ניט עסן — זאָגן זיי. — אוי, ווי איז מיר!... סאָרעלע, טייערע, עפּשער לעבט ער שוין ניט מער?...

זי האָט געיאָמערט ווי אַ וואַנזיניקע. אירע רויטע באַקן האָבן געברענט ווי קאַרמעזין. די אויגן געשוואָלן פון וויינען. די פלאַקסענע האָר איבער די אַקסלען צעוואָרפן און דאָס ברייטע קלייד צעקנייטשט פונעם וואַלגערן זיך אַף דער ערד לעבן סאָרקען, האָט זי אויסגעזען ווי אַן אַנטלאָפענע פון אַ מעשוגאָים־הויז.

— באַרויק דיך, פּאַראַסקעלע! — האָט זיך סאָרקע פונעם קאַסטן אַראָפּגעלאָזט און אַריינגענומען דער שיקסעס קאָפּ אין אירע הענט. — דערצייל! האָסט געזען דיין קאַרוצאַן? און?...

פּאַראַסקאַ האָט זיך געקלאַמערט אָן סאָרקען און די טרערן האָבן ריטשקעסווייז געגאָסן פון אירע אויגן.

— אוי וויי, סאָרעלע טייערע. האָבן זיי מיך... אוי וויי איז מיר!... ער וועט מיך צעפּערטלען אַף שטיקער, קאַרוצאַ מיינער... אוי וויי!...

סאָרע האָט מיט דעם שפּיץ פון איר שאַל אָפּגעווישט די טרערן פון פּאַראַסקעס באַקן און דאָס האַרץ איז איר האָט זיך צונויפגעדריקט פון ווייטיק:

— אַלץ אין מיין מאַזל, פּאַראַסקאַ קרווינעניו!...

די פוייערטע האָט אירע אויגן אָנגעשטעלט אַף סאָרקען און ניט פאַר־שטאַנען וואָס זי מיינט. ווידער האָט אַ שטראָם טרערן אַ פליי געטון פון אירע אויגן. זי האָט פאַרגראָבן דאָס פּאָנים אין סאָרקעס שויס:

— קום, סאָרעלע, מיט מיר! פאַר די הענט זאָלן מיר זיך האַלטן!... אין צווייען איז בעסער... פאַר דיר וועט מען דערעכערעץ האָבן... איך בין שוין אומעטום געוועזן. אומעטום דאָס אייגענע. אוי ווי...

סאָרע האָט געשלונגען די טרערן אין זיך:

— מיין האַרץ זאָגט מיר עפּעס ניט גוטס, זייער ניט גוטס... באַם אַרעסטירן דעם טאַטן האָבן זיי איבערגעקערט אַלע שופלאָדן און טיש־קעסטלעך, צוגעגאַנוועט דאָס גאַנצע פאַרמעגן אונדזערס, ניטאָ שוין מיט וואָס זיך אויסקויפן פון זיי... זיי האָבן אָנגעקוקט מיין כאַימלס דאָקומענט... ווערסט שוין זען!... און דעם טאַטן: אוי איך וועל אויסגיין פון פּיין און פון בענקשאַפט! ערשט איצט, פּאַראַסקאַ טייערע, האָב איך דערפילט וואָס דער טאַטע איז פאַר מיר...

פּאַראַסקאַ איז פון דער ערד אויפגעשטאַנען און אויסגעווישט די טרערן פון סאָרקעס אויגן.

— וויין ניט, סאָרעלע ליבינקע! דיר איז נאָך אַלץ גרינגער ווי מיר: האָסט שוין כאַסענע געהאַט, דו ביזט שוין רויק, אָבער איך!... ווי איז מיר! ערגער, סאָרעלע, איז אָנעם געליבטן ווי אָן דעם טאַטן! אַז דער קאַרוצאַ מיינער האָט מיך אַ נעם געטון אַף זיינע אַקסלען, מיך אַ וואָרף געטון אינעם גראָז, זיך אויסגעוואַלגערט מיט מיר איבערן גאַנצן גאָרטן צווישן די סטויגן היי!... דאָס לעבן, סאָרעלע, איז ווי אַ שיינער כאָלעם געוואָרן פאַר מיר! קיינעם אין דער וועלט האָב איך ניט באַדאַרפט, אוי ווי איז מיר! אַז מעשוגע פון גליק קען ער דיך מאַכן!...

סאָרע האָט געקוקט אַף פּאַראַסקען און ניט פאַרשטאַנען וואָס זי רעדט צו איר. זי האָט געזען דעם טאַטן אירן אַ געשלאָסענעם אין קייטן,

אַ צעשלאָגענעם, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, פון דער שטוב אַרויספירן. דערויף איז מאַנקע אָנגעקומען, אַן איינגעשרומפּענע, אַ צעקנוידערטע, מיט גרינער באַליגע אַף די אויסגעדרייטע שיך און אַן אויסגעשמירטע פון וואַלגערן זיך אַ גאַנצע נאַכט אַ שלאָפּלאָזע צווישן די שאָף מיט די ציגן. זי האָט אויסגעזען נאָך קלענער ווי שטענדיק. גערעדט האָט זי גיך און אָפּגעהאַקט. אירע אויגן האָבן אויסגעדריקט מעשוגענע שרעק.

— קינדערלעך מיינע, טייערינקע, גאָטס צאָרן האָט זיך אַף אונדז אויסגעגאָסן. שוין אַ נייער אומגליק באַ אונדז אין דאָרף געשען. פּויערימלעך שושקען זיך, זאָגן אונדזערע האָבן דאָס געטון: פּאַרטאָג, ווען פּויערים זיינען אין די פעלדער צו דער אַרבעט געגאַנגען, האָבן זיי צווישן די פּאַפּעשוינעס געפונען זשאַנדאַרן געבונדענע מיט זעקלעך אַף די קעפּ... אַ זינד אַ גרויסע, גאָטס שטראָף האָט זיך איבער אונדז אַראָפּגעלאָזט...

רייזל מיט אוליאַנאַן זיינען אַריינגעקומען. ביידע האָבן זיי אויסגעזען זייער מיד און דערשלאָגן. אוליאַנאַ האָט צוגעפירט רייזלען צום בעט און מיט גרויען פּאַכעד פון אירע אַלטע אויגן אַ קוק געטון אַף מאַרקען.

— שוין געוועז, טאַכטער מיינע, אומעטום. קיינער וויל זיך ניט מישן ס'איז פּאָליטימשנע, זאָגן זיי. — האָט זיך רייזל אָוועקגעזעצט אַפן ראַנד פונעם בעט. די איבעריקע פרויען האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום בעט און געקוקט אַף רייזלען מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן. קיינער האָט זי ניט געקענט טרייסטן. צו אומגליקלעך און פאַרלוירן האָבן זיי זיך. דער אומגליק האָט זיי צונויפגעבונדן אין אַ שווערן פּיינלעכן שווייגן.

גאָר אומגעריכט און זייער שטיל האָט כאַזשינסקי אַריינגעשטעקט דאָס פּאָנים זיינס אין דער אָפענער טיר. דערזען די ווייבער אַרום בעט, האָבן זיך זיינע גרויסע באַנקע־אויגן שיר ניט איבערגעדרייט מיט די שוואַרצאַפּלען אַרויף. ער האָט זיך אויסגעגלייכט און מאַיסע שטאַרקער העלד זיך אַריינגעשטעלט אין צימער. ער האָט אויסגעגלעט די פּעטע לאַצן פונעם איבעסדיקן סורטוק און גענומען זיי טרייסטן:

— נאָר ניט פאַרלוירן זיך, מיינע טייערינקע, גאָט איז נאָך ניט געשטאָרבן!... דאָס גאַנצע דאָרף אונדזערס גייט דאָך כאַדאַראָם! די פּויערים, אונדזערע ברידערלעך, רוען ניט. אָט זעט וואָס דאָ שרייבט זיך. —

## גאָלדענע קרימער

ער האָט ארויסגענומען א פּראָקלאַמאַציע פון דער בוזעם־קעשענע און שטיל גענומען לייענען: — „מיר, די פּויערים פון שטאָט און פון די ארו־מיקע דערפער, פאָדערן די באַלדיקע באַפרייונג פון דעם פּויער קאַרוצאַ און זיעם אידן יאָסקאַ. אינקעגנטייל וועלן מיר אָנעמען שטרענגע מיטלען...״ איצט זעט איר שוין, — האָט ער מיט פרייד צו די ארומיקע א זאָג גע־טון, — אז די וועלט איז נאָך ניט הפקר!...

מאַנקע האָט אירע אויסגעלאָשענע אויגן אין כאַזשינסקין אריינגע־שטאָכן און אומפארשטענדלעך מיט די אַקסלען געצויגן:

— אָבער גאָכוואָס, פריינטעלע מיינער, מיט די פּאַפּירלעך? וועלן זיי דיעם זון מיינעם פונעם אָסטראָג ארויסברענגען? שוין בעסער אָט אָ דאָס! — זי האָט אירע טרוקענע, ביינערדיקע פוסטלעך צונויפגעבײַלט.

— אָט אָ דאָס, מאַמינקאַ, —- האָט זי פּאַראַסקאַ ארומגעכאַפּט — וועלן מיר צווישן אונדזערע אָרימע ברידערלעך, די פּויערים מיט די אידן צעטיילן!... אלע וועלן מיר אונדזערע הענט, אונדזערע קוילעס אויפהויבן און שרייען און רופן: גיט אונדז אָפּ אונדזערע אייגענע, אונדזערע טייערינקע!...

## כו. — באַם קאָמענדאַנט אין קעלער

דער אָוונטיקער הימל, אַ ברייטער און ראַכוועסדיקער, האָט איינגע־הילט דאָס שטעטל, ווי אַ קלאָר ליילעך אין ערשט געשטאָרבענעם מענטשן. עטלעכע סאָלדאַטן מיט געלאָדענע ביקסן אויף די פּלייצעס האָבן זיך שווייגנ־דיק אומגעדרייט פאַר דעם קאָמענדאַנטס וואוינונג. שוער האָבן זיי זיך אויפן טראָטואַר אומגעדרייט און אומצוטרוילעך געוואָרפן קאַלטע בליקן צו די אַרומיקע גאַסן־ליקלעך.

שוין לאַנג אַז סאָרע און פּאַראַסקע שטייען הינטערן קאָמענדאַנטס טיר. סאָרען איז שווער צו ריידן מיט איר נייער פריינדן איר אַלטע ניט פאַרגינערן. פּאַראַסקאַ הערט ניט אויף גיסן מיט טרערן. די שווערע מאַ־סיווע הענט אירע, אַרום סאָרקעס טאַליע איינגעקלאַמערט, ריידן, יאָ־מערן און פאָדערן:

— זאָלסט בעטן, סאָרעלע, פאַרן כאַסן מיינעם!

סאָרקע הערט זיך איין צו דער טיר. שוין אַ פּאָר שאָ ווי זי האָט געהערט מעלדן דעם קאָמענדאַנט, אַז צוויי פרויען ווילן אים זען, געקומען עפּעס בעטן. איר האַרץ ציטערט אויף באַ יעדן שאָרך, באַ יעדן קליינעם גערויש: איר דאַכט זיך זי הערט ווי מען שלאָגט זיי, ווי זיי קרעכצן... און אָט איז ווידער שטיל, ווי אַליץ וואָלט דאָרטן אויסגעשטאָרבן. די גע־דאַנקען לויפן באַ איר איינער פאַרן צווייטן,, ווי בלעזלעך אין אַ זודיקן טאָפּ וואַסער. יאָ, זי ווייסט שוין ווי אַזוי אָנצעהויבן ריידן און בעטן... אַ רויקייט האָט זי פּלוצים באַהערשט און אַ זיכערקייט אין דער באַפרייונג פון איר פאָטער מיט קאַרוצאַן און אירע אויגן האָבן זיך מיט טרערן פון פרייד אָנגעגאָסן. זי האָט אָפּגעזיפצט, אָנגענומען פּאַראַסקען פאַר די הענט און שטיל געזעדט:

— ווינטער, פּאַראַסקאַ, אין אַן אָוונט, האָט דער קאַרוצאַ דיינער גע־בראַכט צו אונדז צוויי עלצטע... דו ווייסט דאָך פון דעם... איך האָב דע־כאַלט אָפּגעראַטעוועט מיין טאַטן פון אַ גרויס אומגליק. שפּעטער, נאָכן דער־שיסן די פּויערים, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען וואָס זיי האָבן גע־וואָלט... אַ וואוילער מענטש געווען דער עלצטער... אָ, ווען ער וואָלט איצט געווען אין שטאָט! ער וואָלט מיר אַ סאַך געהאָלפן!...

זי האָט זיך ווידער פאַרקלערט און געפּלאָנטעוועט, צונויפגעקייגט די ווערטער וואָס זי זאָל פאַרן עלצטן ריידן.

אינדעם האָ זיך די טיר געעפנט און דער קאָמענדאַנט איז אין דער טיר שטיין געבליבן, אַ גלייכער, אַ שיין פאַרקעמטער, ווי ער וואָלט זיך די גאַנצע צייט געגרייט די געסט אויפצונעמען. ער איז געשטאַנען פאַר די צוויי פרויען אין אַ העפלעכער פּאָזע.

סאָרע האָט אויפגעציטערט.

— דאָמונולי, דאָמונילי!... — אירע ברייט אויפגעריסענע אויגן האָבן זיך איינגעשטאָכן אינעם קאָמענדאַנט. — אָ!

אויך דער קאָמענדאַנט איז בלייך געוואָרן. ער האָט זי לייכט בײַ דער האַנט אָנגענומען און זי אַריינגעפירט צו זיך אין קאַבינעט.

— זיצט!

סאָרע האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ ווייכער שטול לעבן טיש און גע־נומען פּאַראַסקען לעבן זיך. זי האָט זיך באַרויקט. די ערשטע איבעראַ־שונג פון דער באַגעגעניש מיטן קאָמענדאַנט איז אוועק. די פרומע אי־דישע טאָכטער האָט געזען דעם נעס פון גאָט צוגעשיקט, די רעטונג פאַר איר טאַטן מיט קאַרוצאַן. זי האָט אירע אויגן צום קאָמענדאַנט אויפגע־הויבן און אומזיכער אַ שמייכל געטון:

— איך בין זייער צופרידן וואָס איך האָב אייך געטראָפן. איך האָב ניט אָנגעהויבן וויסן, אַז איר זיינט בײַ אונדז אין שטאָט...

דער קאָמענדאַנט האָט זיך מיט זיין גאַנצער זיכערקייט ברייט אַוועק־געזעצט אינעם פּאָטעל בײַם שרייבטיש, האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט און לאַנג פול מיט טייווע און באַגער געקוקט אויף סאָרקען.

# בעסאראביע אין 1918

סאָרע האָט זיך פארלוירן. די פריערדיקע רויקייט אירע און מיט איר די נאַיווקייט וואָס זעט ניט און פארשטייט ניט די געפאר, זיינען פלוצים ווי אויסגעוועפּט געוואָרן. די שווארצע הייסע אויגן זיינע האָבן נישט גע־וועקט צו זיך קיין צומרוי. סאָרע האָט זיך אויפגעשטעלט און געמאַכט א שפּאַן נענטער צום טיש. פּאראַסקאַ, אינגאַנצן א פּארפּלאָנטע, ווי דאָס בלוט אירס וואָלט זיך מיטאמאָל אָנגעצונדן בי איר אין פּאָנים, האָט זי פּארן שאָל א צופּ געטון:

— רייד דו, סאָרעלע, ליבינקע, ביזט א אידישקע!...

סאָרע האָט צום קאָמענדאַנט א קוק געטון. אירע שטומע בליקן האָבן אויסגעדריקט געבעטן און טיפע פארצווייפלונג.

דער קאָמענדאַנט האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט ארייגעלייגטביידע הענט אין די הויזנקעשענעס און מיט א הויך פארהויבענעם קאָפּ גע־שמייכלט:

— ביזט אויסגעוואקסן, רייפער געוואָרן פאר די לעצטע עטלעכע כאַדאָשים, סאָרע, דו שיינע אידישע טאָכטער!...

סאָרע האָט די וויעס איבער די אויגן אראָפּגעלאָזט. זי האָט אומ־רויק געציפּט די פראַנדזן פונעם זיידענעם שאַל און בעטנדיק געשטאַמלט:

— הער קאָמענדאַנט!... מיין טאַטע... קארוצא... האָט ראַכמאָנעס!...

— אָבער נאָכוואָס אַזוי בעטן, סאָרע!... מיינסטו טאקע, אז איך בין אַזאַ שלעכטער?... איבערהויפּט פאר דיר, דו שיינע אידישקע, וועל איך אַלץ טון...

ער האָט געפּרעסן מיט די אויגן אירע פרישע ליפּן און דאָס מידע אָפּגעצערטע פּאָנים.

— איך האָב דיך געזען, סאָרע, עטלעכע מאָל פון זינט איך האָב באַקומען דעם פּאָסטן אין שטאָט בא אייך. געזען דיך מיט דיין כאָסן אין וואַלד, געזען דיך באַם טייך און... אַף דער כאָסענע האָסטו מיך ניט איינ־געלאַדן, כאַ־כאַ... איר האָט נאָך אַלץ פיינט א אונדזעריקן...

סאָרע האָט זיך דערשראָקן פארן איראָנישן געלעכטערל זיינעם. זי האָט א קוק געטון צו פּאראַסקען. ביידע האָבן זיי זיך פארשטאַנען. פּלוצים האָט זיך די שיקסע פונעם אָרט א ריס געטון און מיט ווילדער פאר־

צווייפלונג אָנגעכאַפּט דעם קאָמענדאַנט בײַ די הענט. זי האָט זיך פאַר אים אַף די קניען אַראָפּגעלאָזט און דורך טרערן אַף אים געקוקט.

— האָט ראַכמאָנעס, דאָמנולי, גיט מיר אָפּ מײַן כאָסן, מײַן קאַרוצאַ. מיר דאַרפן שוין כאַסענע האָבן. אַלץ איז שוין פאַרטיק, אַלץ, דער ווײַץ מיטן קאָרן וועט אַף די פעלדער פאַרפוילט ווערן... מײַן טײַערער, מײַן ליבינקער קאַרוצאַ, אוי ווי איז מיר!...

דער קאָמענדאַנט האָט זיך נערוועז געביסן די אויבערשטע ליפּ און קיין וואָרט ניט געענטפערט. פאַראַסקאַ האָט אים ניט אָפּגעלאָזט:

— האָט ראַכמאָנעס, דאָמנולי, אַף אַ אומגליקלעכער יעסוימע. פאַרשעמט ניט מײַן... אוי ווי איז מיר, די כאַסענע־קליידער זײַנען שוין פאַרטיק...

— איך וועל טון פאַר אײַך אַ סאַך מער ווי פיל איך קען און ווי פיל איר זײַנט ווערט, אָבער, איך מוז דאָך וויסן דעם עמעס... פאַרשטייט זיך, אַז נאָר איך דאַרף דאָס וויסן... — האָט ער אַ מיטפילנדיקע מינע געמאַכט.

פאַראַסקאַ איז שטיל געבליבן. מיט האַלב מעשוגע אַרויסגעשטאַרצטע אויגן האָט זי צעמישט געקוקט אַפן קאָמענדאַנט און אַף סאַרקען. סאַרקע האָט פאַרלייגט אירע הענט אַפן האַרצן און פרום, ווי פאַר גאָט גערעדט צו אים:

— דאָמנו קאָמענדאַנט, מיר ווייסן דאָך ניט פאַרוואָס איר האָט זיי בײַ אונדז צוגענומען. וואָס ווילט זאָלן מיר אײַך זאָגן?

דער קאָמענדאַנט האָט זיך פאַרטראַכט. אַ נײַע האַמצאָע איז אים אײַנגעפאַלן. די פרויען וועלן אים אַרויספירן אַפן ריכטיקן וועג. זיי דאַרפן נאָר אַ קוק טון אין דעם קלאָגנדיקן קעלער אַרײַן, זיך אָנטרעפן מיט זייערע ליבע. אַלץ וועט שוין אויפגעקלערט ווערן:

—איר ווילט זען אייערע אייגענע! — האָט ער אַ מיטפילנדיקן זיפץ געטון און גלײַך אָפּגערוקט דעם שרײַבטיש פונעם פלאַץ. ער האָט אַ קלינג געטון מיט דעם גלעקל וואָס איז געשטאַנען אַפן טיש און אַ סאָלדאַט האָט זיך אין דער טיר אַרײַנגעשטעלט.

— פיר אַראָפּ די צוויי דאַמען אין קעלער; פינף מינוט בלויז!...

# בעסאַראַביע אין 1918

אין קעלער איז געווען שטאַרק פינצטער. פון די נאַסע שטיינערנע ווענט האָט געשלאָגן מיט אַ קאַלטן פּאַריפּעשטן ווינט, וואָס ווער ווייסט פונוואַנען ער האָט זיך געטראָגן. סאָרע איז אַ ווײַלע געשטאַנען לעבן לייטערל, אױף װעלכן זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אינעם קעלער אַריין און האָט שטום געהאַלטן פּאַראַסקען פאַר דער האַנט. דער סאָלדאַט האָט אַ וואָרף געטון אַ דינעם שיין פון זיין האַנט־רעפלעקטאָר.

— אַט דאָרטן, לעבן דער וואַנט!...

עס האָ זיך דערהערט אַ טעמפּער קלינגען פון קייטן און קרעכצן, און אומרו אויסגעמישט מיט מענערישע שטימען. סאָרע מיט פּאַראַסקען האָבן פאַר זיך קיין זאַך ניט געזען. אַ שווינדלדיקע פינצטערניש האָט זיי אײנגאַנצן צעטומלט. זיי האָבן פאַרצווייפלט די הענט געשטרעקט און געשריגן:

— טאַטעניו! קאַרוצאַ! טייערינקער מײַנער!

יאָסקע מיט קאַרוצאַן האָבן זיך פון די ערטער אַ ריס געטון און באַלד צוריקגעפאַלן. די איבעריקע אַרעסטירטע האָבן גענומען וואָיען מיט אַ מעשוגענעם מרוקען.

— שוין ווידער שלעפּט מען אונדז צום שלאָגן!... מיר ווייסן ניט פון גאָרניט!... אױ־אױ־אױ...

סאָרקע האָט זיך אַריינגעוואָרפן אינעם פאָטערס אָרימס און שטיל ווי אַ קליין קינד געכליפּעט:

— טאַטעניו, פאַרוואָס שטראָפט אונדז גאָט? פאַרוואָס?

יאָסקע האָט זי אַרומגענומען און שטיל גערעדט:

— ביטאָכן, סאָרעלע, טעכטערל מײַנס, גאָט וועט אונדז ניט פאַרלאָזן...

———

ביידע, פאָטער און טאָכטער, האָבן זיך צונויפגעקלאַמערט און די הערצער זייערע האָבן געקלאַפּט מיט האָפענונג און ביטאָכן.

פּאַראַסקאַ איז געוואָרן ווילד. זי האָט גענומען רייסן די קייטן פון איר כּאָסן, וויינען און שרייען:

— ליבינקער מײַנער, טייערינקער, איינציקער, איך וועל דיך אַרויסנעמען פון דאַנען, דיך דאָ ניט לאָזן!...

קאַרוצאַ האָט זי געגלעט מיט זיינע צעוואונדיקטע הענט:

# ג אָ ל ד ע  ק ר י מ ע ר

— ווייַן ניט, מיידעלע מיינס, צויגעלע, קעלבעלע מייַן טייערס! זאָלסט ניט גיין צו זיי! איך וועל דיר די זשעבערעלעך דייַנע אונטערהאקן!...

— או... או... או... — האָבן עטלעכע פּויערים, שוין מעשוגע פונעם פּוילן אין קעלער, זיך געריסן אין דער נאַסער אויסגעמוליעטער שטיינער־נער וואַנט און די ווילדע איבערגעקערטע אויגן זייערע אַף פּאַראַסקען מיט סאָרקען אָנגעשטעלט — או... או... או...

פּאַראַסקאַ האָט אויפגעהויבן אַ גוואַלד.

— ווי איז מיר, פאַרוואָס פּייניקט מען נעבעך אונדזערע ברידער־לעך, אָרימע פּויערימלעך, נעבעך, אוי;...

— שווייגט! — האָט דער סאָלדאַט אַ געשריי געטון. — מירן אייך אין קייטן שליסן!...

סאָרע האָט אירע הענט צענומען און צוגעצויגן צו זיך קאַרוצאַן און זיך געקלאַמערט צווישן אים און איר פאָטער.

— מיינע אומגליקלעכע!...

פּאַראַסקאַ האָט זיך אַף דער ערד אויסגעצויגן מיטן בויך אַראָפּ און געקלאַפּט מיטן קאָפּ אינעם שטיינערנעם פּאָל. דער קעלער איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט איר געיאָמער.

— מיינע טייערינקע, מיינע ליבינקע! פאַרוואָס האָט מען מיך פון אים אָפּגעריסן, פאַרוואָס?

עס האָ זיך דערהערט דאָס קלינגען פונעם גלעקל. דער סאָלדאַט האָט זייַן האַנט־רעפלעקטאָר אַף סאָרקען אָנגעשטעלט.

— שוין צייט צו גיין!

סאָרע האָט אים צעמישט אָנגעקוקט און זיך נאָך שטאַרקער איינ־געקלאַמערט צווישן פאָטער מיט קאַרוצאַן.

— לאָזט בלייבן דאָ! לאָזט מיך!

פּאַראַסקאַ האָט זיך אויפגעשטעלט און מיטביידע פויסטן אינדער־לופטן געפאָכעט. די קוילעס אירע האָבן דוכט זיך די שטיינער פון די ווענט אויפגעריסן.

— גיט מיר אָפּ מייַן כאָסן! מייַן זשיפּוני יאָסקאַ! מיינע!...

## בעסאראביע אין 1918

— גייט פונדאנען! — האט דער סאלדאט אומרויק געשריגן. — צייט גיין.

— גיי, סארעלע, — האט יאסקע שטיל געמורמלט, — גיי אהיים. מיט גאטס הילף. דער עמעס וועט זיך ארויסווייזן...

— זאלסט ניט גיין צו זיי בעטן פאר מיר, צויגעלע מיינס! — האט קארוצא דער קאלע זיינער נאכגעשריגן. — איך וועל דיר די זשעברע־לעך דיינע אונטערהאקן!...

דער קאמענדאנט האט דורכגעדרונגען מיט די אויגן סארקען מיט פאראסקען בעשאס זיי זיינען פונעם קעלער ארויסגעקראכן. סארקע האט זיך שווער אראפגעלאזט. זי האט דאס פאנים אין די הענט אריינגענומען און האסטיק און אפגעריסן געשטאמלט:

— מיט צוואנציק יאר עלטער זיינען זיי געווארן... פארוואס קומט עס אונדז?...

פאראסקא, אינגאנצן אן אנגעצונדענע, האט מאדנע געשוויגן, ווי דאס לאשן וואלט בא איר פלוצים אפגענומען.

דער קאמענדאנט האט ווי צו זיך אליין גערעדט:

— אזוי איז שוין דאס לעבן, דער אומשולדיקער צאלט פארן שול־דיקן... אבער, פארוואס זיינען די בעסאראבער אזוי טעמפ?! צי האט שוין דען דער מענטש קיין געהירן ניט אין קאפ?... זיך לאזן אומברענגען, דער רועך ווייסט פאר וועמען, און נאך וואס?...

פאראסקא האט אויפגעציטערט, ווי זי וואלט זיך פון א הינערפלעט אויפגעכאפט:

— אבער, מיין קארוצא איז דאך דער בעסטער, דער טייערסטער! וואס ווילט איר זאל איך אף אים זאגן?... האט ראכמאנעס! — האט זי גענומען בעטן קינדיש און שטיל. — איר זיינט דאך א פאטער און א מאן!... א א דא אונטער מיין הארץ... פארשעמט ניט א אומגליקלעכע יעסוימע!...

דער קאמענדאנט האט אף איר א אומהיימלעכן קוק געטון. קענטיק אז אירע טרערן, איר געבעט האבן געווירקט אף אים. נאר באלד איז דער

## גאָלדע קרימער

בליק זיינער ווידער הארט געוואָרן און ער האָט איראָניש, קימאַט סאַ־דיסטיש גערעדט צו איר:

— זאָג מיר, דו כיטרע פויערטע, ווער, ווילסטו, זאָל הערשן אין אייער לאַנד, מיר, די ציגיינער, צי זיי, די רויטע?...

פּאַראַסקאַ האָט זיך אַף קיין האָר ניט דערשראָקן. זי האָט אים נאָר מאָדנע אָנגעקוקט.

— דאָמנולי, וואָס ווייסן מיר, די אָרימע פּויערים, פון אויסקלייבן פאַר אונדז הערשער?! זאָל הערשן אפילע א רועך אין אונדזער לאַנד, נאָר זאָל ער גוט זיין צו אונדז, זאָל ער אונדז ניט שלאָגן און פּייניקן, ניט צו־נעמען אונדזער האָב און גוטס, אונדזערע כאַסאַנים און טאַטעס ניט האַר־גענען!... זאָלן זיך די אָרימע פּויערלעך לעבן און מערן אַף זייערע אייגענע פעלד'ער!... ווען מען טוען מיר שלעכטס, דאָמנו קאָמענדאַנט און פאַר־וואָס פּייניקט איר אונדז אָן ראַכמאָנעס? נעמען מיר דען צו עמיצנס ברויט, עמיצנס האָרעוואַניע; אַלץ האָבן מיר מיט אייגענע הענט פאַר זיך געבויט...

דער קאָמענדאַנט האָט גענומען שפּאַנען איבערן צימער, געקייט די ספּינע אין מויל און געשפּיגן אפן געוועקסלטן פּאָל ווי אן עמעסער פּויער און געוואָרפן זיינע בליקן צו סאָרקען.

— אָבער, וואָס האָט דער קאַליאַ געטון בא אייך אין הויף?

— קאַליאַ? — האָט סאָרע פאַר זיך שטיל גערעדט. — קאַליאַ איז דאָך מיין עמעסער יונגנט־כאַווער! ער איז געקומען מיך גריסן צו מיין כאַ־סענע! גלויבט מיר, דאָמנולי, אז מיר ווייסן ניט פון קיין זאַך ניט, גלויבט! ווי קענען מיר אייך שעצן, אז איר ווילט אונדז ניט פאַרשטיין?

דער קאָמענדאַנט האָט איר קיין וואָרט ניט געענטפערט. ער האָט גענומען איבערקוקן א פּעקל פּאַפּירן אפן טיש, און צום סאָף, ווי ער וואָלט עפּעס געפויעלט בא זיך, האָט ער צו סאָרקען די הענט אויסגעשטרעקט.

— גוט, סאָרע, מירן זען טון אַלץ וואָס איז מעגלעך, אפילע דאָס שווערסטע. אַלץ פאַר דיר! נאָ, קום צו גיין מאָרגן, צען אין אוונט, אין מיין פּריוואַטער וואוינונג, איך וועל אַף דיר וואַרטן...

## בעסאראביע אין 1918

זי האָט אים פרום אין פּאָנים אריינגעקוקט.

— וועט איר באפרייען מיין טאטן מיט קארוצאן?

— יאָ, סאָרקע!

— איז פארוואָס זאָלט איר זיי ניט באפרייען שוין, איצט?

דער קאָמענדאנט האָט א שמייכל געטון:

— שוין באסענע געהאט און נאָך אלץ א קינד!...

---

## כז. — מען ראַטעוועט זיך ווער ווי עס קען

אין שטוב בא אַלטער פעלצנמאַכער איז אַן איבערקערעניש. דער טיש און די בענקלעך, דאָס אַלטע הילצערנע בעט מיט דער נייער טאַבורעטקע זיינען איבערגעקערט און צעוואָרפן איבער דער שטוב. די קישנס און די קאָלדריעס, דעם פעלצנמאַכערס טולעפּ און כאַנציעס שליאָמענער מאַנטל וואַלגע־ן זיך אַף דער ערד צווישן די פעדע־ן פון די אויפגעריסענע קישנס און איבערבעטן. כאַנציע איז אינגאַנצן צעדרייט פון שרעק און ברעכט זיך די הענט:

— אוי ווייי מיר ניסט געסעען, אַלטערקע ליובעניו, געזונט און סטאַרק זאָלסטע מיר זיין! אַן אומגליק, וואו איז דער קליינער אונדזערער, אוי, ווייי!...

דער פעלצנמאַכער, וואָס איז ארומגעגאַנגען צווישן דער איבערקערעניש און די פעדערן ווי אַ געבונדענער האָן אַף אַ שטריקל, האָט דעם ווייב זיינעם די אויסגעבלייכטע באַקן געגלעט:

— שרעק דיך ניט, כאַנציע, מאַמע מיינע, מוישעלע וועט זיך אַן אייצע געבן... ער פייפט אַף דער וועלט און פאָרט אַף דער קאָנקע... געפונען האָבן זיי גאָרניט, זאָלן זיי ריידן צום זייטזשע מויכל!!! פאַרלאָז דיך נאָר אַף דיין מאַן, כאַנצעניו, קאָרנברויט מיינס!... זיי אַף צעלאָכעס, וועלן זיי קריגן ס'קאַדאָכעס...

די טיר האָט זיך געעפנט און בריינדל דעם סטעלמאַכס האָט פאַרזיכטיק אינעם צימער אַריינגעקוקט. זי איז געווען ערנסט און באַזאָרגט. מיט איין בליק האָט זי ארומגענומען די איבערקערעניש אין שטוב...

— איר קענט שוין פאַרבעטן ס'בעט!... האָבן גאָרנישט נישט געפונען?...

כאַנציע האָט ווידער אָנגעהויבן יאָמערן:

— זע נאָר, ברײַנדעלע, וואָס די זשינדאַרן האָבן מיר אָנגעמאַכט!... גאַזלאָנים!... אידישע סאָנים!...

ברײַנדל האָט זי ארומגענומען:

— מאַכט נישט קיין ראַעש, כאַנציע, און זוכט נישט מוישעלען אַליין וועט זײַן רעכט!...

— איך האָב דיר געזאָגט, כאַנציע, אַז דער קלײנער אונדזערער האָט זיי נײַן אײַלן אין דער אַדאָמע... מעגסט זיך פאַרלאָזן אויף פּעלצנמאַכערס זון!...

— איר ווייסט עפּשער וואו כאַימל געפינט זיך, יאַסקעס אײדעם?

— האָט ברײַנדל אַ פרעג געטון. — טאָמער קומט מען אייך פרעגן, איז שאַ, איר ווייסט פון גאָרנישט...

— סיים, כאַימלען סיים אויך באַסטאַט, ווי איז מײַן מאַזל!...

דאָס מיידל האָט זיך צו איר צוגעבויגן

— כאַנציע, ניט איצט דאַרף מען ריידן! שששש!...

ברײַנדל האָט זיך פונעם צימער ארויסגערוקט און מיט די שמאָלע פּויערישע אונטערגעסלעך זיך געלאָזט גיין צו כאַזשינסקין. אַ נישט גוטע נײַעס האָט זי פאַר כאַימלען געטראָגן. בא כאַזשינסקין אין גאָרטן האָט זי די טריט אירע אײַנגעהאַלטן: דאָ מוז מען זײַן פאָרזיכטיק. ווער ווייסט צי איז מען שוין נישט געקומען כאַימלען אַרעסטירן?... קיינער טאָר זי דאָ נישט זען. ברײַנדל האָט זיך אונטערגעגאַנוועט צום שטיבל און ארײַנגעקוקט אין אײנעם פון די קלײנע פענצטערלעך. כאַימל איז דאָרט געזעסן אַ שטילער, אַ דערשלאָגענער אויף אַ סאָפקע צווישן לאַנגע טולן וואָס האָבן אראָפּגעקאָנגען פון בײדע זײַטן אַ יעזוס־איקאָנע. בײדע האָבן זיי געהאַט איין קאָליר, דער בלײַכער פאַרגעלטער יעזוס און כאַימל, וואָס האָט קיין איין טראָפּן בלוט נישט געהאַט אין די באַקן.

זי האָט אַ לײַכטן קלאַפּ געטון אין דער שויב און ארײַנגעשמייכלט צו כאַימלען:

— היי, פאַרברעכער, עפן די טיר!

ער האָט איר די טיר אויפגעעפנט און מיד געשמייכלט:

— וואָס איז נײַס?

בריינדל האָט זיך אוועקגעזעצט אפן סאָפּקעלע צווישן די טולן און אָנגעשטעלט אף כאַימלען אירע קלוגע אויגן.

— הערט, כאַימל, איך וויל פון אייך איין זאַך: זייט אַ מאַן!...

ער איז בלייך געוואָרן און אַ צעקרימטן שמייכל געטון:

— זאָגט, וועגן וואָס האַנדלט זיך?

— כאַימל, פאַר אייער טויווע וועגן... מאַכט זיך קוראַזש, גרייט זיך אין וועג אריין און וואָס גיכער איז בעסער!...

די טיר האָט זיך געעפנט און סאָרקע מיט פּאַראַסקען זיינען אָנגעקומען. סאָרקע האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אפן סאָפּקעלע און אים באַזאָרגט אַ פרעג געטון:

— וואָס מאַכסטו, כאַימל;

— וואָס הערט זיך אינדערהיים, סאָרע? — האָט כאַימל געפרעגט אנשטאַט צו ענטפערן. — ביזט ערגיץ געווען?

פּאַראַסקאַ האָט זיך אַ וואָרף געטון אף די שמאָלע „סטעזשקעלעך”, וואָס האָבן באַדעקט די פריש אָפּגעשמירטע ערד און שטיל געכליפּעט:

— אוי ווײ איז מיר, זיי וועלן אים דערהאַרגענען!... אוי, ווי אומגליקלעך איך בין!...

— דען אָדן, כאַימל, האָט מיר געהייסן קומען מאָרגן אין אָוונט. — האָט סאָרע טמימעסדיק אפן מאַן אירן געקוקט.

כאַימל האָט אויפגעציטערט.

— און דו וואָס האָסט געזאָגט, סאָרע?!

— כאַימל, איך רעכן צו גיין. ער איז דאַכט זיך, אַ גאַנץ וואוילער מענטש...

בריינדל האָט אַ שמייכל געטון:

— ווען ער ליגט מיט די ציין ארויף, וואָלט ער נאָך וואוילער געווען!...

רייזל מיט אוליאַנאַן זיינען אריינגעלאָפן און זיך אַ לאָז געטון צו סאָרקען:

— נו, וואָס הערט זיך, סאָרעלע?

סאָרע האָט זיך איינגעגראָבן מיטן פּאָנים אין דער מוטערס ברוסט און שטיל געיאָמערט:

— מאַמע, אַלץ אין מיין מאַזל, אַלץ...

כאַזשינסקי, אַ ריינער, אַ פאַרקעמטער אין זיין איכעסדיקן סורטוק אויסגעפּוצט, האָט אַ גרויסע ערדענע שיסל מיט קעז און מיט סמעטענע אפן טיש אוועקגעשטעלט.

— נעמט עפּעס אין מויל אריין! מיין סמעטענקע קאָשער, אידישע געסט! נייע פּאָסודע (געשיר)!...

כאַימל האָט זיך צו רייזלען געווענדעט:

— שוויגער, דאָס נויטיקסטע, שאַפט אונדז געלט! איך מיט סאָרקען וועלן מיר אָפּפאָרן קיין פּאַריז און פון דאָרט צו מיין פעטער קיין אַרגענטינע...

רייזל האָט אַ צעמישטן קוק געטון אף אוליאַנאַן און געפילט דערביי ווי דער אָטעם פעלט איר אויס, ווי ס'וואָלט פּלוצים דאָס שטיבל אַף איר איינגעפאַלן און אָט ווערט זי דערשטיקט. זי האָט אינגאַנצן אויפגעציטערט.

— האָסט געהערט, אוליאַנאַ?!

דער פויערטעס אַלטע נאָכגעלאָזטע באַקן האָבן גענומען ציטערן. אין די אַלטע אויגן אירע האָבן פונקען צאַער אַ שפּריץ געטון.

— אַזאַ פּאָדלאָסט! אַליין זאָל ער פאָרן!...

דאָס שמאָלע טירל פונעם צימערל האָט זי אַ צעפּראַל געטון און כאַנציע, אַ דערשראָקענע, מיט פעדערן אין די צעשויבערטע האָר, האָט רייזלען ארומגעכאַפּט:

— אוי, רייזעלע, ניסאָמע, סיים אַ נייער אומגליק! סאָלדאַטן מיט זינדאַרן האָבן די טירן פון אייער סטוב אויפגעבראָכן!... מע זוכט סיים ווידער!... מע זוכט סאָרקען און כאַימלען!...

פּאַראַסקאַ, וועלכע איז געלעגן ביז איצט ווי אַ פּאַרטייעטע אין איר אומגליק, האָט זיך פונעם יאָמערן אויפגעכאַפּט און אומגלויבלעך מיטן קאָפּ געשאָקלט:

— דער אומגליק איז פאַר אידן און פויערים גלייך!...

---

# גאָלדע קרימער

אין דער גרויקייט, וואָס האָט געשמעקט מיט ערד און פֿויערישן געשמאַקן באַנאַכטיקן שלאָף, האָט כאַזשינסקי פּאַרזיכטיק געעפֿנט דעם טויער און רוישלאָז ארויסגעפֿירט אַף דער גאַס דעם איינגעשפּאַנטן וואָגן. אינעם וואָגן, טיף צווישן שטרוי אראָפּגערוקט זיינען געזעסן כאַימל מיט סאָרקען אין פֿויערישע קליידער אָנגעטון. זיי האָבן צווישן זיך קיין וואָרט נישט גערעדט. ערשט ווען דער פֿויער האָט זיך אינעם וואָגן אריינגעזעצט און אַ טרייב געטון די פֿערד, האָט סאָרע איר פּאָנים אריינגענומען אין די הענט און זיך שטילט צעיאָמערט:

— כאַימל, וואָס וועט איצטער ווערן פֿון מיין טאַטן, פֿון מיין מאַמען?...

דער מאַן אירער האָט זי ארומגענומען און אָפּן אויער איינגערוימט:

— וויין נית, סאָרעלע, מירן נאָך זיין מיט זיין צוזאַמען, וועסט זען!...

— און אוליאַנאַ וואו וועט בלייבן?...

כאַימל האָט זיך אַ בייזער געטון:

— און וואו וועט בלייבן די מילכיקע געפֿעס, מיטן מעלק־שעפֿל?...

סאָרע האָט זיך נישט גערירט אַף אַזאַ ענטפֿער. איר האָט אַ שטאָך געטון אין הארצן. איר אוליאַנאַן!... זי האָט זיך אָפּגערוקט פֿונעם מאַן, פֿון דעם מענטשן, וואָס איז געבליבן איר איינציקער באַשיצער, דער וואָס האָט געדאַרפֿט בויען איר ווייטערדיק לעבן און האָט עס מיט איין וואָרט איינגעוואָרפֿן. פֿאָרט אפֿן וואָגן אַ מענטש און פֿירט מיט זיך אַ מיידל, אַ קינד נאָך, וואָס האָט איבערגעלאָזט איר לעבן באַ טאַטע־מאַמע, באַ איר אוליאַנאַן, באַ איר קאָליען... שטיל שלעפּט זיך דאָס פֿורל איבערן דאָרף. אַ סאָווע האָט זיך פֿון אַ פּלויט אויפֿגעהויבן און די פֿליגל צעשפּרייט מיט אַ וויינענדיקן קראַקען...

באַם וואַלד האָט זיך דאָס פֿורל אָפּגעשטעלט און אוליאַנאַ איז זיי אַקעגן געקומען. אַ באָרוועסע האָט זי געטראָטן איבער די אָסינדיקע בלעטער, קעדיי נישט צו מאַכן קיין גערויש. סאָרע האָט זיך אַ שטעל אויף געטאָן אין זיך ארויפֿגעוואָרפֿן אַף דער פֿויערטע. זי האָט געקושט אוליאַנאַס הענט, די באַקן, געשמעקט צו אירע גרויע האָר.

— ווי די שמעקסט אוליאַנאַ! נעם מיך אהיים! איך וויל צוריק!...

## בעסאראביע אין 1918

אולאנא האט זי צום הארצן געדריקט און זי צוריק אין וואגן ארייג־געזעצט.

— וואוהין זאל דיך אוליאנא נעמען, באבאקולי מיינס?! אלץ האבן זיי בא אונדז צוגענומען. נאר דיך... פאר, באבאקולי, מיטן מאן!...

זי האט זיך אינעם גראז אראפגעלאזט, אף די קניען, און שטיל גע־שעפטשעט א טפילע.

כאזשינסקי האט איר מיטן פוס א טארע געטון פון הינטן.

— גיי אהיים, אוליאנא! די פאניע ראזא איז קראנק, מען דארף זי היטן!...

ער האט א ציי געטאן די לייצעס און גענומען גיין בא דער זייט פור־נעם וואגן. ס'איז שטיל געווען, ווי די וועלט וואלט אונטער א שווערן שטיין געלעגן. די שטיין געבליבענע אוליאנא האט זיך געלאזט לויפן נאכן וואגן און די שטילקייט איז ווידער צעשטערט געווארן. כאזשינסקי האט די פערד אפגעשטעלט.

— ביזט מעשוגע, אוליאנא;!...

די פויערטע האט אראפגערוקט א זאק פונעם פוס און ארויסגעשלעפט א קליין קניפל.

— נעם מיט אין וועג! — האט זי דאס סארקען אין דער האנט ארייג־געשטופט.

סארקע האט אף איר א שטומען קוק געטון און קייןווארט נישט גערעדט.

דער וואגן איז אוועקגעפארן. אוליאנא האט זיך צוגעשפארט מיט דער פלייצע צו א בוים און איר ברייט הארץ האט זיך געהויבן, אלץ שטארקער, אלץ שווערער...

---

אן עלנטע פויערטע מיט א גראבן דעמבענעם שטעקן אין די הענט, האט שווער געשפאנט אין באגינען איבערן שליאך און געלאזט הינטער זיך ברייטע שווארצע טריט אינעם יונגן ערשטן שניי. באם ראנד פון טאל,

וואו אַ זייטיקער וועג האָט זיך געצויגן, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט אַ שווערן הוסט געטון און אומרויק זיך אַרומגעקוקט. עס האָט זיך דער־הערט דאָס אָנקומען פון אַ פור. דער געריוש פון פערד און וואָגן איז גע־וואָרן אַלץ שאַרפער, נעענטער. אַן אָנגעשפּאַרטע מיט דער ברוסט אַפן שטעקן, האָט זיך די פויערטע שטאַרק צעהוסט. פונעם טאָג האָט זיך אַ רייטער אַרויפגעהויבן אַפן שליאַך, אַ רומעניש֞ער זשאַנדאַר מיט אַ ביקס אַף די פּלייצעס. ער האָט זיך לאַנג אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און אַ רוף געטון מיט דער האַנט

— פּאָרט אַרויף, ס׳איז רויק!

אַ גרויסע פויערישע פור איז אַפן הויכן שליאַך אַרויפגעפּאָרן און צוויי סאָלדאַטן מיט געלאָדענע ביקסן אַף די פּלייצעס זיינען נאָכגעפּאָרן. צוויי אַרעסטאַנטן זיינען געזעסן אינעם וואָגן. מען האָט זיי געפירט פון שטעטל אין דער שטאָטישער טורמע אַריין.

די פויערטע האָט די הענט אַקעגנגעשטרעקט און זיך געבעטן:

— איך וועל דערפרוירן, גוטע מענטשן, ראַטעוועט אַן אַלטע קריסטן פון אומקום!...

דער זשאַנדאַר האָט אומצופרידן געוואָרטשעט:

— אזוי פרי און מען שלעפּט זיך שוין אַרום!... פויערישע הינט!...

ער האָט דאָס פערד פאַרהאַלטן און געקוקט אַף דער פויערטע וואָס איז הוסטנדיק אַפן וועג אָוועקגעפאַלן און ביטער געקלאָגט:

— האָט ראַכמאָנעס, דאָמנולי, לאָזט מיך נישט וואַרטן ביז אַ פויע־רישע פור וועט אָנקומען... אַ טאָכטער מיינע, אַ געווינערן... אָט דאָרטן נאָכן באַרג אין ערשטן דערפל וואוינט זי... אַ בראָכע פונעם הייליקן פאָ־טערל פיר איך איר, אָט זעט!... — זי האָט אַרויסגעשלעפּט אַ בינטל צייַ־לעמלעך מיט קאַמייעס פונעם בוזים. — אָט דאָס פיר איך איר!...

דער זשאַנדאַר האָט איר פאָרשנדיק אין פּאָנים אַריינגעקוקט.

— קענסטו די דאָרפישע פויערים, דו אַלטע פּעגירע?...

— איך קען דעם... פּאָפּ, אַ פרומע נעשאָמע, שטראָפט די פויערים זיי זאָלן געטריי זיין צום נייעם צאַר... איך קען דעם שעף פון דער פּרימאַ־ריא און דעם דיאַק... די טאָכטער מיינע איז באַם שעף אַ...

# בעסאראביע אין 1918

— אזוי גאָר! — איז דער זשאַנדאַר פונעם פערד אַרונטערגעשפּרונגען און כוױזעקדיק געשמייכלט צו דער באַדינערן. — פיין! וואונדערלעכע פּויערטעס, די בעסאַראַבער! וויפל רייץ איז פאַראַן אין זייער שרעק!... איז פאַראַן שיינע מיידלעך אין דאָרף בא אייך? כאַ־כאַ־כא!

— זייער שיינע, דאָמונולי. דאָס עלצטע אייניקל מיינס, אַכצן יאָר. די פאַראָבקעס אין דאָרף פייגערן נאָך איר! אָבער זי, אַ צויג איז זי, דאַוורקע מיליטערלייט געפעלן איר!...

דאָס פורל מי די צוויי אַרעסטירטע איז לעבן זשאַנדאַר שטיין געבליבן. די פּויערטע האָט גענומען סאַפּען שווער און הוסטן שטאַרק און קראַמפּיק. דער זשאַנדאַר האָט זי אָנגענומען באַם אַקסל.

— אָט דאָרטן, פאָרנט לעבן אָנטרייבער קריך אַריין!

זי האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אינם וואָגן און פּלוצים אַרויסגעלאָזט אַ מאָדנע קוויטשנדיק קייכן, גענומען קרייען ווי אַ האָן און איינגעשטאָכן אירע אויגן אין די צוויי אַרעסטירטע, וואָס האָבן מיט שרעק און האָפענונג געקוקט צו איר.

דער זשאַנדאַר האָט אַ קוק געטון אפן האַנט זייגערל:

— ריר דיך, דו אַלטע פּעגירע! מירן די באַן אָנווערן!...

מיטאָמאַל האָבן צוויי שטריק אינדערלופטן אַ פלי געטון. דער זשאַנדאַר און דער סאָלדאַט זיינען פון די פערד אַרונטערגעפאַלן און פאַרשלונגען געוואָרן אינעם טאָל.

דער סאָלדאַט וואָס האָט אָנגעטריבן, האָט אַרויסגעכאַפּט זיין באַגנעט און שנעל אַ שטאָך געטון מיט אים דער פּויערטע אין דער ברוסט. זי האָט זיך אַ וואַקל געטון און אויסגעשטרעקט אירע הענט צו די אַרעסטירטע.

— קינדערלעך מיינע טייערע, גאָט זאָל אייך באַשיצן!

דער סאָלדאַט האָט גענומען טרייבן די פערד, זיי געיאָגט צוריק אין שטאָט אַריין. אינדעם זיינען פונעם טאָל אַרויסגעשפּרונגען עטלעכע פאַרשוינען אין קורטקעס מיט מאַסקעס אף די פּענימער. פיר זיינען זיי געווען. און זיי האָבן אויפגעהויבן אַ שיסעריי נאָכן פורל. דער אָנטרייבער

האָט זיך אַ וואַקל געטון און איז אַרונטערגעפאַלן צווישן די פערד. באַלד האָבן זיי דאָס פורל אַרומגערינגלט און אַראָפּגענומען די מאַסקעס פון די פּענימער.

— כאַוויירים, יאַסקע, קאַרוצאַ, איר זייַנט געראַטעוועט!

— פּאַראַסקאַ! — האָט מוישעלע אַ באַפעל געטון. — טרייב די פערד! — און ער מיט קאַליען האָבן זיך אַף די צוויי איבערגעבליבענע פערד אַרויפגעכאַפּט.

נאָר פּאַראַסקאַ האָט זיך צום כאָסן אירן געוואָרפן און געריסן פון אים די קייטלעך פון די הענט מיט אַ טיגערישער קראַפט און אַקשאָנעס, געפּרוּווט זיי מיט די ציין איבערבייסן.

— טרייב דו פּראָסינקאַ! — האָט קאַליאַ געשריגן. — מען יאָגט אונדז נאָך.

פון שטאָט זייַנען אַ מאַכנע רייטער אָנגעלאָפן און נאָכגעשאָסן. פּראָ־כינאַ האָט געטריבן די פערד איבער באַרג און איבער טאָלן. די אויגן זייַ־נען איר שיר פון קאָפּ אַרויסגעשפּרונגען. יאַסקע מיט קאַרוצאַן האָבן פאַרלוירן די פרייד פון זייער באַפרייונג:

— שלעכט, ברודער, מען פאַרלויפט אונדז דעם וועג!...

באַלד איז דאָס פורל אַרומגערינגלט געוואָרן. פון די זייטיקע דערפ־לעך זייַנען סאָלדאַטן מיט זשאַנדאַרן אָנגעלאָפן. דער איינער סאָלדאַט, וואָס האָט באַוויזן צו אַנטלויפן, איז צום וואָגן צוגעשפּרונגען און מיט זייַן באַגנעט איבער די אַרעסטירטע געפאָכעט. קאַליאַ האָט אַרויסגע־כאַפּט אַ לאַנג מעסער פונעם שטיוול און גענומען דערמיט פעכטן אַף רעכטס און אַף לינקס:

— ראַטעווע דיך, קאַרוצאַ! מאַשקאָ, ראַטעווע זיי! אַף די פערד!...

דאָס שיסערייַ איז געוואָרן אַלץ העפטיקער. פּויערים און פּויערטעס זייַנען פון די כאַטעס אַרויסגעלאָפן און מיט די הענט צו וויסן געטון:

— אונדזעריקע האָט מען געכאַפּט!... מען שלאָגט אונדזעריקע!...

קאַרוצאַ האָט זיך אין די הענט אַרייַן גענומען. געזען די שפּיל איז פאַרן טייוול, האָט ער זיך צו זייַן קאַלע אַפן פערד אַרויפגעכאַפּט. קאַליאַ

## בעסאַראַביע אין 1918

האָט ארויפגעכאַפּט צו זיך יאָסקען. פּאַראַסקאַ האָט מיט איין האַנט איר כאַפּן אַרומגענומען און מיט דער אַנדערער גענומען יאָגן דאָס פערד.

— מאָשקאָ, נאָך אונדז! — האָט זי מיט אַ מענערישן קאָל געשריגן...

ס'איז שטיל געוואָרן. דאָס שיסעריי האָט אויפגעהערט. דאָס פּירל איז געשטאַנען אַ צעטרייסלטס, מיט צעבראָכענע אַקסן און אַ צעבראָכענעם דישל, אַ דורכגעלעכערטס פון קוילן. אַ שטרענגע שמירע פון סאָלדאַטן האָט מיט די נאַהייקעס די פּויערים און פּויערטעס צעטריבן.

צעקריכט אייך, בלוט פון איבערן דניעסטער! באָלשעוויקעס! פּאַרעטער...

# כח. — קומען וועט אף זיי אַ צייט!...

אין אָוונט איז דאָס קליינע שטיבל כאַזשינסקים פול געווען מיט מענטשן. ווייבער און אידן, פויערים און פויערטעס.

אינמיטן שטוב אַף אַ טיש, אין אַ נייער טרומנע איז געלעגן אוליאַ־נאַ, אויסגעפוצט אין אירע נייע קליידער, די וואָס יאַסקע האָט איר גע־קויפט צו זיין טאָכטערס באַסענע. די האָר אירע זיינען געווען גלאַט פארקעמט און מיט קעמעלעך באַשטעקט. די הענט האָט זי געהאַלטן אַפן האַרץ צונויפגעפלאָכטן און צווישן די פינגער אַ קליינער מעשענער צייי־לעם. זי האָט אויסגעזען מאָדנע שמייכלענדיק. אַזאַ מידער שמייכל פלעגט זיך אַף איר באַווייזן ווען סאָרע האָט זיך באַקלאָגט אַף איר. בלויז די געלקייט אַפן פּאָנים, פונעם בלוט־פארלוסט האָט אײדעם געזאָגט, אַז זי איז טויט.

מער ווי אַף אוליאַנאַן, איז דער טויט געלעגן אַף די זאַכן און אַף די מענטשן אין שטוב. דער שפּיגל איז פארהאָנגען געווען מיט אַ שוואַר־צן טוך, און אַ דינער ווייערד־רויך האָט זיך געטראָגן פון אַ קליין מעשן לעמפּל אונטער דער איקאָנע מיט יעזוסעס בילד אין אַ דערנער־קרוין. ציקאָפּנס דעם באַרמינען איז געשטאַנען רייזל מיט פארלייגטע הענט און האָט, פּונקט ווי די טויטע, מיט קיין אייוועד ניט אַ ריר געטון, און גע־ווייעט האָט פון איר מיט טעמפּן טרויער. גרויסע ביילעוונע ליכט ארום באַרמינען האָבן געטריפט, געשפּריצט און געטשאַדעט.

צוויי סאָלדאַטן האָבן זיך אין דער טיר אריינגעשטעלט:

— ארויס פון דאַנען, בלוט פון איבערן דניעסטער!...

דער אוילעם האָט זיך אַ וויג געטון און האָט קיין וועג ניט געפונען צו אַנטלויפן. איינער אַ פּויער האָט אַ פענצטערל אויפגעריסן און איז ארויסגעשפּרונגען אין גאָרטן אריין. דער אוילעם אין שטיבל האָט זיך אַ

# בעסאראביע אין 1918

לאָז געטון צום פענצטער, געריסן די אַנדערע פענצטער און געקוויטשעט:

— אַנטלויפט, ברידערלעך, מען שלאָגט!...

די סאָלדאטן האָבן זיך געוואָרפן אַף זיי און געפּאַכעט מיט די נאַהייקעס און געקלאַפּט איבער די גופים ווי מען קלאַפּט אויס דעם שטויב פונעם בעטגעוואנט.

רייזל איז געשטאנען אריבערגעבויגן איבערן בארמינען, איבער דער אומצעשיידבארער אוליאַנאַ און האָט קיין וואָרט ניט גערעדט. איינער פון די סאָלדאטן האָט זי בא דער האַנט אָנגעכאַפּט:

— וואו איז דיין איידעם דער דעזערטיר? דיין טאָכטער?!

רייזל האָט געשוויגן. דער סאָלדאט האָט אויפגעברענט פון רעציכע.

— נאַ! — האָט ער איר אַ פייערדיקן פּאַטש איבערן פּאָנים אַראָפּגעלאָזט.

רייזל האָט זיך נאָך טיפער אַראָפּגעבויגן איבערן בארמינען און האָט זיך קיין ריר ניט געטון.

כאַזשינסקי האָט זיך אין דער טיר אריינגעשטעלט. ער האָט זיך די טרערן געווישט.

— קאָוועד פארן מעס!... — האָבן אים די טרערן אין האַלדז געשטיקט. — ער האָט זיך פאר דעם מעס אף די קניען אַראָפּגעלאָזט און ארויסגעלאָזט אַ שווער כריפּען און אַ שוידערלעך געוויין.

דער סאָלדאַט האָט דאָס היטל אויסגעטון און זיך פרום איבערגעצייכנט. ער האָט אַ צעשטרייטן קוק געטון צום בארמינען און האָט זיך הינטערוויילעכעס פונעם שטיבל ארויסגערוקט.

ס'איז געוואָרן שטיל. די ביילעוועגע ליכט האָבן זיך גענומען טוקן און לעשן. דער רויך, אַ געדיכטער און אַ שווערער, האָט דעם אָטעם געשטיקט. כאַזשינסקי האָט זיך אויפגעהויבן, האָט פּאַרזיכטיק אָנגענומען רייזלען פאר די אַקסלען און האָט זי צוגעפירט צום סאָפעלע. זי האָט זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג און דערשלאָגן אפּן פויער אַ קוק געטון. דאָס פּאָנים, אויפגעלאָפן פונעם פּאַטש, איז געווען צעקרומט. די אויגן האָבן זיך פונעם פּאָנים קימאַט ניט ארויסגעזען. כאַזשינסקי האָט

זיך אַ געבוינגענער אין שטיבל אומגעדרייט, אָנגעצונדן אַנדערע ליכט אַרום באַרמינען און קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען.

מאַנקע די מעלקערן, אַ קליינע און איינגעדאַרטע, האָט אַ גרויסן פּאַק רויטע רויזן אַרייַנגעבראַכט. זי האָט זיי אויפן באַרמינען אַרויפגעלייגט און האָט שטיל און אָנגסטלעך געוויינט און זיך געצייטלעמט:

— זאָלסט בעטן באַ גאָט, אוליאַנאַ, שוועסטערל טייערע, פאַר דייגע אַרימע ברידערלעך, די פּויערימלעך נעבעך, פאַר זשיפּוני יאָסקאַ און פאַר דער זשיפּונאַסאַ ראָזאַ!... זאָלסט פאַרשעלטן די סאָנים אונדזערע!...

אַלטער פּעלצנמאַכער מיטן ווייב האָבן זיך אַרייַנגערוקט אין שטיבל. דער פּעלצנמאַכער האָט אויסגעזען מיד, פאַרעלטערט. ער האָט זיך געווישט די טרערן פון די אויגן און שווייגנדיק לעבן רייזלען שטיין געבליבן. כאַנציע, שוין אַ פאַרוויינטע, האָט זיך גלייך צעוויינט אויפן קאָל.

כאַזשינסקי האָט אַרייַנגעבראַכט אַ טעלער מיט וואַרעמע רייז אין האָניק געקאָכט און האָט אויפן טיש אַוועקגעשטעלט.

— עסט, מיינע פריינט, אַלין איז באַ מיר קאָשער!... וואָס הערט זיך אין גאַס, פּאַניע אַלטעריכאַ? — האָט ער זיך צו כאַנציען צוגעבויגן.

זי האָט זיך אויף די שפּיץ פינגער געשטעלט און אים אויפן אויער איינגערוימט:

— דער קליינער אונדזערער, מיט פּאַראַסקען און מיט קאַרוצאַן, זיינען סיים אויף יענער זייט, אַריבער די גרעניץ. מען האָט סיים געוואַרט אויף זיי...

— זיי פאָרן אויף דער קאָנקע און פייפן אויף דער וועלט! — האָט דער פּעלצנמאַכער אַ שמייכל געטון.

כאַנציע האָט אים מיטן פינגער אַ דראָע געטון און נאָך שטילער געזאָגט:

— קאָליאַ האָט פאַרלוירן אַן אויג. יאָסקע איז סטאַרק צעקלאַפּט. ווער ווייס צי ער וועט אויסהאַלטן...

אין באַגלייטונג פון צוויי זשאַנדאַרן, איז דער קאָמענדאַנט אַרייַנגעקומען אין שטיבל. שטיל, אָן ראַש, האָט ער זיך ווי אַ פּאַטיינע הונט אַרומגעקוקט. זיי האָבן די היטלען אַראָפּגענומען און זיך איבערגעצייטלעמט.

# בעסאראביע אין 1918

דער קאָמענדאנט האָט אַ נעם געטון בא איינעם פון די זשאנדארן אַ גרויסע טעקע און זיך באַם טישל אוועקגעזעצט. ער האָט צעשפּרייט די פּאַפּירן אפן טיש און זיך אָנגערופן:

— קיינער זאָל ניט ארויסגיין פון שטוב ביז נאָך דער אויספאָרשונג!

די אָנוועזנדיקע האָבן זיך שווייגנדיק אָנגעקוקט און אַ טויטשרעק איז זיי באַפאַלן. אַ טיפע שטילקייט האָט געהערשט. בלויז דאָס קנאַקן און דאָס צאַנקען פון די ליכט האָט ניט אויפגעהערט.

דער קאָמענדאנט האָט זיך געשטעלט איבערן בארמינען און שפּאָ־טיש מיטן קאָפּ געשאָקלט:

— אָך, ווען זי לעבט נאָך איצט!

רייזל האָט געפּרוּווט די אויגן אויפמאַכן. זי האָט זיך אויפגעזעצט. אַ מאָדנע קראַפט, דער הייפעך פון איר פּלוצימדיקער מידקייט, האָט זי ארומגעכאַפּט. איר אויסגעפּאַטשטע פּארלאָפן פּאָנים האָט זיך צעבליט מיט אַ ברענענדיקער רויטקייט. זי האָט אַ קוק געטון צום קאָמענדאנט.

— אָך, דאָס זיינט איר, הער קאָמענדאנט; דערזעלבער, דאכט זיך, וואָס האָט מיין יאָסקען מיט די פיס געטראָטן... און זי, מיין אוליאנאָן, אויך מיט די פיס געטראָטן... איצט קומט איר מאָנען געשבן?!... — זי האָט זיך פונעם אָרט אַ ריס געטון, געוואָלט זיך אַ לאָז טון צום קאָמענ־דאנט, נאָר אנשטאט דעם איז זי מאַכטלאָז צו אוילאנאָן צוגעפאַלן.

— אוליאנאַ טייערע, מיר קענען זיי גאָרנישט טון אונדזערע באַשי־צער!... נאָר קומען וועט אַף זיי אַ צייט!...

אַלע אין שטוב זיינען פון דעם געשריי ווי פּארגליווערט געוואָרן. נאָר אין די אויערן באַ אַלעמען איז לעבן געבליבן דער געשריי:

— קומען וועט אַף זיי אַ צייט!

---

# דרוק פעלערן

| זייט | שורע | עס איז געשריבן | דארף געלעזט ווערן |
|---|---|---|---|
| 19 | 27 | שוי | שוין |
| 45 | 7 | געשוועפן | געזעסן |
| 53 | 4 | שטאפט | שנאפט |
| 60 | 25 | געשאנען | געשטאנען |
| 71 | 18 | בינלעך | בינטלעך |
| 72 | 22 | געשלאָטן | געשאָלטן |
| 103 | 23 | ד רעשפאַנישער | דער שפּאַנישער |
| 110 | 18 | מעם | עמעס |
| 115 | 3 | צווי" | צווייטן |
| 133 | 15 | רן,י | דו, |
| 136 | 2 | ווע | וועט |
| 137 | 21 | נורן | ווערן |
| 140 | 6 | נאָך | נאָז |
| 141 | 14 | אָבער | אָדער |
| 143 | 20 | דערצייט | דערציילט |
| 156 | 10 | קימין | קומען |
| 155 | 10 | אָנגנעומען | אָנגענומען |
| 164 | 21 | מינטשן | מענטשן |
| 189 | 29 | בי | ביז |
| 194 | 1 | ביודעש | כוידעש |
| 218 | 23 | (פּאַלדאטן | (סאָלדאטן |
| 221 | 5 | באַ- | בא- |
| 237 | 21 | מישינדל | מאשינדל |
| 242 | 14 | | טערט: אלץ איז איך מש-זלן!... דעם טאטן ארעס-טירט, באימלען דראעט |
| 257 | 23 | אראפגעקאנגען | אראפגעהאנגען |
| 258 | 18 | דען | דער |
| 260 | 12 | זיין | זיי |

El libro se acabó de imprimir el 18 de junio de 1940 en los Talleres Gráficos **JULIO KAUFMAN, Junín 344, Bs. Aires.**

PRINTED IN ARGENTINE